פארלאג „ארבעטער-היים", ווארשע.

זרבבל.

# בער באראכאוו

## זיין לעבען און שאפען.

ערשטער באנד.

1926.

Zerubawel: Ber Borochow, jego życie i dzieje, tom I.
Wydawnictwo „ARBETER-HEIM", Warszawa.



**בער באראכאוו**

געבוירען 21_יוני 1881, געשטארבען 17 דעצעמבער 1917

# פון מחבר

דער געדאַנק וועגן דער פאָרליגנדער מאָנאגראַפיע איז ביי מיר אויפגעקומען דעם 18-טען דעצעמבער 1918, אין דער ערשטער רגע, ווי איך האָב דערהאַלטען די טעלעגראַפישע ידיעה, אַז „נעכטען דעם 17-טען דעצעמבער איז באַראָכאָוו נפטר געוואָרען”.

טיף דערשיטערט דורך דער אכזריותדיגער בשורה, האָב איך זיך אינסטינקטיוו אָנגעכאַפּט אָן דער בלאַסער טרייסט: ס'מוז אָנגעשריבען ווערען דאָס בוך, אין וועלכען דער גרויסער חבר און לערער זאָל ווידער אויפלעבען ביי די טויזענטער תלמידים און די צענדליגער טויזענטער יודישע אַרבייטער, וואָס האָבען נאָך פון אים נישט געהערט און וועלען אים שוין קיין לעבעדיגען נישט זעהן.

די ערשטע מאַטעריאַלען זענען געזאַמעלט געוואָרען אויף דער הייסער מינוט אין פּאָלטאַווע ביי באָראָכאָווס יוגענט-חברים און שפּעטער, אין שמועסען ביי צענדליגער חברים און בעקאַנטע, וועלכע זענען ווען עס איז געקומען אין בערירונג מיטן לערער.

דער וויכטיגסטער און הויפּט-מקור פאַר דער מאָנאָגראַפיע זענען אָבער געווען באָראָכאָווס טעאָרעטישע און פּאָליטישע אַרבייטען בכתב און בעל-פּה און די פּערזענליכע איינדרוקען במשך דער געמיינזאַמער אַרבייט, וועלכע האָט, מיט געוויסע הפסקות, געדויערט העכער 12 יאָר.

די ערשטע 5 דרוק-בויגען זענען שוין געווען פאַרטיג אין זאָץ נאָך אין יאָר 1919. אבער פאַרשידענע פּערזענליכע און הויפּטזעכליך געזעלשאַפטליכע מניעות האָבען איבערגעריסען די אַרבייט און ערשט איצט, מיט 6 יאָר שפּעטער איז געלונגען צו פאַרענדיגען דעם ערשטען באַנד.

איך ווייס, אַ סאַך מאָמענטען זענען דורכגעלאָזען, נישט אַלע פּאַסירונגען אין באָראָכאָווס לעבען זענען אין בוך גענוג בולט אַרויסגעבראַכט און געהעריג בעלויכטען. ס'האָבען געפעלט מאַטעריאַלען, דאקומענטען, נישט געווען די פּאַסיגע אַטמאָספער פאַר רוהיגער גריגטליכער אַרבייט. איך וועל מיט אמת'ער דאַנקבאַרקייט אויפנעמען יעדע אָנווייזונג און זי אויסבעסערען אין דער נאָענסטער אויפלאַגע, וועלכע ווער זיכער קומען.

דער צווייטער באַנד וועט אַרומנעמען באַראַכאָווס פּילזייטיגע וויסנשאַפטליכע און פּאָליטישע אַרבייט אין ווין (1908–1914), זיין איבערגאַנג צו יודיש־פאָרשונג, דעם אַמעריקאַנעם פּעריאָד, דאַן דעם אומקער קיין רוסלאַנד און זיינע לעצטע טעג און אוקראַינע.

איך וויל האָפן, אַז דער צווייטער באַנד וועט האָבן אַ בעסערן מזל, ווי דער ערשטער און וועט אויף זיך נישט לאָזן אַזוי לאַנג וואַרטן. די אָרטאָגראַפיע פונם בוך איז צוליב טעכנישע סיבות געבליבן די, ביי וועלכער מען האָט זיך אין פוילן געהאַלטן מיט 6 יאָר צוריק, פּשוט דערפאַר, וואָס אַ העלפט פונם בוך איז געדרוקט פון מאַטריצן.

ביי דער געלעגנהייט דריק איך אויס מיין האַרציגסטן דאַנק אַלע חברים און פריינט, וואָס האָבן מיר מיטגעהאָלפן מיט ידיעות און מאַטעריאַלן ביי דער אַרבייט און בפרט אַ אויפריכטיגן יישר כח דעם חבר משה מענאַכאָווסקי, וואָס אַ דאַנק אים און זיין טרייער חברישער הילף ערשיינט דאָס בוך, הגם פאַרשפּעטיגט, אין זיין איצטיגער אויסגאַבע.

גרבגל

יאַנואַר 1926

# I

בער באָראָכאָוו, דער קינפטיגער „פּאָלטאַווער גאון”, ווי ער האָט אַ צייט לאַנג גע׳שמ׳ט אין די ווייטע יודישע אַרבייטער-קרייזען פון ליטע און וואָלין, האָט דערזען די ליכטיגע וועלט זונטאָג דעם 21 יוני 1881 (כ׳ תמוז, תרמ״א) אין שטעטעל זאָלאָטאָנאָשי פּאָלטאַווער גובערניע, אין סאַמע האַרץ פון אוקראַינע.

די ערשטע איינדרוקען האָט ער געקריגען פון די קליינע איינפאַכע פויערישע כאַטעס, פון די אין גינגאָלד און פורפור געשפּינטע אוקראַינישע פאַרנאַכטען, פון די ביז ווייטאג האַרציגע, מעלאַנכאָלישע און בענקענדע, אָדער זאָרגלאָזע, ביז הפקרות פרייע מאַלאָראָסישע לידער. אַ קורצע צייט האָט די פאמיליע באָראָכאָוו פאַרבראַכט אין זאָלאָטאָנאָשי און זיך אומגעקערט צוריק אין פּאָלטאַווע, וואו זי האָט פריער געוואוינט און וואו ס׳איז אויך דורכגעגאַנגען באָראָכאָוו׳ס קינדהייט און יוגענט.

פּאָלטאַווע, הגם אַ גובערניאַלער צענטער, איז נאָך צו יענער צייט געווען אַ גאַנץ קליינע פּראָווינץ-שטאָט, וואָס האָט געציילט קנאַפּע 50 טויזענט איינוואוינער, פון זיי בלויז אַן ערך 8 טויזענט יודישע נפשות. מיט קיין אייגענער שטאַרק אַנטוויקעלטער אינדוסטריע האָט זיך פּאָלטאַווע בכלל נישט אויסגעצייכענט, און נאַטירליך זענען אירע יודען ס׳רוב געווען בעשעפטיגט ביים מסחר און פאַרמיטלערײַ; אַ נישטיגער פּראָצענט איז בעשטאַנען פון בעלי-מלאכות און אַרבייטער. קיין אייגענטליכער יודישער קולטור-לעבען האט דאָ נישט געקאנט געמאָלט זיין. דערפאַר אָבער איז פּאָלטאַווע, צוליב איר בעשיידענקייט און אָפּגעריסענקייט פון קאָכיגען רוסישען פּאָליטישען לעבען, געוואָרען אַ צענטער, וואו ס׳האָבען זיך אויסגעזוכט אַ מקום-מנוחה פאַרשידענע צוריקגעקערטע פּאָליטישע פאַרשיקטע, ווי דער בעוואוסטער רוסישער שרייבער וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, מאַרטאָוו און אנד. די דאָזיגע פּאָליטישע טוער האָבען שטאַרק משפיע געווען דעם גייסטיגען, געזעלשאַפטליכען לעבען פון פּאָלטאַווע, צוגעצויגען צו זיך די יוגענט און גענומען אַן אנטייל אין פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע אונטערנעמונגען, פאַרוואַנדלענדיג די שטילע בע׳חנ׳טע מאַלאָראָסישע שטאָט אין אַ קולטור-צענטער, וואו מוחות האָבען זיך געשאַרפט, די אויגען געלאַנצט מיטן פלעמעל פון קאַמפּס-לוסט, און דאָס יוגענטליכע האַרץ האָט זיך האַסטיגער בעוועגט פון שטאַרקען אינערליכען בעגער עפּיס אויפצוטון...

פֿאַרשטייט זיך, אַז די יודישע מער פֿאַרמעגליכע בעפֿעלקע-
רונג האָט זיך לייכט אונטערגעגעבען די אַסימילירונגס-טענדענצען.
אמת, אין די אָרימע גאַסען און הייזער האָט מען גערעט גאַנץ
געשמאַק יודיש; איז עס געווען אָבער דער ספּעציפֿישער רוסיפֿי-
צירטער זשאַרגאָן פֿון „האַלב דייטש׳ש, פּאָלאָווינאַ רייסיש”, אַ מאָדנער
יודיש לשון, איבערגעמישט מיט עכטע, פֿאָלקסטימליכע רוסישע און
מאַלאָראָסישע אויסדריקען און ווערטער. און ווען עמיצער פֿון דער
יוגענט האָט זיך געוואָלט אויסצייכענען מיט זיין אינטעליגענטישקייט
און דערוויזען בפּועל ממש, אַז ער איז „צו לייטען גלייך”, פֿלעגט
ער, נאַטירליך, קיין זשאַרגאָן כּלל נישט בענוצען און מאַטערן זיך
צו רעדען דוקא רוסיש. נישט נור די גבירים און מער פֿאַרמעג-
ליכע, אָנגעזעהענע בעלי בתּים האָבען געשיקט זייערע קינדער אין
גימנאַזיע און רעאַל-שולע, נאָר אויך האָרעפּאַשנע עלטערען, פּשוטע
אָרימע בעלי-מלאכות האָבען פֿון דאָס לעצטע אָפּגעשפּאָרט, אַבי
פֿון די קינדער אַ „תּכלית מאַכען” און זיי אין גימנאַזיע אַריינקרי-
גען. דערביי האָט, אמת, אַ גרויסע ראָלע געשפּילט די פֿראַגע פֿון
„פּראַווע” צו וואוינען אין פֿאָרען אומעטום, ווי אויך די מעגליכ-
קייט פֿון „לגאָטעס” ביים מיליטער-דינסט. ווי ס׳זאָל נישט זיין, די
קולטור-סביבה אין פּאָלטאַווע איז געווען אַ שטאַרק אַסימילירטע
רוסיפֿיקאַטאָרישע. חוץ די גימנאַזיסטען און רעאַליסטען, האָט גע-
שוויבעלט ממש מיט עקסטערנען פֿון כּל המינים, פֿון פֿאַרשידענע
עלטער און מדרגות.

ס׳האָבען זיך געמוזט גרינדען אַ גאַנצע שורה פּריוואַטע
רוסיש-יודישע שולעס, וואָס האָבען געזאָלט פֿון איין זייט אַריינע-
מען אין זיך יענע קינדער, וואָס קריגען נישט קיין פּלאַץ אין די
מלוכה׳שע שולען, פֿון דער אַנדער זייט — צוגרייטען די קינדער
צו יענע אָפֿיציעלע שולען. די „יודישקייט” פֿון אזעלכע רוסיש-יו-
דישע שולען איז בעשטאַנען אין „זאַקאָן-באָזשי” און אין לשון-
קודש. צו לשון-קודש האָט נאָך דער יודישער בעל-הבית געהאַט
אַ בעזונדער סימפּאַטיע: אדרבא, זאָל דאָס קינד וויסען עפּיס אין
די קליינע אותיות׳לעך און כאָטש קאָנען אַמאָל קדיש זאָגען. ס׳האָט
זיך געוויסערמאַסען געלאָזט פֿילען אויך די השפּעה פֿון דער חבת-
ציון-בעוועגונג. אין פּאָלטאַווע איז דעמסטמאָל געווען אַ גאַנצער
קרייז פֿון אָנגעזעהענע חובבי ציון מיט׳ן בעקאַנטען העברעישען
שריפֿטשטעלער אַלכּסנדר זיסקינד ראַבינאָוויטש און דעם שפּעטער-
דיגען ארץ-ישראל-פּעדאַגאָג מרדכי קריטשעווסקי בראש. דער קרייז
איז בעשטאַנען פֿון עטליכע העברעישע לערער און חשוב׳ע
לומדישע סוחרים. אַזאַ לערער איז אויך געווען משה באָראַכאָוו,
דער פֿאָטער פֿון בער באָראָכאָוו. אַ הייסער חובב ציון און אַ פֿלאַ-

מענדער חסיד פֿון אויפֿלעבען די העברעישע שפּראַך, האָט ער פֿאַרמאָגט אַ סך געזעלשאַפֿטליכע איניציאַטיוו און טעמפּעראַמענט און מיטגעווירקט צו שאַפֿען אין פּאַלטאַווע תּחילת די חבֿת-ציון-בעוועגונג, שפּעטער — די ציוניסטישע.

אָט אין אַזאַ סבֿיבֿה איז געוואַקסען דער קליינער באָריאַ, און שוין פֿון דער פֿריסטער קינדהייט איינגעזאַפּט אין זיך אויף אַ נאַטירליכען אופֿן הן די פּאָזיטיווע באַציהונג צו העברעיש, אַלס צום איינציגען קוואַל פֿון אונזער נאַציאָנאַלער קולטור, הן צו ציון, אַלס דעם ברען-פּונקט פֿון אַלע נאַציאָנאַלע חלומות און שטרע-בונגען.

דאָך איז דער פֿאָטער געווען צו שטאַרק פֿאַרנומען מיט דאגות פּרנסה, היות די געשעפֿטען זענען ווייט נישט געווען קיין גלענ-צענדע; דערצו איז ער געווען אַ מטופּל מיט קינדער, און אים איז אויסגעקומען גאַנץ שווער צו האָרעווען. האָט זיך דער קליינער באָריאַ כּסדר געפֿונען אונטער דער השגחה פֿון דער מוטער,—אַ זעלטען-רייכער בעגאַבטער מענש, אַ צאַרטע עמפּפֿינדליכע פֿרויען-נאַטור. דאָס לעבען איז געווען טרוקען און האַרב, אינגאַנצען די שטוב-ווירטשאַפֿט איז געלעגען אויף איר, און זי האָט פֿונדעסטוועגען דאָס בוך פֿון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט, וועלענדיג אויף אַזאַ אופֿן שטילען איר ברענענדען דורשט נאָך וויסען. און זויגענדיג נאָך די מוטער-ברוסט האָט דער קליינער באָריאַ זיך שוין צוגעוואוינט צו די מאָדנע עמודים פֿון טשערנישעווסקי און פּיסאַריעוו, זיך געשפּילט מיט די בוך-בלעטער, אָנגעפֿילטע מיט שורה׳דיגע שוואַרצע פּינטע-לעך, און פֿלעגט שוין מיט זיינע דענקערישע קורצזיכטיגע אויגעלעך זיך בעמיען אַריינדרינגען אין דעם מיין פֿון די פֿאַר אים אומבעקאַנטע צייכענס. צוזאַמען מיט׳ן העברעיש-נאַציאָנאַלען גייסט פֿון פֿאָטער האָט ער ביי די מוטער אָנגעטראָפֿען אַ שפּרודעלדיגען קוואַל פֿון רוסישער שפּראַך און קולטור.

דאָס קינד איז געווען אַ גרויסער שטיפֿער, און פֿלעגט נישט קאָנען אַ רגע איינזיצען רוהיג אויף אַן אָרט. וואָס ער האָט נור דערזעהן, בעמערקט, אָנגעטראָפֿען אויפֿ׳ן וועג, האָט אים אינטערע-סירט, געצויגען צו זיך זיין אויפֿמערקזאַמקייט, און ער האָט שוין דורכויס געמוזט אויף אַ וועלכען ס׳איז אופֿן דערגיין, וואָס דאָס איז אַזוינס. אַזוי דערציילט מען, ווי אַלס פֿינף-יאָריג קינד האָט ער בעמערקט אין הויף אַ גרוב, איז ער לאַנג דעריבער געשטאַנען און זיך געחקרנ׳ט, ווי אַזוי אַריבערצוקומען אויף דער צווייטער זייט. נאָך עטליכע נישט-געלונגענע פּרובען האָט זיך אים ענדליך איינגעגעבען איבערצושפּרונגען איבערן גרוב. איצט האָט זיך פֿאַר אים אַוועקגעשטעלט אַ נייע פֿראַגע: ווי שפּרינגט מען צוריק,

אויף *הינטען*? געפרובט אזוי שפרינגען הינטערווילעכטס, און איז נאטירליך אריינגעפאלען אין גרוב... אין א שעה שפעטער האט זיך די מוטער געכאפט, אז דאס קינד איז נישטא, האט זי גענומען זוכען, רופען—קיינער רופט זיך נישט אפ. צופעליג איז זי צוגעקומען צום גרוב און דערזעהן באריא׳ן, א צומזיק׳טען, אבער א רוהיגען, א שטילען. ער איז זיך געזעסען שטארק פארטראכט און זיך געיישוב׳ט פילאסאפיש, ווי אזוי קומט מען ארויס פון גרוב, וואו ס׳איז נישט געווען קיין לייטער. געוויינט האט ער נישט און גערופען צו הילף אויך נישט. *אליין* געוואלט זיך העלפען.

שוין צו יענער צייט האבען זיך אנגעהויבען ארויסווייזען זיינע באמת מערקווירדיגע פעהיגקייטען צו בעגרייפען שנעל א זאך, אריענטירען זיך אין בערך קאמפליצירטע לאגעס און *אליין* אויפכאפען געוויסע פיזישע געזעצען און ארויסבעקומען פון זיי זייערע לאגישע קאנסעקווענטע אויספירען. אזוי האט ער איבערראשט דעם פאטער, ווען צו זעקס יאר האט ער אליין אויסגעפונען, וואו איז מזרח און וואו מערב. שוין דענסטמאל האבען זיך אנגעהויבען ביי אים אנצוצייכענען די הויפט-שטריכען פון זיין כאראקטער, זיינע ספעציפישע נשמה-אייגענשאפטען: זעלבשטענדיגקייט אין דער האנדלונג, די נטיה צו אנאליז און קאמבינאציעס, אן פעסטקייט און אפילו איינגעשפארטקייט צוזאמען מיט א רירענדער אויפריכטיגער איינגעבוירענער גוטסקייט און צוגעלאזענקייט. א אינטערעסאנטער פאקט האט מיט אים פאסירט, ווען מ׳האט אים אנומעלטען, אלס פיצעל קינד, געבראכט צו גאסט צום פעטער אין זאלאטאנאשי. ס׳איז געווען וויעסנע-צייט, האט זיך דער פעטער מיט אים אוועקגעזעצט אין א שיפעל דורכשפאצירען אויפ׳ן טייך. האט ער אים אנגעזאגט צו זיצען רוהיג, און נישט בעוועגען זיך. אז זיי זענען אפגעפארען א היבשען מרחק פון ברעג, איז דער קליינער בארינקא אויפגעשפרונגען, געבליבען שטיין פאר׳חדוש׳ט און אנטציקט פון די פילע חאסערען, וואס האבען זיך צוגאסען ארום און ארום. דער פעטער האט זיך דערשראקען, ס׳זאל מיט׳ן קינד עפעס, חלילה, נישט פאסירען. האט ער זיך אויף אים אנגעבייזערט און געהייסען אוועקזעצען. דאס קינד איז געבליבען שטיין. דער פעטער איז געווארען אפהענטיג. אויפצוהויבען זיך האט ער מורא געהאט, ווייל דאס קינד האט געמאכט א בעוועגונג אריינצושפרינגען אין וואסער. האט ער אין ציטערניש און פחד זיך געמוזט אונטערגעבען דעם איינגעשפארטען קינד און בלויז גענומען רודערן וואס גיכער צוריק צום ברעג.

---

## II.

תחילת האָט דער פֿאָטער אַליין געלערנט מיט אים. ס'האָט זיך אָבער גיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קליינער באָריאַ קען זיך נישט בענוגענען מיט אַזאַ היימישען צופֿעליגען לערנען, און ער איז אָנגעקומען אין אַ פּריוואַטער רוסיש־יודישער שול. אויך דאָ האָט ער נישט לאַנג פֿאַרבראַכט און איז אַריבער אין גימנאַזיע. די ערשטע צייט האָט דאָס קינד נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריגס שטאַרקען חשק צום לערנען, און פֿלעגט מיט מער פֿאַרגעניגען זיך אָפּגעבען פֿאַרשידענע שטיפֿערייען און שילערשע שמד־שטיק לגבי די לערער. זיינע נאַטירליכע פֿעהיגקייטען האָבען סוף־כל־סוף גובר געווען, ער ווערט שבעל אייגער פֿון די אָנגעזעהענסטע תלמידים און ציט אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע זיינע לערער. פֿונדעסטוועגען איז ער נאָך אַלץ נישט קיין איבעריגס גרויסער בעלן אויף די טרוקענע „זובראָווקעס", און איז מותר אויף אַ סך נודנע „קאַזיאָנע" למודים, ריזיקירענדיג דורכצופֿאַלען בעת די עקזאַמענס. ער לייענט אַ סאַך, שלינגט ממש מעשה־ביכלעך און שפּאַנענדע ראָמאַנען, וואָס רייצען זיין פֿאַנטאַזיע און ציען איהם אַוועק אין אַנדערע עולמות...

זענענדיג אין'ם דריטען קלאַס, אָרגאַניזירט דער שפּעטערדיגער פּאַרטיי־פֿירער אַ מין קלאַס־רעפּובליק מיט געוויילטע פֿאַרטרעטונגס־אַנשטאַלטען און אַפֿילו מיט אַ געריכט. באָריאַ איז נאַטירליך דער אַב־בית־דין, און דער משפּט איז שטרענג און האַרב. אין רחמים בדין. פֿאַרזינדיגט זיך אַ מיטגליד פֿון דער קלאַס־רעפּובליק, ווערט ער תיכף געבראַכט פֿאַר'ן בית־דין־צדק, ס'ווערען אויסגעהערט די צדדים, אַ רגע — און דער פּסק־דין ווערט אַרויסגעטראָגען. די רעפּובליקאַנישע אָרדנונג האָט אַפֿילו געהאַט אַ גוטע פּעולה אויף די תלמידים, און דער דריטער קלאַס, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיין אָבגעשטאַנענקייט און פֿוילקייט צום לערנען, איז פּלוצים געוואָרען אַ חוזר־בתשובה. ויהי היום, טרעפֿט אַ מעשה, און דער רעפּובליקאַנישער בית־דין האָט צוגעפּסק'נט אַ זינדיגען תלמיד פֿאַר עפּעס אַן עבירה — מלקות, און תיכף טאַקי מקיים פּסק געווען. דאָס מאָל האָבען זיך די עלטערן פֿון געשטראָפֿטען תלמיד דערוואוסט וועגען דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און וועלענדיג זיך נוקם זיין פֿאַר זייער זונ'ס כבוד, האָבען זיי געמסר'ט די רעפּובליק פֿאַר'ן דירעקטאָר פֿון גימנאַזיע. ס'איז געוואָרען אַ טומעל, ס'האָט שוין געהאַלטען דערביי, באָריאַ אַלס צו אייפֿריגער רעוואָלוציאָנער זאָל אַרויספֿליען אין גאַנצען פֿון גימנאַזיע; האָבען זיך גוטע פֿריינד אַריינגעלייגט אין דער זאַך, און די גזירה איז בטל געוואָרען.

דער מוח האָט אָבער געאַרבייט, און פֿאַרמאָגענדיג אַ רייכע פֿאַנטאַזיע, וועלכע האָט אים כּסדר געמאָלען רייצענדע, כּישופֿ'ענדע בילדער, איז דער קליינער באַריאַ יעדע רגע געפֿאַלען אויף אַנדערע המצאות און אויסגעזוכט פֿאַר זיך פֿאַרשידענע פּלענער, ווי אַזוי צו פֿאַרווירקליכען דאָס, וואָס ס'האָט זיך אים צו שטאַרק איינגעבאַקען אין האַרצען. די כּסדרדיגע שמועסען וועגען ארץ-ישראל, וואָס פֿלעגען פֿאָרקומען אין דער היים אין זיין געגענוואַרט, די פֿאַרשידענע מעשיות וועגען די בילוצעס און די ערשטע קאָלאָניסטען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אינ'ם ווייט-באַהעגטען מזרח-לאַנד, בראָטען זיך אונטער די שטראַלען פֿון דער גליענדער זון, גראָבען ברונימער, אַקערען די ערד, עסען וויינטרויבען און באָקסער — דאָס אַלץ האָט אויפֿגעוועקט ביי באַריאַ'ן מחשבות און אַרויסגערופֿען ביי אים שאַרפֿע עמפּינדונגען. אויפֿ'ן וואָר און אין חלום איז ארץ-ישראל אים נאָכגעגאַנגען און אים אין גאַנצען פֿאַרשפּינט און פֿאַרפּלאָנטערט אין אירע זוניגע נעצען.

קוים האָט ער זיך עפּעס אַריינגענומען אין קאָפּ, האָט ער עס געמוזט אויספֿירען, און דער צוועלף-יאָריגער יונגעל ווערט אין מיטען דערינען נעלם פֿון דער היים אויף היבשע עטליכע וואָכען. מ'האָט אומעטום געזוכט און גענישטערט, נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבען, און די עלטערן האָבען מורא געהאַט זיך אַליין מודה צו זיין אין דעם אומגליק, וואָס האָט זיי פּאַסירט. ערשט פּלוצים בעקומט זיך אַ בריוו פֿון אָדעס פֿון זייערען אַ קרוב, און פֿון בריוו ווערען זיי געוואויר, אַז באַריאַ געפֿינט זיך ביי אָט דעם קרוב אין אָדעס, בכן זאָל מען אים קומען אָבנעמען. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז באַריאַ האָט עס ביי זיך בעשלאָסען צו אַנטלויפֿען קיין ארץ-ישראל, איז ער געקומען קיין אָדעס, שוין געהאַט זיך אַפֿילו פֿאַרגנב'עט אויפֿ'ן שיף ערגעץ צווישען די משאות. צופֿעליג האָט מ'ן אים געפֿונען אַ קורצע צייט פֿאַר'ן אָפּגיין פֿון שיף און מען האָט אים מיט בזיונות און קלעפּ אַרויסגעשליידערט אויף דער יבשה. אַ געוויסע צייט האָט ער זיך אַרומגעדרייט מיט די האַפֿען-יונגלעך, געוואָרען חבר-לאַפּ מיט די יודישע „באָסיאַקעס" פֿון דער מאָלדאַוואַנקע, אַפֿילו אָנטייל גענומען אין אַ גנבה, ביז זיין קרוב האָט אים אין גאַס אָנגעטראָפֿען, דערקענט, גענומען צו זיך און תּיכּף מודיע געווען וועגען גאַנצען ענין די עלטערן.

די גאַנצע געשיכטע האָט מען ווידער געמוזט פֿאַררייבען, כּדי עס זאָל נישט דערגיין צום דירעקטאָר פֿון גימנאַזיע, און באַריאַ האָט זיך געמוזט אויף אַ צייט אָפּזאָגען פֿון זיין פּלאַן — צו זיין אין ארץ ישראל.

אַזוי גייען דורך עטליכע יאָר. באַריאַ הויבט זיך אָן אַלץ אָפּטער

צו פֿאַרטראַכטען און אויסטוענדיג זיך פֿון דער וועלט, גיט ער זיך אָפּ די ספרים. וואָס ווייטער, פֿילט ער זיך אַלץ מער געדריקט אין די ווענט פֿון דער קאַזיאָנער גימנאַזיע און ס'ווערט אים נמאס צו שלעפּען אויף זיך די לאַסט פֿון די קאַזיאָנע למודים. היפּערט ער איבער אַלץ מער שעה'ן, לאָזט דורך לעקציעס, און גיט זיך אָפּ מער מיט זעלבסטבילדונג. ער לייענט אָן א שיר. צוליב פֿאַרשידע-נע מחברים לערנט ער זיך אויס שפּראַכען. ער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט סאָציאָלאָגיע, אָבער נאָך מער מיט פֿילאָסאָפיע. אין דער הינזיכט ווירקט אויף אים אָן א שום ספק די געשאַפֿענע קולטור-סביבה אין פּאָלטאַווע, וואו ס'זענען כסדר איינגעאָרדענט געוואָרען אונלעגאַלע גרעסערע און קלענערע פֿאַרזאַמלונגען און דיסקוסיאָנס-אָווענטען, וואו די יוגענט האָט ערנסט געלייענט און זיך געלערנט דענקען.

ס'קומט צו פֿאָרען דער בעוואוסטער רוסישער פֿילאָסאָף לעסיעוויטש, און אויף זיינעם א רעפֿעראַט טרעט אַרויס דער יונ-גער באָראָכאָוו און שטעלט אים א שורה שאלות. די טיפֿקייט פֿון די פֿראַגען, די קלאָרקייט און אָריגינעלקייט פֿון זייער פֿאָרמולירונג האָבען לעסיעוויטשען פֿאַראינטערעסירט און ער ציט די אויפֿמערק-זאַמקייט פֿון די קולטור-טוער אין פּאָלטאַווע אויפֿ'ן יונגען באָ-ראָכאָוו און פֿאַרלאַנגט, זיי זאָלען אַכטונג געבען אויף אים און אים מיטהעלפֿען אין זיין אַנטוויקלונג.

א כאַראַקטעריסטישער פֿאַקט פּאַסירט מיט'ן יונגען באָראָכאָוו אין גימנאַזיע. ער האָט זיך שוין צו דער צייט אַליין גוט אויסגע-לערנט דייטש און זיך פֿאַרטיפֿט אין די ווערק פֿון קאַנט, העגעל און שפּעטער מאַרקס. פֿאַרשטייט זיך, אַז די „דייטשע" שעה'ן אין קלאַס האָבען אים נישט אינטערעסירט. דער לערער פֿון דייטש האָט בעמערקט, אַז באָראָכאָוו הערט זיך גאָרנישט צו צום שיעור און עוסק'ט זיך בעת מעשה מיט עפּיס אונטער'ן שול-טישעל. האָט ער אים איינמאָל צוגעהיט, און ווען דער גימנאַזיסט איז גע-ווען שטאַרק פֿאַרטון אין זיין „שפּיל", האָט זיך דער לערער אונ-טערגעגנב'ט און אים געפּאַקט ביי דער עבירה... צו זיין גרויס פֿאַר-וואונדערונג האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דאָס שפּילצייג איז א דייטשער בוך פֿון קאַרל מאַרקס.

— וואָס טוסטו דאָ מיט'ן בוך, האָט ער זיך צובייזערט אויפֿ'ן יונגען גימנאַזיסט, פֿאַרשטייסט דען אין אים עפּעס?

— יאָ, האָט יענער דרייסט געענטפֿערט, איך פֿאַרשטיי אַלץ...

— א נו, אדרבא, לייען און פֿאַרטייטש!

האָט באָראָכאָוו גענומען פּסוק נאָך פּסוק צו פֿאַרטייטשען און מסביר זיין דעם האַרבען מאַרקס, אַז דער לערער, נעבעך, אַליין

אַ קנאַפּער מבין אויף אַזעלכע איידעלע ענינים, האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערען. פון דאַן אָן האָט ער בעפרייט באָראָכאָוו'ן פון צו בעזוכען די שעה'ן פון דייטש.

פונקט אַזוי האָט זיך באָראָכאָוו אויסגעלערנט צו לייענען און פאַרשטיין גוט לאַטיין, גריכיש, פראַנצויזיש, ענגליש און... סאַנסקריטיש. מ'דערציילט, אַז דער לערער פון סאַנסקריטיש האָט פאַר'ן טויט אָנגעזאָגט אַלס צוואה, אַז זיין סאַנסקריטישען ווערטערבוך, אַ יקר-המציאות, זאָל מען איבערגעבען באָראָכאָוו'ן, ווייל ער איז דער איינציגער תלמיד, וואָס וועט פון אים אַ פעולה האָבען.

אַזוי דערציילט מען אויך, אַז ספּינאָזאַ'ס „עטיק" אין אָריגינאַל האָט זיך אין פאָלטאַווע געפונען בלויז איין איינציגער עקזעמפּלאַר ביים בעקאַנטען „איסקראָוויעץ" ברוך סטאָלפּנער; כדי צו קריגען דעם ספר צום איבערלייענען האָט באָראָכאָוו געמוזט מרוצה ווערען קומען טאָג-טעגליך נאָך איין בלעטעל... און ער האָט דעם נסיון אויסגעהאַלטען. אַזוי אַרום האָט ער אויך געמוזט זיך בענוצען מיט שמד-שטיק, אום אַרויסצובעקומען די ספרים פון אַגיוסט קאָנט פון דער פּאָלטאַווער געזעלשאַפטליכער ביבליאָטעק, וועלכע האָט זיי פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט אַרויסגעבען צוהיים.

באָראָכאָוו האָט זיך נישט אָבגעשטעלט פאַר קיינע שוועריגקייטען און מיטלען, אַבי צו בערייכערן זיינע ידיעות און קענטענישען. און באמת האָט ער צו 18—19 יאָר שוין געהאַט אַ שם הן דורך זיינע פענאָמענאַלע פעהיגקייטען, הן צוליב זיין קאָלאָסאַלער ערודיציע, און הן צוליב זיינע אומגעהויערע שפּראַךקענטענישען.

---

## III.

אַ פעסט-געבויטער, ברייט-ביינערדיגער האָט באָראָכאָוו פאַרמאָגט מאָדנע אומגעלומפּערטע, קאַנטיגע בעוועגונגען. שטענדיג פאַרטראַכט און פאַרטיפט אין אַ וועלכען עס איז ענין, האָט ער ווייניג-וואָס אַכט געלייגט אויף זיך גופא, אויף זיין אויסזעהן, הילוך, בענעמונג. אַ פאַרוואַקסענער מיט גערדיכטע געקרייזעלטע האָר, שטענדיג אין אַ בלויער בלוזקע, מיט'ן קאָלנער פאַרשפּילעט אויף אַ זייט, פלעגט ער אָפט אומגיין אין גאַס און לייענען, האַלטענדיג אין האַנט אַ הערינג און אונטערען אָרעם אַ לאַבען ברויט. ער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט'ן טראַגישען, טיפזיניגען, פּאַראַדאָקסאַלען און גאונישען פרידריך ניטשע. ער האָט איהם ליב געקריגען און זיך אים איינגאַנצען אָפּגעגעבען. ער האָט אַלע זיינע ווערק געוואוסט אויסווענדיג, ווי, אגב, פילע ווערק פון

אַ סך אַנדערע דענקער. ניטשעס „אויבער-מענש" איז פֿאַר אים געוואָרען דער פּראָטאָטיפּ און סימבאָל פֿון דער צוקונפֿטיגער שיינער, אידעאַלער, קריסטאַל-ריינער מענשהייט, און ער האָט זיך אַליין אַ געוויסע צייט אויפֿגעפֿירט אַזוי, ווי ער וואָלט געוואָלט איינפֿלאַנצען און ערציהען ביי זיך די מדות, מיט וועלכע עס צייכענט זיך אויס ניטשעס העלד. און באמת האָט ניטשע געהאַט אַ גוואַלטיגע השפּעה נישט נור אויף זיין אופֿן פֿון דענקען און וועלט-אויפֿפֿאַסונג, נאָר טאַקי אויך, נישט ווייניגער, אויף זיינע טאָג-טעגליכע געוואוינהייטען און פּראַקטישען בענעמען זיך מיט מענשען.

ס'איז אין אים געווען עפּעס ריטערליכעס, נאָבעלעס, אַריסטאָקראַטישעס. דורך און דורך אַ דעמאָקראַט פֿון נאַטור, אַ גוטער ברודער, וואָס האָט געקאָנט ממש די לעצטע העמד אָפּגעבען דעם חבר, זענען גלייכצייטיג ביי אים געווען אַזעלכע שטריכען, וואָס האָבען אים געשטעלט העכער מיט עטליכע קעפּ פֿון זיינע חברים און בעצייכענט אים מיט'ן שטעמפּעל פֿון אויסדערוויילטקייט. דערביי איז ער תמיד געבליבען בעשיידען און שעמעוודיג. זיינע ערשטע אַרויסטרעטונגען זענען פֿאָרגעקומען אויף די דיסקוסיאָנס-אָוונטען, וועלכע פֿלעגען גאַנץ אָפֿט איינגעאָרדענט געוואָרען אונלעגאַל אין די הייזער פֿון פֿאַרשידענע ליבעראַלע גבירים, אַדוואָקאַטען און דאָקטוירים. די ערשטע צייט האָט זיך דער עולם אויף אים אַפֿילו נישט אומגעקוקט. זיין אויסערליכקייט, זיין אָפּגעלאָזענקייט האָט נישט געוועקט קיין צוטרוי, אין זיין אויפֿטרעטען האָט געפֿעלט די געוויינליכע פֿאַרריסענקייט, דער חוצפּה'דיגער טאָן פֿון דעם הדיוט. ער פֿלעגט אָנהויבען פֿון שטעלען פֿראַגען. כדי די פֿראַגען זאָלען קלאָר ווערען, פֿלעגט ער זיי מוזען בעגרינדען; דערביי האָט ער געמוזט אַוועקגיין אַביסעל אָן אַ זייט, מסביר זיין דעם ענין, ברענגען אַ ראיה פֿון איין אָרט און אָפּפֿרעגען פֿון אַ צווייטען אָרט. ביני לביני, און דער גאַנצער זאַל ווערט צוגעשמידט צום רעדנער, שלינגט זיינע ווערטער און פֿאָלגט אים נאָך אין די פֿאַרלעגטע וועגען פֿון זיין פֿילאָסאָפֿישען געדאַנק. די פֿאָרם איז נאָך ביי אים געווען אַ שוואַכע, די רעדנער-טעכניק — אַ נאָכלאָזיגע; דערפֿאַר האָט ער פֿאַרמאָגט אַ רייכע, זאַפֿטיגע און קערנדיגע רוסישע שפּראַך, אַ שאַרפֿען סאַרקאַזם און דאָס וויכטיגסטע — ער איז געווען אַ לעבעדיגע ענציקלאָפּעדיע.

ביסלעכווייז ווערט ער די צענטראַלע פֿיגור צווישען דער אינטעליגענטער יוגענט פֿון פּאָלטאַווע; מען הערט אים שוין אויס נישט בלויז אַלס חבר, נאָר אַלס לערער. עס שאַפֿט זיך אַ באָראָכאָוו-קרייז, וואו ער לייענט רעפֿעראַטען איבער די פֿאַרשידענסטע

טעמעס. ס'מערען זיך זיינע פילאָסאָפישע אָנהענגער און חסידים. יעדעס מאָל, ווען עס טרעט אַרויס אַן אָנגעזעקענער גדול, וואַרפט מען זיך צו באַראָכאָוון, ער זאָל ראַטעווען די סיטואַציע און אַ־רויסטרעטען אין קאַמף פאַר די נייע פּרינציפּען און אידעען. באָ־ראָכאָוו איז נאָך צו יענער צייט נישט געווען קיין ריינער מאַרק־סיסט, די דורכדרינגענדע און אָרטיגע רעפערענטען זענען ס'רוב געווען פון אָרטאָדאָקסאַל־מאַרקסיסטישען לאַגער, איז דער קאַמף געווען אַ פאַרביטערטער און ליידענשאַפטליכער. גאַנצענע נעכט כסדר פלעגען דויערען די ויכוחים. באַראָכאָוו'ס מוח האָט זיך אין שטרייט געשאַרפט, זיינע גוואַלטיגע דיאַלעקטישע פעהיגקייטען האָ־בען זיך צובליט מיט אַ זעלטענער קראַפט, און שוין דענסטמאָל זענען אַלע געווען ערשטוינט פון זיין אומגעוויינליכער פאָלעמישער חריפות.

ער איז נישט קליינליך אין זיין פאָלעמיק, אָבער שאַרף און פאַרניכטענד; קאָן נישט פאַרטראָגען דעם טריאומפירענדען דילע־טאַנט און עם־הארץ, האָט פיינט תכלית שנאה די אויסגעטראָטענע וועגען און פאַרמעסט זיך ברייט און ווייט. סטאָלפּנער, אַ גרויסער מופלג אין פילאָסאָפיע, האָט אים אַנומעלטען אין היץ פון פאָלעמיק געוואָלט מבטל זיין אָנגוויזענדיג, אַז ער איז נאָך צו יונג פאַר פילאָסאָפישע ענינים. האָט אים באַראָכאָוו געענטפערט אַז פילאָסאָ־פיע נויטיגט זיך נישט אין באָרד און פאות, נאָר אין וויסען, אין אַנאַליטישען און קריטישען שכל. דאָס האָט ער פאַרמאָגט אין אַ גענוגענדער מאָס.

ער האָט אָנגעהויבען צו שרייבען גאַנץ פרי. די ערשטע ווערק זיינע זענען געווען אויף פילאָסאָפישע און ליטעראַריש־קריטישע טעמעס. ער האָט זייער אַ סאַך געלייענט בעלעטריסטיק און פּאָע־זיע, האָבענדיג אַליין צו זיי אַ שטיקעל שוואַכקייט. זיינע אָנגע־שריבענע מאמרים האָט ער אַ צייט לאַנג נישט געפּרובט אַפילו צו שיקען אין אַ רעדאַקציע און פלעגט זיי צושענקען זיינע חברים און חסידים. ביז צום היינטיגען טאָג געפינען זיך עטליכע אַזעלכע מאַנוסקריפטען וועגען ניטשע, וועגען איבסען'ס ווערק ביי זיינע אַמאָליגע חברים־תלמידים אין פּאָלטאַווע און אומגעגענט.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די באַראָכאָוו'ס איז געווען אַ שווערע, ס'זענען אונטערגעוואַקסען קינדער, צווישען זיי—צוויי טויב־שטומע בחורים, און באָריאַ הויבט אָן אַליין צו פאַרדינען אויפ'ן לעבען. ער שמ'ט אַלס אויסגעצייכענטער מאַטעמאַטיקער, און ער האָט גענוג לעקציעס. אָבער נישט פון אַלעמען נעמט ער געצאָלט. אדרבא, אין פּאָלטאַווע געפינען זיך אַ סאַך קינדער פון נישט פאַר־מעגליכע עלטערען, וועלכע שטרעבען צו בילדונג, און באַראָכאָוו

העלפֿט זיי אויס מיט וואָס ער קאָן. נישט גאָר, וואָס ער לערנט זיי אומזיסט, נאָר ער טיילט זיך מיט זיי אויך מיט זיינע פֿאַרדינסטען. אַבי נאָר ער זעהט, אַז דער תּלמיד לערנט מיט חשק אין האָט אַ פּעולה פֿון לערנען. די תּלמידים זענען צו אים צוגעבונדען מיט לייב און נשמה. זיי אינטערעסירט אין אים דאָס אומגעוויינליכע. עפּיס איז ער אַנדערש, ווי די געוויינליכע טרוקענע לערער, די „מענשען אין פֿוטליאַר”, לויט טשעכאָוו׳ס אויסדרוק, וואָס דאָס לערנען איז ביי זיי בלויז אַ מעכאַנישע געוואוינהייט, און זיי גופֿא זענען שוין אייגענטליך נישט מער ווי בעוועגליכע לער-מאַשינען. בּאַראַבּאַו רוקט נישט אונטער כּסדר דעם קאַזיאָנעם ספֿר, נאָר ער ווירקט דער עיקר מיט׳ן לעבעדיגען, פֿרישען וואָרט, מיט׳ן גייסט-רייכען אָריגינעלען געדאַנק; ער פֿירט מיט די תּלמידים אויספֿירליכע וויסענשאַפֿטליכע שמועסען, און פֿאַר זיי אַנטפּלעקט זיך אין איר גאַנצער אומפֿאַרשלייערטער העלקייט זיין שיינע גרויסע נשמה, און זיי גיבען זיך אונטער דעם צויבער פֿון זיין אמת-מענשליכער בענעמונג, דער השפּעה פֿון זיין נאַטירליכען, נישט-געפֿעלשטען און נישט-געקינצעלטען דעמאָקראַטיזם. ער לערנט זיי צו פֿאַרשטיין, בעגרייפֿען נישט אַזוי דעם געדרוקטען ספֿר, נאָר די גרויסע אָפֿענע וועלט, דאָס בוך פֿון לעבען. ער איז פֿאַר זיי נישט בלויז לערער, נאָר חבר, פֿריינד און וועג-ווייזער. דערביי איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זיין דעמאָקראַטיזם בעציהונג צו ניטשע דער פֿאַקט, וואָס ער פֿלעגט זיך בעזונדערס צובינדען צו יענע זיינע תּלמידים, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען אַ גרעסערע נטיה צום דייטשען פֿילאָסאָף.

מיט די תּלמידים און חברים פֿלעגט ער גיך איבערגיין אויף „דו” און ווערען אַ גוטער ברודער. ער האָט ליב געהאַט צו פֿאַרברענגען אויפֿ׳ן רוסישען סטודענטישען שטייגער. גאַנץ אָפֿט פֿלעגט מען זיך אַריינזעצען אין שיפֿלעך און זיך אַוועקלאָזען איבער דער וואָרסקלאַ, זינגענדיג פֿאַרשידענע לידער. מ׳אַרבייט פֿעסט מיט די רודערס און מ׳רוקט זיך אָפּ אַלץ ווייטער פֿון שטאָט. אַ פּאָר שעה שפּעטער שטייט מען צו צום ברעג ביים דאָרפֿעל טערעשקי, וואוהין ס׳פֿלעגען זיך צונויפֿקומען געוויינליך דער גאַנצער עולם פֿון לערנענדער יוגענט און אַרבייטער. דאָ, אין טערעשקי, ביים שיין פֿון ספּעציעל-אָנגעצונדענע פֿייערען פֿלעגען פֿאָרקומען מיטינגען, דיסקוסיעס. ווייט פֿון טערעשקי, אויפֿ׳ן וועג צום שטאָט, הן אויף דער יבשה און הן אויפֿ׳ן וואַסער, איז אויסגעשטעלט אַ וואַך, טאָמער קומט-אָן פּאָליציי. געענדיגט די פֿאַרזאַמלונג, שיט מען זיך פֿונאַנדער גרופּקעסווייז. באַראַבּאַו׳ס חברה נעמט זיך צום הוליען. כאַפּט מען אַ כּוסה, אַ צווייטע, אַ דריטע, און ס׳הילכען די מעכטיגע פֿרייע קלאַנ-

גען פון די רעוואָלוציאָנערע לידער און שפּרייטען זיך איבער די ווייט-ליגענדע פעלדער, איבער די שטיל פליסענדע וואַסערען און זאַפּען-אָן די גאַנצע לופט מיט אַ שיכּור'ענדען, קרעפטיגענדען ריח.

אויב נישט טערעשקי, איז פאַראַן דאָס יונגע וועלדעל ביים אינסטיטוט אָדער דער אַלטער „מאָנאַסטיר-וואַלד”. אויף גרינע לאָנקעס, פאַרשטעלט אינם שאָטען פון די געדיכט צונויפגערוקטע ביימער פלעגט זיך חברה אויסלעגען אין אַ עיגול. באַריאַ „זאָגט” תּורה, און זיינע תּלמידים פאַרנעמען און שלינגען יעדעס וואָרט. דערביי מאַכט מען אַ זופּ און מ'בייסט-צו.

מ'האָט צייטענווייז שטאַרק אונטערגעהונגערט, אָבער אויף די „הוליאַנקעס” האָט מען קיינמאָל נישט מותּר געווען. עפּעס זענען זיי געווען גוואַלדיג-נויטיג; זיי פלעגען מקרב זיין די חברים צווישען זיך, מאַכען אָפּענהאַרציגער און נאַטירליכער די געגענזייטיגע בעציהונגען און אָפּרייבען די אונטערשידען פון עלטער, יחוס און לאַגע. די צונג ווערט אויפגעבונדען בעת מעשה, און דער געדאַנק ווערט דרייסטער, געוואַגטער.

אין שטאָט האָט מען אַפילו שטאַרק אונטערגעמורמעלט וועגען די הוליאַנקעס, זעהענדיג אין זיי צופיל הפקרות און פאַרשייטקייט. חברה האָט זיך אָבער קנאַפּ-וואָס גערעכענט מיט דער „געזעלשאַפטליכער מיינונג”. איז מען דאָך פאָרט געווען פון די „אויסדערוויילטע”, וואָס קוקען מיט פאַראַכטונג אַראָפּ אויף די בעלי-בתּישע קליינע מענשעלעך מיט זייערע קליין-בירגערליכע „מעשטשאַנסקע” השגות און רגילות'ען.

אין די אַלע הוליאַנקעס האָט באַריאַ פאַרנומען דעם אויבען-אָן נישט נור צוליב זיינע וויסענשאַפטליכע געשפּרעכען, נאָר אויך צוליב זיינע וויצען און אַנעקדאָטען, וואָס ער האָט געוואוסט פיל צו דערציילען. דערביי האָט ער געקאָנט אַזוי האַרציג און גוטמוטיג לאַכען, אַז ער האָט זיך אינגאַנצען געטרייסעלט און זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט פון אויפריכטיגער קינדישער הנאה. אומגערן פלעגען זיך זיינע חברים און נאָענטע אָנשטעקען פון זיין שטימונג, און דאָס לעבען איז געפלאָסען לייכט און פריי...

---

# IV.

די לעצטע קלאַסען אין גימנאַזיע ווערט ער אינגאַנצען נאַכלעסיג צו די למודים; ער טוט בלויז אַ „צוליב” זיינע חברים און עלטערן, און קריכט-דורך מיט צרות די עקזאַמענס. נאַטירליך קאָן נישט זיין קיין רעד וועגען אוניווערסיטעט: צו וואָס זאָל ער פּטר'ן צייט ווידער אַמאָל אויף קאַזיאָנעם לערנען?! ער פאָרט אַריבער קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו ער דרינגט אַריין אין די אַרבייטער-



באראכאוו אין יאר 1884

קרייזען און הויבט-אָן צו אַרבעטן אין דער רוסלענדישער סאָציאַל-
דעמאָקראַטיע. ער טרעפט זיך אויך מיט איינעם, פּאָניאַטאָוו, א
מענטש מיט גרויסע פילאָסאָפישע קענטענישן און פעהיגקייטען
און ביידע פירען זיי די פּראָפּאַגאַנדע צווישען די יעקאַטערינאָסלאַ-
ווער אַרבייטער. דאָ האָט שוין באָראָכאָוו אָנגעטראָפען דעם רוסי-
שען גרויס-אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט, דאָ האָט ער דערשפּירט
דעם ריח פון אמת'ן פּאָליטישען קאַמף, דעם עכטען רעוואָלוציאָ-
נערען שאַפונגס-כאַראַקטער פון דער אַרבייט. ער פעסטיגט זיך אין
דער מאַרקסיסטישער וועלט-אָנשויאונג. ער פּאַסט זיך צו צו זיין
איינפאַכער, נישט-צוגעגרייטער אַרבייטער-אוידיטאָריע און ער בע-
שעפטיגט זיך מיט פּאָפּולאַריזאַציע. שפּעטער האָט ער נישט איין
מאָל דערהויזען, אַז ער איז א גלענצענדער פּאָפּולאַריזאַטאָר, וואָס
איז געבענטשט פון דער נאַטור מיט דער אייגענשאַפט דעם שווער-
סטען און פאַרוויקעלסטען רעיון אַרויסצוברענגען אזוי קלאָר און
בולט, אַז יעדער פשוט'ער בר-דעת זאָל אים זיין בכח תופס צו זיין.

דאָ ווייזט זיך אויך גלייך אַרויס זיין איינגעבוירענע איי-
גענשאַפט, אַז די זאַך, צו וועלכער ער גייט-צו, זאָל ער וויסען
גרינטליך און זאָל זי טון בשלימות. די צייט, וואָס ער האָט אין
יעקאַטערינאָסלאַוו פאַרבראַכט אין די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס,
האָט אין אים אויפגעוועקט דעם חוש פאַר פּאָליטישער אַקטואַליטעט,
דעם אינטערעס צו געוועהנליכער פּראַקטישער קליינליכער אַגיטאַ-
טאָרישער אַרבייט. דאָ האָט ער שוין פאַרזוכט דעם טעם אויך פון
דער צאַרישער תפיסה, און באָראָכאָוו הויבט זיך אָן צו פאַרהאַר-
טעווען אין לעבען.

ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין פחדן, נישט געציטערט
פאַר זיין הויט, אָבער שוין פון יוגענט האָט זיך אין אים אַנטוויי-
קעלט א שטאַרקער פאַראַנטוואָרטליכקייטס-געפיל. אפשר האָט עס
געשטאַמט דערפון, וואָס ער איז אזוי פרי אַוועקגעשטעלט געוואָרען
אין צענטער, ציהענדיג אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט;
אָן ספק האָבען אין דער הינזיכט אויף אים אויך א גרויסען איינ-
פלוס געהאַט לכתחילה די מוטער און שפּעטער ניטשע. בכל אופן
האָט זיך ביי אים אויסגעאַרבייט אזא אויסגערעכנטקייט, א פאָר-
זיכטיגקייט, וואָס האָט אָפט אָנגענומען ממש קאַריקאַטורע פאָרמען,
און וואָס די אמת'ע טיפערע כוונה איז געווען אָפּצוהיטען אַנדערע,
זיי זאָלען, חלילה, נישט ליידען צוליב אים, זעהן, אַז דער
הייליגער פאַר אים זאַך זאָל נישט שאַדען. ער האָט זיך בעוואוסט-
זיניג געגרייט צו זיין שפּעטערדיגען לעבען פון א קעמפער אין די
שווערע פּאָליטישע בעדינגונגען פון'ם צאַריסטישען רוסלאַנד מיט
אירע „אָכראַנקעס“ און זשאַנדאַרמעריעס. באָראָכאָוו מיל זיך צוגע-

ווינען איבערצוטראָגן ריין-פיזישע יסורים, טאָמער וועט מען אים וועו פייניגען. מאַלט ער איבער זיך עקספּערימענטען. אַ קלייניגקייט, אָבער אַ גענוג כאַראַקטעריסטישע. ער האַלט זיין האַנט אויף אַ ברענענדער ליכט, ביז ס׳הויבט-אָן צו טריפן בלוט פון דעם גע-מאַכטען וואונד. ער פאַרבייסט די ליפּען, שטשימעט-צונויף די ציין, און האַלט-אויס לאַנג. דער דאָזיגער שטאַרק קענטיגער סימן אויף דער האַנט איז שוין ביים אים פאַרבליבען אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

אויך אין יעקאַטערינאָסלאַוו גיט ער פּריוואַטע „לעקציעס" און פאַרדינט צום לעבען פון לערעריי. ער האָט אַ סאַך תלמידים און פאַרדינט גאָר נישט שלעכט. ער העלפט אָבער זיינע נויטבעדערפ-טיגע תלמידים און טיילט זיך מיט די ליידענדע חברים און בעקאַנ-טע. קומט ער דורך בדוחק. ס׳געפינען זיך דערצו אַזעלכע פיינע בריות, וואָס עקספּלאָאַטירען זיין גוטסקייט און צוגעלאָזענקייט צו מענשען און ציען פון אים אַרויס דעם לעצטען גראָשען. זיינע, טרייע תלמידים קאָנען ביי אים אין דער הינזיכט גאָרנישט פועל׳ן, ווייל ער איז שטענדיג דן יעדען לכף זכות און טייטשט-אויס די עוולות געגען אים אויף אַזאַ אופן, אַז ער אַליין קומט גאָר אַרויס דער שולדיגער.

אַזאַ טבע האָט ער שוין געהאַט, נישט צו לאָזען רעדען שלעכטס אויף אַ צווייטען און איז אַליין אין דעם באמת געווען אַ מוסטער. מ׳דערציילט וועגען אים אַזאַ פאַקט. אויף דער גאַס נאָענט צו זיין וואוינונג פלעגט אַ גויע פאַרקויפען יאָדערן צום קנאַקען וואָס ס׳איז צו יענער צייט געווען שטאַרק פאַרשפּרייט. חוץ יאָדערן האָט די גויע געהאַט צום פאַרקויף אויך בייגעל, קיכלעך, מאַנדע-לעך און שאר ירקות. זי האָט שוין געהאַט אירע שטענדיגע קונים, וועמען זי פלעגט געבען „סחורה" אויך אויף באָרג. אַזאַ שטענדי-גער קונה איז ביי איר געווען אויך באָריאַ. זעהענדיג איין מאָל ווי באָריאַ גיט דער גויע אַ גאַנצען רובעל, פרעגט אים זיין חבר:

— ווי קומסטו דאָס אָנצונעמען אויף אַ גאַנצען רובעל און נישט צאָלען די גאַנצע צייט?

ענטפערט אים באָריאַ:

— קומען קום איך איר טאַקע נישט מער, ווי פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס. נאָר די גויע האָט זיך פאַר מיר אַנומעלטען געקלאָגט, אַז אַ יוד האָט ביי איר אָנגענומען אויף צוואַנציג קאָ-פּיקעס און נישט אָפּגעגעבען. איז זי דאָך שוין אין כעס אויף אַלע יודען, ווייל זיי זענען שווינדלער. גיב איך איר איצט איבער פינף און זיבציג קאָפּיקעס, און זאָל זי, אדרבא, זעהן, אַז ס׳זענען פאַראַן אויך אַנדערע יודען, ערענטליכע...

צו יענער צייט האָט באָראָכאָוו געאַרבייט וויסענשאַפטליך,

דער עיקר אויף פֿראַגען פֿון פֿילאָסאָפֿיע און דערקענטניש-טעאָריע. ער האָט זיך שוין געקליבען צו פֿאַרעפֿענטליכען אַ ספּעציעל חערק וועגען דער דערקענטניש-טעאָריע. ער האָט געזאַמעלט אַ סאַך מאַטעריאַלען, און פּלוצים איז אים אַן אומגליק געשעהן. ווי מ'האָט דערנסטמאָל געשמועסט אין פּאָלטאַווע, האָט באָראָכאָוו אָנגע-וואָרען בערך 3000 | געדאַנקען געזאַמעלטע אין עטליכע העפֿטען. זיינע בעקאַנטע זענען געווען אויסער זיך פֿון עגמת נפש. באָראָ-כאָוו אַליין האָט זיך נישט גענומען שטאַרק צום האַרצען זיין אבידה. נישקשה, קיין בייז נישט. ס'וועט בלויז אויסקומען אָנצושטרענגען דעם זכּרון און דערמאָנען זיך די פֿאַרלאָרענע געדאַנקען. אַזוי איז טאַקי געווען. באָראָכאָוו האָט פֿאַרמאָגט אַ פֿענאָמענאַלען זכּרון, און אָפּט, וויסענדיג זיין אייגענע צוטראָגענקייט, אָדער וואָס נאָך אָפּטער, נישט האָבענדיג קיין מעגליכקייט צו קריגען אויף שטענדיג מערקווירדיגע, זעלטענע אָדער צו טייערע ספרים, פֿלעגט ער זיי אויסלערנען אויף אויסווענדיג. פּונקט ווי אַן אמת'ער עלוי און מתמיד פֿלעגט ער ציטירען אויפֿ'ן זכּרון גאַנצע עמודים פֿון די האַרבסטע סוגיות ביי העגעל אָדער מאַרקס און פֿלעגט זיך גע-וועגליך וויצלען איבער זיינע אָפּאָנענטען, וואָס נישט זעענדיג אים שטאַנד אַריינצובעקומען זייער גאַנצע וויסענשאַפֿט צו זיך אין קליינטשינקען מח, קומען זיי אויף זיינע פֿאַרלעזונגען אָנגעלאָדענע מיט ביכער און פּאַפּירלעך פֿאַרשריבענע מיט ציטאַטען און ציפֿערן.

דאָך פֿילט זיך באָראָכאָוו נישט אין גאַנצען בעפֿרידיגט פֿון זיין פּאַרטיי-טעטיגקייט. קודם-כּל איז די אוידיטאָריע פֿאַר אים צו קליין און גיט אים נישט די מעגליכקייט פֿונאַנדערצוויקלען אַלע זיינע כּחות. דער אויפֿגעוועקטער פּאָליטישער חוש שלעפּט אים פֿון זיין וויסענשאַפֿטליכען צימער און פֿון דער קליינליכער אַרבייט אין די פּראָפּאַגאַנדיסטען-קרייזלעך. אַ אינערליכע שטימע רופֿט אים אין גאַס, אין דער ברייטער-וועלט. עס וואַקסט אין אים די זיכער-קייט, אַז ער האָט און וועט עפּעס אייגענס גרויסעס אויפֿטון. דאָ, אין יעקאַטאָרינאָסלאַוו, ביי די גרויסע פֿאַבריקען און זאַוואָדען, וואו ער האָט זיך בעגעגענט פּנים אל פּנים מיט דעם פּראָלע-טאַריאַט, וואָס „אויב ער וויל, שטייען אַלע רעדער שטיל", האָבען זיך ביי באָראָכאָוו'ן אויך אויפֿגעעפֿענט לאַנגזאַם אָבער כּסדר די אויגען אויף דעם אומנאָרמאַלען בוי פֿונ'ם יודישען ווירטשאַפֿט-ליכען אָרגאַניזם, און ביסלעכווייז, אָבער אַלץ איינגע'עקשנ'טער האָט זיך פֿאַר אים אַרויסגערוקט די פֿאַרשאָלטענע מאָנענדע יודישע פֿראַגע. נאַטירליך איז ער צו איר תּיכּף צוגעגאַנגען מיט'ן וויסענ-שאַפֿטליכען מעטאָד און זיך גענומען דערגרונטעווען אירע טיפֿע-רע סיבות, זוכענדיג אַריינצובערענגען זי אין דעם קאָמפּלעקס פֿון

זיינע אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע פֿאָרמולעס. ס'איז אָבער נישט געגאַנגען. די רוסל. סאָצ.-דעמ. האָט אים נישט געגעבען קיין תשובה אויף דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע בכלל, און אַודאי האָט זי איגנאָרירט לגמרי די יודישע פֿראַגע.

„איסקראַ", דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון דער רוסל. ס. ד. אַ. פּ. רעדט גאַנץ אָפֿענהאַרציג און אומפֿאַרשעמט וועגען דעם, אַז יודען דאַרפֿען און וועלען זיך אַסימילירען. דאָס איז לגבי איר די איינציגע ריכטיגע תרופֿה פֿאַר די יודישע ליידען. וועגען דעם שרייבט דוקא איינער, וואָס חתמ'עט זיך „אַ יוד". אַ סימן, אַז די יודען אַליין ווילען זיך אַסימילירען. דער נאַציאָנאַליזם איז אַ בירגערליכע אויסטראַכטעניש, און אַפֿילו דער „בונד", וואָס ווייס נאָך צו יענער צייט כּלל נישט פֿון קלאָר-פֿאָרמולירטע נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען, וואָס רעדט נאָך דערווייל בלויז וועגען טעכניש-אָרגאַניזאַטאָרישע טעמים, צוליב וועלכע ס'דאַרף עקזיסטירען אַ בעזונדערע אָרגאַניזאַציע פֿון יודישען פּראָלעטאַריאַט, אַפֿילו דער „בונד" ווערט בעהאַנדעלט שטיפֿמוטערליך, און פּלעכאַנאָוו שיקט-צו אים זיינע גיפֿטיגע סאַרקאַסטישע פֿיילען.

די לאַגע פֿון די יודען ווערט אַלץ ערגער מיט יעדען טאָג, די רדיפֿות מערען זיך, די גזירות הערען נישט אויף, די פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג איז אַן אויסגעשפּראָכען אַנטיסעמיטישע, וועלכע וויל עוקר מן השורש זיין די יודען אַפֿילו אין תחום. פּלעוועס פּאָליטיק איז אין איר בלי-פּעריאָד, דער בעסאַראַבער העלד פּאַוואָלאַקי קרושעוואַן רופֿט אָפֿען צו יודישע שחיטות, און ענדליך בּרעכט-אויס דער פּאָגראָם אין קישינעוו. די רעגירונג גייט האַנט אין האַנט מיט די כוליגאַנעס און שוואַרצער מאה, די יודען פֿילען זיך נישט נור פֿיזיש, נאָר אויך מאָראַליש דערשטיקט און געפֿאַלען. וואַקסט דאָס געפֿיל פֿון פֿאַראַכטונג און עקעל צו אַזאַ לעבען, צו די בעדינגונגען, אין וועלכע ס'ווערט געבוירען אַזאַ לעבען. און די צוקונפֿט איז שוואַרץ, שטאָק-פֿינסטער, און פֿון די ליפּען פּרעסט זיך אַרויס אַ קללה צום גלות...

אין דער דאָזיגער דריקענדער יאוש-שטימונג, און דער האָפֿנונג- און אויסזיפֿטסלאָזער לאַגע קריגען אַ בעזונדער קלאַנג און בעדייטונג די לאָזונגען פֿון פּאָליטישען-ציוניזם, וועלכער רופֿט צו נאַציאָנאַלער אַקטיווקייט, איז מבטל דעם גלות און פֿאַרלאַנגט מען זאָל זיך אָפּגעבען אין גאַנצען דער אַרבייט פֿאַר'ן אויפֿבוי פֿון אַן אייגענער יודישער מלוכה.

באָראָכאָוו פֿאַרינטערעסירט זיך מיט'ן ציוניזם. עס קומט אין אים פֿאַר אַ געוויסע צייט אַ טיפֿע רעאַקציע. ער זוכט אין'ם ציוניזם אַ באַלדיגע תשובה אויף די יודישע צרות. אין דעם ערשטען

פעריאָד וויל ער אפילו בכיוון נישט איינזעהן די קלאַסען-מאָמענטען אין דער יודען-פראַגע און, מהאי טעמא, אינ'ם ציוניזם גופא. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אים איז נאָך אין אַלגעמיין נישט קלאָר די שייכות צווישען דער נאַציאָנאַלען און קלאַסען-מאָמענט. אין יעקאַטערינאָסלאַוו הערט צו דער צייט געפירט אַ ברייטע ציוניסטישע אויפקלערונגס-אַרבייט, בראש פון וועלכער עס געפינען זיך דר. שמריהו לעווין און מנחם מענדיל אוסישקין. באָראָכאָוו בעזוכט די פאַרזאַמלונגען און ווערט אַריינגעצויגען אין דער נייער סביבה. ער קומט שוין אָבער מיט זיין אייגען וואָרט, מיט דער שווערער אַרטילעריע פון זיין ערודיציע, און ער פאַרנעמט שנעל אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ צווישען די ציוניסטישע אַגיטאַטאָרען.

צו דער צייט בערך געהערט זיין ערשטער געדרוקטער אַרטיקעל „וועגען כאַראַקטער פון יודישען שכל,” וואָס איז ערשינען אינ'ם „סיאָניסטסקי-אַלמאַנאַך”, אַרויסגעגעבען פונ'ם ראַבינער אַ. פריידענבערג אין קרעמענטשוג, פּאָלטאַווער גובערניע.

---

## V.

באָראָכאָוו רייזט אַרום גאַנץ דרום-רוסלאַנד, ליטא און פוילען, טרעט אַרויס אויף די פאַרשידענסטע פאַרזאַמלונגען, וואו ער טרעפט זיך שוין צונויף מיט דער יודישער אַרבייטערשאַפט, מיט איר טאָג-טעגליכען לעבען און קאַמף. ער שטויסט זיך אָן אויף די יודישע סאָציאַליסטישע טוער הן פון בונד און הן פון די פּועלי-ציוניסטישע גרופען, וואָס האָבען זיך צו יענער צייט אָנגעהויבען פאָרמירען און וועלכע האָבען זיך נאָך נישט דיפערענצירט און צוטיילט אויף זייערע שפעטערדיגע טעריטאָריאַליסטישע און פּאַלעסטינישע ריכטונגען. דערווייל האָבען נאָךביידע ריכטונגען געלעבט בשלום אונטער איין דאַך, פירענדיג געמיינזאַם דעם קאַמף געגען דעם נאַציאָנאַלען „נייטראַליזם” פון בונד און זיין איגנאָרירען די בעזונדערהייטען און אַנאָמאַליען פון יודישען ווירטשאַפטליכן לעבען, ווי אויך דעם קאַמף געגען דער כלל-ישראל פילאָזאָפיע פונ'ם בירגערליכען ציוניזם, וואָס האָט לחלוטין געלייקענט אין דער קלאַסען-דיפערענצירונג פון דעם יודישען נאַציאָנאַלען אָרגאַניזם.

באָראָכאָוו'ן קומט אויס צו קעמפען מיט סאָציאַליסטען וועגען פראַגען פון יודישען לעבען, און ער זוכט צו פאַרטיידיגען זיין פּאָזיציע דורך פאַרשווארצען דעם „גלות”, דורך וועקען אומצוטרוי צום „פּראָגרעס.” אָן ענטפער אויף די רדיפות און צרות זעהט ער אין אַ באַלדיגער רעאַלער אַרבייט אין ארץ-ישראל. אונטער דער ווירקונג פון באָגראַטשאָוו, שפּעטערדיגען דירעקטאָר פון יקוער

גימנאַזיע, שטייט ער צו צו דער גרופּע פֿון די „נייע בילו'צעס", וועלכע פֿאַרלאַנגען אַ נייע גרויסע ווילענס־אָנשטרענגונג פֿאַר פּאַ־לעסטינאַ.

זיינע ערשטע ציוניסטישע מאמרים שטאַמען פֿון 1904 יאָר און זיין ערשטער צ י ו נ י ס ט י ש ע ר אַרטיקעל איז געדרוקט אין רוסישען ציוניסטישען זשורנאַל „יעוור. זשיזן" פֿאַר'ן חודש פֿעברואַר 1905 אונטערן טיטעל „צו די פֿראַגען פֿון דער טעאָריע פֿון ציוניזם". דער אַרטיקעל הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „מיר טאָרען נישט וואַרטען!" אַ טיפּע פּעסימיסטישע שטימונג בנוגע צו די אויסזיכטען אין גלות — איז דער גרונד־טאָן פֿון אַלע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען. באָראָכאָוו גיט אַ גלענצענדע כאַראַקטע־ריסטיק פֿון דער יודישער לאַגע, אָפּשטעלענדיג זיך אויף די הויפּט־עלעמענטען, וואָס האָבען געווירקט אין אונזער געשיכטליכער אַנטוויקלונג. ער קריטיקירט מיט גאַליגען סאַרקאַזם יענע „אָפּטי־מיסטען", וואָס לעגען אַרויף אַלע זייערע האָפֿנונגען אויפֿ'ן פּראָגרעס, וועלכער וועט אויסלייזען די גאַנצע וועלט, בתוכם אויך די יודען, פֿון אַלע צרות. ער דעקט־אויף די מאַטעריעלע ערשיינונגען פֿון גלות און ווייזט אָן אויף זיינע פּסיכאָלאָגישע רעזולטאַטען. מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט טרעט ער אַרויס געגען די אַסימילאַטאָרען, אויפֿווייזענדיג די נפֿקא־מיניה צווישען גייסטיגער און מאַטעריעלער אַסימילאַציע. ס'איז, אמת, פֿאַראַן אַ חשק ביי די הערשענדע פֿעל־קער אַסימילירען צו זיך די שוואַכערע און קלענערע פֿעלקער. דאָס איז נור אַזוי ווייט, ווי ס'איז נוגע זייער גייסטיגער פֿיזיאָגנאָ־מיע. אדרבא, זאָלען מיינע שכנים איבערנעמען מיין שפּראַך, קול־טור, מדות און מנהגים, זיין גלייך צו מיר.. אַנדערש איז עס אָבער בנוגע מאַטעריעלע גיטער און רייכטימער. דאָ וויל מען כלל נישט צולאָזען קיין שותּפים צום עסק. גייסטיגע גיטער קאָן מען אַ צווייטען ג ע ב ע ן, און דאָך בלייבען זיי ביי מיר; מאַטעריעלע מוז מען אָ פּ ג ע ב ע ן אינגאַנצען. דעריבער טרעפֿען מיר אָן כסדר מצד די אַנדערע בעמיהונגען אונז צו אַסימילירען גייסטיג, און גלייכצייטיג אונז צו פֿאַרניכטען, פֿאַרטיליגען ווירטשאַפֿטליך, עקאָ־נאָמיש. באָראָכאָוו האָט נישט קיין אַבסאָלוטען צוטרוי צום פּראָ־גרעס. עס פּראָגרעסירט דער מלאך איב'ם מענש — און אויך דער שד. אַ ראיה, די קולטורעלע ענגלאַנד און איר רויב־פּאָליטיק בנוגע די בורען; די פֿאַרייניגטע שטאַטען און זייער בעהאַנדלען די נעגערס, און די גאַנצע אונטערדריקונגס־פּאָליטיק פֿון דער קולטורעלער ציוויליזירטער וועלט בנוגע צו די שוואַכע, קליינע נאַציעס. דער קאַמף צווישען פֿאַרשידענע פֿעלקער ווערט כסדר פֿאַרשאַרפֿט. פֿאַראַן אַ חילוק צווישען דעם קאַמף, וואָס עס פֿירען צוויי נאַציעס,

זיצענדיג אויף צוויי בעזונדערע טעריטאָריעס און דעם קאַמף צווישען צוויי נאַציאָנאַלע גרופּען אויף איין און דערזעלבער טעריטאָריע.

אין דעם אַרטיקעל געפינען מיר שוין די ערשטע יסודות פון דער טעאָריע וועגען **נאַציאָנאַלער** קאָנקורענץ, הגם עס פעלט נאָך איר כאַראַקטעריסטיק לגבי פאַרשידענע **קלאַסען**. באָראָכאָוו, דער בורזשואַזער ציוניסט, שטייט נאָך אויפ'ן שטאַנדפונקט פון „אַנטאַרטונג", נישט נאָר עקאָנאָמיש, נאָר אויך פיזיש-קולטורעל. די יודען זענען אומעטום **פרעמדע**, בעזיצען נישט קיין סאָציאַלען כח, זענען אָפּגעריסען פון דער נאַטור, און זייער קיום איז אַ לופטיגער... שולדיג אין דעם איז דאָס, וואָס ס'רוב פון יודישען פאָלק איז צונויפגעשטיקט אין לענדער, וואו דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך נישט אַנטוויקעלט לאַנגזאַם, בהדרגה'דיג, נאָר פּלוצים, אויף איין מאָל האָט ער די גאַנצע ווירטשאַפט אַריינגעשלעפּט אין אַ האַסטיגען וואַסער-קעסעל. די יודען, אַלס עקאָנאָמיש שוואַכע, נישט צוגעגרייטע, האָבען זיך פאַרלאָרען און געמוזט אַם קרענקליכסטען אָנגעצערירט ווערען דורך די שינויים אינ'ם אַרומיגען עקאָנאָמישען לעבען. די יודענפיינטשאַפט בעטראַכט באָראָכאָוו נישט אַלס עקאָנאָמישע, נאָר סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע ערשיינונג. די מעגליכע ענדערונגען אין דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג רירען אָן די **רעכטליכע** אינסטיטוציעס, אָבער נישט די **געפילען**. אָפיציעל וועלען אפשר יודען קריגען רעכט, אָבער די יודענפיינטשאַפט וועט בלייבען פאַקטיש ביז ס'וועלען אין משך פון אַ לאַנגען **פּראָצעס** אָפּגעשאַפט ווערען די סיבות, וואָס האָבען זי גורם געווען. „קומט, בכן, אויס, **אַז מיר וועלען ברויכען צו וואַרטען אויף אונזער ישועה זייער לאַנג, אַזוי לאַנג, אַז פאַר דער צייט וואָלט מען געקאָנט שאַפען עטליכע יודישע מלוכות**"... די פאַרשאַרפונג פונ'ם גלות קומט פאָר גלייכצייטיג מיט דער אַנטוויקלונג פונ'ם קאַפּיטאַליזם, וואָס יאָגט זיך נאָך די יודען. און ווייל דער קאַפּיטאַליזם האַלט ביי זיין פולער פונאַנדערבליאונג, מוז קומען אַ סוף צום גלות. די איינוואַנדערונגס-לענדער וועלען פאַרמאַכט ווערען. בכל אופן וועט די קאָנצענטרירונג פון די יודען אין די נייע לענדער ברענגען צו די זעלבע רעזולטאַטען, וואָס אין די אַלטע לענדער. ווייל אויך דאָרט וועלען זיי ווערען מיט דער צייט איבעריג און, מהאי טעמא, פרעמדע. דער דאָזיגער פּראָצעס קומט פאָר מיט אַ היסטאָרישער נויטווענדיגקייט און הענגט נישט אָפּ פון בייזען ווילען פון געוויסע מלוכה-מענער. מוזען מיר פאַרגיכערן די „גסיסה פון גלות", אים דער'הרגה'נען און נישט

פאַרלענגערן זיינע לעצטע מינוטען, בעמיענדיג זיך פאַרלייכטערן די יודישע לאַגע אין די גלות-לענדער, ווערענדיג מיטגעריסען פון די שיינבאַרע חלומות וועגען עמאַנסיפּאַציע, רעלאַטיווע פּאַרבעסע-רונגען און פּראָגרעס.

באָראָכאָוו'ן קומט אויס ארויסצופּאָרען אַלס ציוניסטישער אַגיטאַטאָר פּונקט אין יענער היסטאָריש געוואָרענער תקופה, ווען ס'איז אויסגעבראָכען די גרויסע מחלוקת אין די רייען פון דער ציוניסטישער בעוועגונג אַרום דעם אוגאַנדע-פּראָיעקט. דער אַזוי-גערופענער „אוגאַנדיזם" וואָלט אפשר אַליין קיין לאַגע תקומה נישט געהאַט נאָכדעם, ווי ס'וואָלט זיך אַרויסגעוויזען די אומטויגליכקייט פון אוגאַנדאַ. אַ דאַנק דעם פּראָיעקט און אין פאַרבינדונג מיט אים איז אָבער אַרויסגעשוואומען אַ נייע אויפפאַסונג פונ'ם ציוניזם בכלל, וועלכע האָט זיך אין איר ווייטערער אַנטוויקלונג אויסגע-קריסטאַליזירט אינ'ם ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ז ם. אויפ'ן 7-טען קאָנגרעס האָט געדאַרפט פאַרקומען די אַנטשיידונג. דער קאַמף איז געפירט געוואָרען אויפ'ן גאַנצען פראָנט. ס'זענען מאָביליזירט גע-וואָרען די בעסטע כחות, די קעמפּענדע צדדים האָבען זיך אָנגע-הויבען בעצייטענס צו דיפערענצירען און אַלץ מער דערווייטערען איינער פון צווייטען. פּרינציפּיעלע טעריטאָריאַליסטען פון איין זייט, פּרינציפּיעלע פּאַלעסטינצעס, „ציוני-ציון" פון דער צווייטער זייט. אָט אין יענע לאַגע, היציגע און ליידענשאַפטליכע ויכוחים, וואו ס'איז אויסגעקומען איבערצושאַצען די ציוניסטישע ווערטען און וואו ס'האָט שוין נישט געבלענדט די אויגען נישט דער אָרעאָל פון הערצלס מאַגנעטישער פּערזענליכקייט, נישט די באַלדיגע גאולה-מעגליכקייט, וואָס איז לכתחילה געווען איינגעוועבט אינ'ם פּאָליטישען ציוניזם, — אין דעם דאָזיגען גרונטליכען היסטאָרישען קאַמף האָט זיך געלייטערט באָראָכאָוו'ס בליק אויפ'ן תוך פון יודי-שען פּראָבלעם און זיין בעציהונג צום ציוניזם.

באָראָכאָוו געפינט זיך אין די רייען פון די „ציוני ציון". אין ציוניסטישען דיסקוסיאָנס-קרייז אין פּאָלטאַווע, וואָס פלעגט זיך פאַרזאַמלען אַלע מוצאי שבת אין זעלענסקי'ס בית המדרש, האָט באָראָכאָוו געפירט דעם קאַמף פאַר'ן פּרינציפּיעלען פּאַלעסטיניזם זיינע כלי זיין זענען שוין אָבער געווען נישט די אויסגעדראָשענע ציוניסטישע ראָמאַנטיק און די נמאס געוואָרענע נאַציאָנאַליסטישע פראַזעאָלאָגיע. אין זיינע אַרויסטרעטונגען האָט זיך שוין געלאָזט שטאַרק שפּירען זיין אַלגעמיינע היסטאָריש-מאַטעריאַליסטישע וועלט-אָנשויאונג, אין וועלכער ער האָט אָבער אַריינגעבראַכט אייניגע אייגענע קאָרעקטיווען, ספּעציעל אין דער אָבשאַצונג פון די גייסטיגע און פּסיכישע עלעמענטען און זייער ראָל אין דער געשיכטע, אין וואָס

ער האָלט זיך נאָהענט צום רוסישען דענקער א. באָגדאַנאָוו. זוכט ער אינ'ם ציוניזם דעם פּסיכישען באָדען און זיין מאַטעריעלען אונטערבאָדען. ס'ווערען שוין איינגעפלאָכטען אין זיין קאָנצעפּציע די פראַגען מכח „ברויט" און „פרייהייט", ס'איז אויך פאַראַן א ווייטע פּערספּעקטיוו בנוגע דער וועלט-געשיכטליכער סיטואַציע. זיין קאַמף מאַכט אַ רושם אין שטאָט, די יוגענט איילט צו די פאַרזאַמלונגען און הערט זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם צו די וכוחים צווישען באָראָכאָוו דעם זון און באָראָכאָוו דעם פאָטער, וואָס ראַנגעלט זיך מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג געגען די שווערע וויסענשאַפט-ליכע האַרמאַטען פון זיין באָריאַ.

חברים-תלמידים, שפּעטערדיגע גרינדער פון דער פּועלי-ציוניסטישער בעוועגונג אין פּאָלטאַווע: עובדיה (י. בן-צבי אַבנר) פּלטיאל (גרינשפּון) אַדאָלף (א. אַרשאַווסקי) זענען בעזונ-דערס בעגייסטערט פון זיינע וויסענשאַפטליכע פּאָסטולאַטען פון ציוניזם און זיי שפּירען שוין אין אים דעם קינפטיגען פּאַרטיי-חבר און טעאָרעטישען פירער. באָראָכאָוו אַליין האָט שוין געוויסע סימפּאַטיעס צו די פּועלי-ציוניסטישע גרופּען, וועלכע ער האָט אָנ-געטראָפען אין פאַרשידענע ערטער, ס'ווערט שוין אפילו אויפגע-וועקט די פראַגע מכח אַ פּועלי-ציון גרופּע אין פּאָלטאַווע. ער דאַרף נאָך אָבער פאַרענדיגען זיין סינטעז צווישען סאָציאַליזם און ציוניזם, ער מוז נאָך אויסבויען די בריק צווישען קאַמף „דאָ" און שאַפען „דאָרט", ער מוז נאָך מיט בעשטימטקייט פעסטשטעלען ווער עס איז נישט נאָר דער פאַראינטערעסירטער עלעמענט אינ'ם ציוניזם, נאָר טאַקי אויך זיין אייגענטליכער, פאַקטישער און איינציגער טרעגער.

---

## VI.

אין זעלבען יאָר 1905 אין די ביכלעך פון „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן" פאַר יוני, יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער און אָקטאָבער פאַר-עפענטליכט באָראָכאָוו, אַ גרויסע אַרבייט „צו דער פראַגע וועגען ציון און אַ טעריטאָריע". ס'מערקט זיך גלייך פון אויבען אויף, אַז די לעצטע חדשים האָט באָראָכאָוו פאַרבראַכט אין אָנגע-שטרענגטער, אינטענסיווער אַרבייט, אין שטודירען גרינטליך די יודישע געשיכטע, אין סיסטעמאַטיזירען דעם רייכען טעאָרעטישען און פראַקטישען מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אָנגעזאַמעלט אויף זיי-נע אומצאָליגע אַגיטאַציאָנס-נסיעות. דאָ טרעט ער אַרויס נישט מיט אַ בחפזון צונויפגעשטעלטען און צונויפגעשטוקעוועטען בילדעל, נאָר מיט אַ גאַנצער אייגענער קאָנצעפּציע פונ'ם ציוניזם און מיט אַ ברייטער טעאָרעטישער און פראַקטישער בעגרינדונג פונ'ם פּאַלע-

סטיכיזם. הגם אויך דאָ פעלט אים נאָך זיין שפּעטערדיגער מאַניסטישער בליק אויף די פּראָבלעמען פון סאָציאַלען און נאַציאָנאַלען קאַמף.

ס'איז אַ גרונט-אונטערשיד צווישען דער סאָציאַליסטישער און ציוניסטישער בעוועגונג. די ערשטע ווערט געטריבען פון אינערליכע, אימאַנענטע אַנטוויקלונגס-כחות, די צווייטע—פון דרויסענדיגע, טראַנסצענדענטע. די לעזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע איז שוין, בכן, פאַראַן גופא אינ'ם פּראָצעס פון איר פאַרשאַרפונג און מוז קומען אַלס רעזולטאַט פון איר אַנטוויקלונג. אויף דעם יסוד אַנטשטייט אַן עוואָלוציאָנס-בעוועגונג. אַנדערש איז מיט דער יודענפראַגע, וואָס אירע אַנאָמאַליען און חולאת'ן נעמען זיך נישט פונ'ם וואוקס פון די אינערליכע יודישע כחות, נאָר פון די דרויסענדיגע שעדליכע און צושטערענדע ווירקונגען, וואָס מער יענע ווירקונגען וועלען זיך פאַרשאַרפען און אַנטוויקלען, וועלען זיי מיט זיך נישט ברענגען די געוואונשטע רפואה, נאָר אַדרבא, נאָך מער פאַרשאַרפען און פאַרגרעסערען די חולאת'ן. מוז מען וועלען מיטלען, ווי אַזוי אויסצוהיילען זיך פון זיי בכלל, פּטור ווערען פון זיי און אַוועקשטעלען זיך אין להלוטין נייע בעדינגונגען, וואו יענע שעדליכע ווירקונגען וועלען קיין שליטה נישט האָבען. די סאָציאַלע פראַגע ווערט געלעזט אויפ'ן זעלבען אָרט, וואו זי אַנטשטייט. די יודישע פראַגע קאָן געלעזט ווערען דורכויס און אויסשליסליך אין אַן אַנדער סביבה. פּאַסט באַראָכאָוו אויף דעם ציוניזם אַלס טעראַפּעווטישע בעוועגונג. די עוואָלוציאָנס-בעוועגונג נויטיגט זיך נישט אין קיין פּלאַן און דאַרף נישט דערווייזען מיט'ן בלייסטיפט אין האַנט, ווי אַזוי זי וועט איינאָרדנען די נייע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. ווייל, אמת, ס'איז פאַראַן אַ ציל, אָבער די טרייב-קראַפט, דער מאָטיוו פון דער בעוועגונג איז נישט אַזוי דאָס ציל, ווי די נאָהענטסטע טאָג-טעגליכע נויטען און בעדערפנישען. דאָס ציל וועט ממילא קומען אַלס רעזולטאַט פונ'ם בעוואוסטזיניגען קאַמף. וואָס בעוואוסטזיניגער די טוער פון דער בעוועגונג זענען, אַלץ מער וועלען זיי אפילו בעת'ן קאַמף פאַר די נאָהענטסטע דערגרייכונגען האָבען אין אויג דאָס ווייטע ציל.

די טעראַפּעווטישע בעוועגונג מוז, פאַרקערט, לויט איר עצם מהות, אויסרעכענען די מעגליכקייטען פון אַן ערפאָלג, בעצייטענס האָבען אין זינען אַלע שייכבאַרע מניעות און זיך איינריכטען אַזוי, אַז דאָס ווייטע ציל זאָל דאָך דערגרייכט ווערען, ווערט דאָס ציל שוין אויך דער איינציגער מאָטיוו פון איר פּראַקטיק. לאָזט זי נאָר אַרויס אפילו אויף איין רגע דאָס ציל פון אויג און זעהט נישט, ווי אַזוי איר קאָנקרעטער שריט דערנעהנ-

טערט זי בפועל ממש צום ציל, ווערט־אן דער דאזיגער שריט זיין גאנצען ווערט לגבי דער בעוועגונג. און היות, ווי דאס ציוניסטישע ציל געפינט זיך גאר אין אן אנדער געאגראפישען שטח און מוז ארויסוואקסען פון גאר אנדערע בעדינגונגען, איז שוין גאנץ קלאר, אז די ציוניסטישע בעוועגונג בעקומט א כאראקטער פון א אונטערנעמונג, וועלכע ארבייט לויט א געוויסען פלאן. אמת, אויך די סאציאלע אוטאפיסטען האבען זיך אנומעלטען גע'עוסקט מיט אויסארבייטען א פלאן פאר דער סאציאלער בעוועגונג, וועלכע זיי האבען בעטראכט אין א גרויסער מאס אלס אונטערנעמונג. איז טאקע אין דעם בעשטאנען זייער אוטאפיזם. דער איבערגאנג צו דער רעאלער סטאדיע פון אנטוויקלונג איז בעצייכענט געווארען דערמיט, וואס די עוואלוציאנס־בעוועגונג פארלירט לגמרי דעם כאראקטער פון אן אונטערנעמונג. אזוי ווערט איר אינ'ם „קאמוניסטישען מאניפעסט" געפינען אנגעוויזען די רעגולאטיווע צילען פון קאמף, אבער נישט קיין פלאן, ווי אזוי זיי צו רעאליזירען.

די ציוניסטישע אונטערנעמונג קאן נישט רעכענען לכתחילה אויף די ברייטע פאלקס־מאסען, ווייל קיין אגיטאציאנס־דרשות וועלען נישט בעוועגען דעם המון צו פארען דוקא אין א לאנד, וואו ס'איז נאך גארנישט צוגעגרייט. צוגרייטען דאס לאנד און דאס פאלק—דאס גופא איז אונזער אונטערנעמונג. דערביי מוז מען אונטערשטרייכען, אז פאר דער צוגרייטונג פון לאנד איז נאך מער נויטיג אן אויסגעארבייטער פלאן, ווי פאר דער צוגרייטונג פון פאלק. דאס צוגעגרייטע לאנד וועט שוין ממילא פארגיכערן דעם צוגרייטונגס־פראצעס פון פאלק. נמצא, אז אויב די צוגרייטונג פון לאנד איז טעראפעוטיש, קריגט שוין די צוגרייטונג פון פאלק מער דעם כאראקטער פון עוואלוציע. ווייל דארטען וועלען שוין אנהויבען צו ווירקען די נייע אייגענע הייל־כחות, וואס זענען, אמת, אויסגעוואקסען א דאנק דער אונטערנעמונג. די היסטארישע נויטווענדיגקייט פון ציוניזם איז לכתחילה א טראנסצענדענטישע, ווייל זיינע גאראנטיעס שטעקען נישט אינ'ם יודישען פאלק גופא און נישט אין די איזאלירונגס־כחות, וואס האבען געשאפען אונזער אומנארמאלקייט, נאר אין די ארויסגערופענע דורך דער רייף־געווארענער יודענפראגע איכות'דיג נייע כחות. כסדר ווערט אבער די היסטארישע נויטווענדיגקייט פארוואנדעלט אין א אינערליכען בעוועגענדען כח.

באראכאוו האלט נישט פון דער פלאפלעריי וועגען ציוניזם, אלס „פאלקס־בעוועגונג". ס'קלינגט שיין, אבער פאלש. אלע רעאלע אינטערעסען פונ'ם יודישען פאלק זענען דא, אין די קולטורעלע, אינדוסטריעלע לענדער פון דער דיאספארא; דאס ציל פון ציוניזם—

דאָרט. דאָס פֿאָלק מוז בלייבן קאַלט צום ציוניזם, וועלכער, אַלס אונטערנעמונג, קען האָבן צו טון בלויז מיט אידעאַליסטן, בעוואוסטזיניגע אָרגאַניזירטע פּיאָנערען. דאָ שפּירט זיך אַמשטאַרקסטן דער איינפֿלוס פֿון די „נייע בילויצעס" אויף באָראָכאָוו'ן. דער ציוניזם איז לעת-עתה אַ גרופּע-אונטערנעמונג פֿון די אוואַנגאַרד-עלעמענטן פֿון יודישן פֿאָלק. מיט דער צייט וועט ער זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ פֿאָלקס-אונטערנעמונג. נאָך שפּעטער וועט די בעוועגונג ווערען די עוואָלוציע פֿונ'ם ווידער-אויפֿגעלעבטן יודענטום. אָבער צו יענער צייט וועט שוין זיין פֿאַרענדיגט די אַנטוויקלונג פֿון ציוניזם, אַלס אַזעלכען. דערווייל, הייסט עס, פֿרעגן מיר זיך נישט ביים פֿאָלק און גייען נישט נאָך בלינד נאָך זיינע פֿאַרלאַנגען. „דאָס „פֿאָלק", זיינע 90 פּראָצ וועט גיכער אויסגיין פֿון הונגער און קעלט, איידער זיך נעמען צום שווערן פּלאַנמעסיגען שאַפֿען". אויף וויפֿיל ס'האַנדעלט זיך וועגן פֿאָלק, קוים איז דער ציוניזם אַבסאָלוט און תמיד אַ פֿאָלקס-בעוועגונג, איז קלאָר, ווי דער טאָג, אַז ער איז אַ אוטאָפּיע. די מעשה איז אָבער, וואָס דאָס „פֿאָלק" איז נישט עפּעס אַזעלכעס איינאַרטיגעס, וואָס פֿאַרמאָגט די זעלבע און אַלגעמיינע „נאַציאָנאַלע" אינטערעסען. אמת איז טאַקי, אַז די מערהייט פֿון פֿאָלק וועט זיך רירען פֿון אָרט נאָר בכדי זיך איינצואָרדנען. אָבער, אַ טייל, ווינציגע וועלען אויך גיין אויף מסירת-נפֿש. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס לגבי זיי איז אויך דער וועג, וואו ס'פֿאָדערען זיך שווערע קרבנות, די ליניע פֿון קלענערן ווידערשטאַנד. דאַרפֿן זיי, גייענדיג מיט'ן דאָזיגן וועג, שאַפֿן דאָרט, אין פּאַלעסטינאַ, די ליניע פֿון קלענערן ווידערשטאַנד פֿאַר'ן גאַנצען איבריגען המון. קומען מיר צום פּועל-יוצא, אַז אינ'ם ציוניזם, אַלס טעראַפּעווטישע בעוועגונג, שפּילט דער פּערזענליכער עלעמענט אַ געוואַלדיגע ראָלע. ס'איז נישט וויכטיג די צאָל פּיאָנערען, נאָר זייער איכות, די מדרגה פֿון זייער בעוואוסטזיניגקייט און איבערגעבענקייט.

די ציוניסטישע בעוועגונג האָט צו רעכענען אויף דער אַקטיוויקייט פֿון די אוואַנגאַרד-עלעמענטן. דער ציוניסטישער אידעאַל מוז אָבער זיין אין הסכם מיט די אינטערעסען פֿון גאַנצען פֿאָלק. פֿאַרשטייט זיך, נישט אויף וויפֿיל זיי שטאַמען פֿון די היינטיגע, אומבעשטימטע, וואַקלדיגע מאַטעריעלע לעבענס-בעדינגונגען, נאָר אויף וויפֿיל זיי האָבן אַ שייכות צו די רייף-ווערענדע טענדענצען פֿון קומענדן יודישן לעבן אין דיאַספּאָראַ. אַלס אוואַנגאַרד-עלעמענטן קאָן מען בכלל בעטראַכטן יענע עלעמענטן, וועלכע פֿילן שאַרפֿער און פֿריער, ווי אַלע אַנדערע

די פּראָגרעסירענדע איזאָלאַציע פֿון דרויסען. דער נעגאַטיווער
מאָמענט אַליין איז קנאַפּ. מען דאַרף נישט נור פֿילען די אומבאַר-
מאַלקייט פֿון יודישען לעבען און די נויטיגקייט צו פֿאַרלאָזען דעם
גלות; מען דאַרף זיך אויך קלאָר פֿאָרשטעלען דעם אופֿן פֿון דער
היילונג. מען מוז ליבען און זיך ציען צום נייעם לעבענס-אופֿן.
דער שורש פֿון דער דאָזיגער ליבע מעג שוין זיין אין די מאַטע-
ריעלע עקזיסטענץ-בעדינגונגען אַפילו נישט פֿון גאַנצען פֿאָלק, נאָר
בלויז פֿון די דאָזיגע אַוואַנגאַרד-עלעמענטען גופא.

צום ציוניסטישען אידעאַל שטעלט באָראָכאָוו אַרויס דריי
פֿאָדערונגען: א) ער זאָל אַנטשפּרעכען די רעאַלע עקזיסטענץ-בעדינ-
גונגען פֿון די ליידענדע יודישע פֿאָלקס-מאַסען; ב) ער זאָל אַנט-
שפּרעכען די רעאַלע עקזיסטענץ-בעדינגונגען פֿון די אַוואַנגאַרד-
עלעמענטען ביי יודען, ד. ה. די וואָס ווערען אַממערסטען איזאָ-
לירט און פֿילען די איזאָלאַציע; ד) ער זאָל אַנטשפּרעכען די
אָנרייפֿענדע אַנטוויקלונגס-טענדענצען פֿון גלות. שטעלט ער אויף
פֿאָלגענדע סכעמע: די יודען אין גלות זענען תמיד און אומעטום
פֿרעמדע. כל-זמן די געזעלשאַפֿטס-אָרדנונג וועט זיך אָנשפּאַרען
אויף קאָנקורענץ און אַנאַרכישע טיפּען פֿון מיטאַרבייט, וועט יעדע
געזעלשאַפֿטליכע איינהייט שטרעבען אַרויסצושטויסען די פֿרעמדע,
נישט דערלאָזענדיג זיי אויך צו נעמען אָנטייל אין פֿאַרטיילען די
מאַטעריעלע גיטער. די אַרומיגע געזעלשאַפֿט וויל פּטור ווערען
פֿון די יודען, ערשטענס, ווייל זיי בעזיצען נישט קיין סאָציאַלען
מאַטעריעלען פֿאַרמעגען, קיין טעריטאָריע, אָדער געברויכס-מאַרק.
צווייטענס, מחמת קאָנקורענץ-טעמים וויל מען אונז נישט צולאָזען
הנאה האָבען פֿונ'ם וואויל-טאָג פֿון זייער ווירטשאַפֿטליכען לעבען,
אַזוי-אַרום ווערט בעשאַפֿען דער איזאָלירענדער פֿאַקטאָר
אין דער יודישער געשיכטע. פּסיכאָלאָגיש דריקט ער זיך אויס אין
דער יודענפֿיינטשאַפֿט. זי איז נישט צוליב רעליגיעזע טעמים
און האָט נישט קיין פּערזענליכע יסודות. מ'האָט ליב דעם
יוד און פֿיינט יודען. פֿיינט נישט פֿאַר עפּיס, נאָר בכלל
סתם אַזוי, ווייל זיי זענען יודען. קיין אויסרייד איז
נישטאָ, הגם אַ סיבה איז יאָ פֿאַראַן. דער אינטעלעקטועלער
פּראָגרעס פֿון די יודענפֿיינטליכע שיכטען פֿאַרשטאַרקט נאָך ביי זיי
זייער עמאָציע. די יודען, להיפּך, ווערען מער עמפּינדליכער. אַ
דאַנק דעם פּראָגרעס וועט די פֿיינטשאַפֿט ווערען אויס דין, וועט
אָבער פֿאַרבלייבען אַ מנהג אַן איינגעוואָרצעלטער.

יודען זענען אין דער תקופה פֿון פֿעאָדאַליזם, אַלס האַנ-
דעלס-עלעמענט, געווען נוצליך פֿאַר דער אַרומיגער געזעל-
שאַפֿט. מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער בורזשואַזער ווירטשאַפֿט

הייבט זיך אָן אַ קאָנקורענץ צווישן דער וואַקסענדער אָרטיגער בורזשואַזיע און די יודען. ס'אַנטוויקעלט זיך דער באָיקאָט. יודען ווערן איבעריגע, זיי מוזען פאַרלאָזען די ערטער. מען טרייבט זיי נאָך אונטער. דער גלות איז אַ אומפאַרמיידליכער בעגלייטונגס-פּראָצעס פונ'ם קאַפּיטאַליזם. פאַראַן צוויי מינים גלות. אַ נאָרמאַלער (עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אַרויסשטויסונג) און אַ אומנאָרמאַלער (פּאָגראָמען). דעם אומנאָרמאַלען גלות קאָן מען פּאַראַליזירען געוויסערמאַסען דורכ'ן קאַמף אויפ'ן אָרט; דורכדעם ווערט אָבער פאַרשאַרפט דער נאָרמאַלער גלות, געגען וועלכען מען קאָן קעמפען נאָר דורך דעם, וואָס מ'וועט אינגאַנצען פּטור ווערען פון גלות.

אין מערב-אייראָפּע, ווען ס'האָט זיך „געפאַנגען צו אַנטוויקלען דער מאַשין-קאַפּיטאַליזם, האָט זיך געפאָדערט פולע פרייהייט פון האַנדעל און קאָנקורענץ „און די נישטיגע אין צאָל יודישע בורזשואַזיע האָט זיך רעכטליך עמאַנסיפּירט. געווירקט דערויף האָבען עקאָנאָמישע כחות, אַרויסגערופענע דורך דעם אַנטוויקלונגס-גאַנג פון דער מאַשין-ווירטשאַפט. די מאַשין, אַלס קאָנקורענץ-פאַקטאָר, רוקט פאָרויס די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג. כל-זמן זי איז דאָס פּאַטענט-פאַרמעגען פון אינדיווידועלען אייגענטימער. זי פאַרלירט אָבער מיט איין מאָל איר פּראָגרעסיווע בעדייטונג, ווי-באַלד זי ווערט דער קנין פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. זי דריקט-אַראָפּ די נאָדימע פונ'ם ריח פאַר'ן גאַנצען קלאַס קאַפּיטאַליסטען. די קרענקליכע רעזולטאַטען זענען גורם דעם אָרגאַניזירטען קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע, אין דער פאָרם פון בערזעס, טרעסטען, סינדיקאַטען, אַקציאָנס-געזעלשאַפטען, געברויכס-חברות, טרייד-יוניאָנען, אַרבייטער-בעוועגונג וכדומה. די פרייע קאָנקורענץ ווערט אַלץ מער פּאַראַליזירט, און די אינדיווידועלע קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַן אַסאָציאַציאָנס-ווירטשאַפט. די יודישע עמאַנסיפּאַציע, אַלס קינד פון דער פרייער קאָנקורענץ, ווערט-אָן איר קראַפט און זאַפט. ס'שווימט אַרויס פון ז'אָס ניי דער חילוק צווישען אייגענעם און פרעמדען, און מיר האָבען פאַר זיך דעם אָרגאַניזירטען באָיקאָט געגען יודען. די יודענפיינטשאַפט דערגרייכט די מדרגה פון זעלבסט-דערקענטעניש און ווערט מגולגל אין אַנטיסעמיטיזם.

אין מזרח אייראָפּע קומט די יודען אויס, מחמת זייער מאַסען-קאָנצענטרירונג, צו פירען אַ טאָפּעלטע קאָנקורענץ: צווישען איינאַנדער און מיט דער אָרטיגער פּויליש-ליטווישער בורזשואַזיע. אַ גרויסע מאַסע יודען איז געבליבען שטעקען אויף דער קליין-בירגערליכער מדרגה, ווייל זיי זענען געווען אָפּגעשטופּט פון אַלע

אנדערע פונקציעס. צוליב'ן פלוצים'דיגען סטיכישען אריינדרינגען פונ'ם וועלט-קאפיטאליזם אין מזרח-איראפע, האט זי איבערגעהיפערט די מאנופאקטור און אינדיווידועל-מאשין-תקופות און גלייך איבערגעשפרונגען אין דער אסאציאציאנס-מאשין-סטאדיע. זענען גרויסע מאסען פון דער ארטיגער מיטעלער בורזשואזיע אראפגעפאלען אין די רייען פון דער קליינער, און די קליינע בורזשואזיע האט מחנות-ווייז אנגעפילט די רייען פון ארבייטסלאזען פראלעטאריאט. ס'פארשארפט זיך די קאנקורענץ הן צווישען דער בורזשואזיע און הן צווישען די פראלעטאריער. יודען, בתור איבעריגע, ווערען איינגאנצען אפגעשטופט. די יודישע נאציאנאלע הוצאה וואקסט מיט'ן וואוקס פון זייערע בעדערפעניסען; זייער נאציאנאלע הכנסה ווערט פארמינערט מיט יעדען טאג, וואס מען שטופט זיי ארויס, וואס מען הערט אויף צו בעשטעלען און קויפען ביי זיי. שאפט זיך א יודישער נאציאנאלער דעפיציט. די יודישע קליין-בורזשואזיע פאסט זיך צו צו דער לאגע אויף עטליכע אופנים: 1) דורך פראלעטאריזירען זיך. איז אבער דער וועג פאר נארמאלער פראלעטאריזירונג פארשטעלט צוליב יודען-פיינטשאפט, צוליב קאנקורענץ צווישען יודען, אלס שטאטישע עלעמענטען און די אנקומענדע פויערים פון דארף, צוליב שבת און ד. גל. ווערט מען לופט-פראלעטאריער, לומפען-בורזשואזיע און פיינערע בעלי-בתים. 2) דורך פאלסיפיצירען די ווערטען, וועלכע דריקט זיך אויס אין שווינדלערייען, באנקראטען, אין אנקומען צו צדקה און וואוילטעטיגקייט. 3) דורך פארשמעלערען און בעשרענקען די בעדערפנישען, 4) דורך עמיגראציע. די לעצטע שאפט נייע יודישע מאסען-צענטרען, וועלכע ווארפען זיך אין די אויגען, רופען ווידער ארויס יודענפיינטשאפט און אנטיסעמיטיזם.

דיווירטשאפטליך-עקאנאמישע ספרונזשינעס פון גלות ווערען כסדר בידריגער און ער נעמט אן אלץ מער א נארמאלען כאראקטער. די יודען ווערען שוין בעטראכט נישט נאר אלס איבעריגע, נאר אלס שעדליכער אנטי-סאציאלער עלעמענט. דער יודישער לופט-פראלעטאריאט און לומפען-בואזשואזיע איז נוטה צו זעהן דאס גאנצע בייז פונ'ם יודישען לעבען אין מזרח-איראפע דוקא אין די ערשיינונגען פון אומנארמאלען גלות. דופען זיי שטארק אויף דעם שנוי אין פאליטישען רעזשים און זענען קעמפעריש געשטימט. די פסיכיק ווערט אויפגעשרויפט, פאר'סמ'ט. די יודען ווילען אנהויבען אויפצוטרעטען געגען יעדער פארם פון בירגערשאפט, ווען זיי ווערען נאך שעדליכער. דאס וועט פארשטארקען די קאנסאלידאציע פון אלע פארמען יודענפיינטשאפט.

וואָס מער די יודען וועלען ווערן איזאָלירט, וועלען זיי זיך אָנהייבען אויך מער צו נאַציאָנאַליזירען. ס'ווערט געשאַפען אַ שייכות, אין אַ געוויסער מאָס אויך אַ עקאָנאָמישע, צווישען די אַרויסגעפאָרענע עמיגראַנטען און די איבערגעבליבענע אין דער היים. דורכרייזענדיג מיטעל-אייראָפּע, ציט מען אַריין אויך איר יודישע בעפעלקערונג אינ'ם אַלגעמיינעם יודישען אינטערעסען-קרייז. די יודענפראַגע ווערט קאָנסאָלידירט און זי ווערט אַלץ רייפער הן לגבי די יודען גופא, הן לגבי די אַרומיגע פעלקער. אַ דאַנק דער אינערליכער נויטווענדיגקייט פון גלות וועלען הן יודען, הן נישט-יודען זיך מוזען ענערגישער פאַרנעמען מיט דער יודען-פראַגע, כדי צו לעזען זי איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

דערצו איז נויטיג אָדער די פאַרגיכטונג פון דער קאָנקורענץ, אָדער די יודען זאָלען אַרויס פון גלות אין אַזאַ לאַנד, וואו זיי וואָלטען געקאָנט איינאָרדנען זיך גאַנץ זעלבסשטענדיג, אַלס אַן אויטאָנאָם-נאַציאָנאַלע איינהייט. אָבער אַ דאַנק דער אוממעגליכקייט צו פּראָלעטאַריזירען זיך און צוליב זייער אַנטאַרטונג, וועלען די יודען כלל נישט דערציהען ביז צו יענעם סאָציאַלען קאַטאַקליזם, וואָס וועט, ווי די מאַרקסיסטען מיינען, אָפּשאַפען יעדען מין קאָנקורענץ און, הייסט עס, אויך די יודענפיינטשאַפט. אדרבא, כדי צו דערלעבען אָט יענעם סאָציאַלען קאַטאַקליזם ברויכען די יודען אַרויסצוגיין פון גלות. די רעאַליזירונג פון אַזאַ יציאת-גלות איז גאַראַנטירט דורך דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט. די קאָנסאָלידירונג פון דער יודענפיינטשאַפט און די אינטעגרירונג פון יודישען פאָלק און יודישער פראַגע וועלען צווינגען די פאַראינטערעסירטע פעלקער, דורך זייערע רעגירונגען, אַנצונעמען מיטלען כדי צו לעזען די יודען-פראַגע. אָפּשאַפען די יודענפיינדשאַפט זענען זיי נישט בכוח, פונקט ווי זיי זענען נישט אים-שטאַנד מבטל צו זיין בכלל די קאָנקורענץ. דערפאַר אָבער זענען זיי יאָ בכוח צו געבען אַ יודישער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע די פרייהייט פון זעלבסטבעשטימונג אויף אַן אויטאָנאָמער טעריטאָריע. דערצו איז אָבער נויטיג איין תנאי, היינו: אַז ביי די יודען זאָל טאַקע אַנטשטיין אַזאַ בעדייטענדע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס זאָל זיך משתדל זיין אין דער ריכטונג. אַנדערש קאָנען די רעגירונגען אויסגעפינען אַן אַנדער מיטעל, ווי אַזוי פטור צו ווערען פון יודען... אַזאַ בעוועגונג עקזיסטירט שוין יאָ, און מ'קאָן קאָווירען פאַר איר ווייטערדיגען וואוקס. די נאָרמאַליזירונג פונ'ם גלות פאַרגרעסערט די צאָל יודען, וואָס ליידען פון דער פּראָגרעסירענדער איזאָלירונג פון דרויסען, און וואָס געזונטער ס'איז זייער פסיכיק, אַלץ גיכער און נאָהענטער שטייען זיי צו צו דער נאַציאָנאַל-בעפרייענדער בעוועגונג.

אינ'ם יודישען פאָלק האָבען פון תמיד אָן געווירקט צווייערליי בעגעגנזייטיגע קרעפטען. איין מין האָט דורך עקאָנאָמישע און קולטורעלע פעדים צונויפגעפלאָכטען די יודען מיט דער אָרימער בעפעלקערונג און דענאַציאָנאַליזירט זיי, שטרעבענדיג זיי צו אַסימילירען. פון דער אַנדער זייט האָט געווירקט דער איזאָלירענדער פאַקטאָר. אַ דאַנק דער השפעה פונ'ם ערשטען מין פלעגען ביי די יודען זיך אויפוועקען די האָפנונג און חשק איינצובירגערען זיך אין גלות, דאָ בעזעצען זיך, און אַזוי איז געשאַפען געוואָרען די אַסימילאַטאָרישע שטרעמונג. אַ דאַנק דער השפעה פון צווייטען מין פלעגט ביי די יודען געבוירען ווערען דער פאַרלאַנג זיך צו פאַרטיפען אין זיך, אין אייגענעם פאָלק, איינפעדימען זיך אין זיין פסיכישען אינהאַלט, קולטור, פאַרגאַנגענהייט, און ס'פלעגט זיך אויסבילדען אַ נאַציאָנאַלע שטרעמונג.

בעת דער גלות פלעגט אויפטרעטען אין זיין אומנאָרמאַלער פאָרם, פלעגען די יודישע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען אָננעמען אַ מיסטישען, רעליגיעזען כאַראַקטער. איצט, אַ דאַנק דער קאָנסאָלידאַציע פון דער יודענפיינטשאַפט און דער יודען-פראַגע, אַ דאַנק דער אינטעגראַציע פון יודישען פאָלק און נאָרמאַליזירונג פון גלות מוז וואַקסען די נאַציאָנאַל-בעפרייענדע בעוועגונג און קריגען אַ מער נאַטירליכען כאַראַקטער.

דער טרייב-מאָטיוו פון דער יודישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג זענען די רעאַלע ליידען פון די ברייטע יודישע פאָלקס-מאַסען, וואָס זייער מקור איז די איזאָלאַציע. דאָס אידעאַלע ציל פון דער בעוועגונג ציט זיין יניקה פונ'ם פסיכישען תוך פונ'ם יודישען פאָלק, נעמליך, פונ'ם סכום יודישע נאַציאָנאַלע ווערטען.

נעמען מיר פון זיי אַראָפ דעם מיסטישען און רעליגיעזען שלייער, בעקומען מיר דעם דרייאייניגען ערדישען ציון — פאָלק, קולטור און היימאַט. דער אידעאַל פון דער נאַציאָנאַל-בעפרייענדער בעוועגונג מוז דורכאויס פאַרמאָגען אַלע לעבענספייהיגע נאַציאָנאַלע קנינים.

אַלזאָ, ציוניזם מיינט די בעפרייאונג פון יודישען פאָלק, די אויפלעבונג פון דער יודישער קולטור, דער צוריקקער צו דער היימאַט. פרינציפיעל זענען אפשר די מאָמענטען צווישען זיך נישט פאַרבונדען און קיין לאָגישע שייכות איז צווישען זיי נישט פאַראַן. איינער איז נישט נויטיג צוליב'ן אַנדערן. יעדער איינער איז אַ ציל פאַר זיך, האָט זיך זיין אייגענע חשיבות. מיר נויטיגען זיך אָבער אין אַלע דריי מאָמענטען, און וואָלטען מיר, אַ

שטייגער, דערגרייכט בלויז צוויי פון זיי אָן דעם דריטען, וואָלט עס הייסען, אַז אונזער אידעאַל איז נישט מקוים געוואָרען בשלימות. דער וויכטיגסטער פון די דריי מאָמענטען, האַלט באָראָכאָוו, איז דאָס גליק פון פאָלק. פון דעם איז געדרונגען, אַז אויב מ׳קאָן פּאַ-לעסטינאַ נישט בעקומען, אָדער ס׳איז נישט מעגליך צו פאַרייניגען די אויפלעבונג פון דער קולטור מיט דער בעפרייונג פון פאָלק -- זענען מיר מחויב מוותר זיין מיט אַ ווייטאָג אין האַרצען, אויף אַנדערע צוויי טיילען. פונקט אַזוי הייסט עס, אַז מיר טאָרען נישט פאַרמאַכען די אויגען אויף די מעגליכע שעדליכע זייטען פון פּאַ-לעסטינאַ און דער קולטור און נישט מקריב זיין צוליב זיי דאָס גליק פון פאָלק. איז אָבער לגבי די ציוני ציון דער ציוניסטישער אידעאַל נישט צונויפגעשטעלט פון דריי אידעאַלען. נאָר ס׳איז אַ דריי-אייניגער אידעאַל, ווייל פסיכאָלאָגיש זענען זיי יאָ צונויפגעפלאָכטען צווישען זיך. מיר ליבען דאָס פאָלק, די קולטור, דאָס לאַנד צוזאַמען. ס׳איז אַ איינהייטליכע איבערלעבונג.

דעם טעריטאָריאַליזם בעטראַכטיגט באָראָכאָוו בלויז אַלס פּ ר י נ צ י פּ, וועלכער מאַכט אונז אויפמערקזאַם אויף דער מעגליכ-קייט, אַז אונז זאָל נישט ג ע ל ו נ ג ע ן צו רעאַליזירען דעם גאַנ-צען א י ד ע אַ ל. דערפאַר אָבער ווייזט ער אויף מיט דער הילף פון אַ גאַנצער צאָל געלונגענע ביישפּילען, ווי אַזוי דער טעריטאָ-ריאַליזם, וואָס וויל, כלומרשט, זיך רעכענען בלויז מיט די מאַטע-ריעלע נויטען פון פאָלק, קאָן זיך בעפעסטיגען בלויז אויף איין נעגאַטיווען פּאָסטולאַט, נעמליך, אַז מען מוז פּטור ווערען פון גלות און זיך איינאָרדנען אויף אַן אויטאָנאָמער טעריטאָריע. ער האָט אָבער אין עצם נישט קיינע קריטעריען בעת׳ן אויסוואַל, ווען ער וואָלט געהאַט, אַ שטייגער, די ברירה צווישען פּאַלעסטינאַ און אַ צווייטער טעריטאָריע, סיידען זיך באַנוצען מיט די טעמים פון ש נ ע ל ע ר אָ ד ע ר ז י כ ע ר ע ר. דער סוף וועט זיין, אַז ער וועט זיך בכלל אָנכאַפּען אָן דער ערשטער מעגליכער טעריטאָריע. פּראַקטיש מוז ער קומען צום בכל-אופנ׳דיגען אָבזאָג פון פּאַלעס-טינאַ. אַנדערש וואָלט ער געדאַרפט וואַרטען ביז ס׳וועט דערוויזען ווערען, אַז פּאַלעסטינאַ טויג נישט בשום אופן.

באָראָכאָוו ווייזט אויף, אַז אַ בעוועגונג קאָן נישט ציהען איר יניקה בלויז פון ל י י ד ע ן. ס׳מוז נאָך זיין אַ שטרעבונג צו אַ קאָנקרעטען אידעאַל; מען מוז קעמפען נישט בלויז ג ע ג ע ן עפּיס, נאָר אויך פּ אַ ר עפּיס, כדי צו פּטור ווערען פון יודישע צרות, איז גענוג צו שמד׳ען זיך אָדער אַוועקפאָרען ערגעץ אין אַ ווייטער מדינה, איז אונז דאָך עפּיס טייער אין פאָלק. דאַרף

זיין אַ פּאָזיטיווער מאָמענט, צוליב וועלכען מיר זענען גרייט אַפילו אויף קרבנות. דעם אינהאַלט פון אונזער אידעאַל שעפּען מיר פון דער גאַנצער קאָנקרעטער סביבה, וואו דאָס לײדען איז בלויז דער אויסדרוק פון איין זייט. דער ציוניזם מוז האָבען אַזאַ קאָנקרעטען פּאָזיטיווען עלעמענט. אַפילו די סאָציאַלע בעוועגונג קאָן אָן אים נישט אויסקומען. דער בליק, וואָס איז פאַרטונקעלט פון די נאָהנסטע לײדען און איז צוגעשמידט צו די אונמיטעלבאַרסטע טאָג-נויטען, קאָן זיך נישט דערהייבען צום אידעאַל. ער איז אימשטאַנד געווען בלויז צו שאַפען אַ מאָגערע אויסגעדאַרטע פּראָפעסיאָנעלע בעוועגונג פון די טרייד-יוניאָנס. בפרט דער ציוניסט, וואָס דאַרף זיך אָפּרייסען פון דער שווערער סביבה, צו וועלכער ער איז פונדעסטוועגען צוגעוואָוינט, דאַרף גיין ערשט אויף קרבנות און מסירת נפש, — ער מוז האָבען עפּיס חוץ דעם פאָלקס-טרויער, וואָס זאָל אים ציען, רופען, וועקען אין אים זיין פרייד. ס'מוזען זיין חוץ די אָביעקטיווע בעדינגונגען אויך אייגענע סוביעקטיווע: דאָס ממשות'דיגע רייצענדע ציל, פאַר וועלכען מען קעמפט און דער קאָנקרעטער שונא, געגען וועלכען מען קעמפט. ס'מוז זיין די לעבעדיגע רעאַלע אַרבייט, וואָס מונטערט און פעסטיגט דעם גלויבען אין ערפאָלג. דאָס האָבען מיר גאָר אין ציון. נישט דערפאַר, ווייל ציון איז אונזער אייביגער „קולטור-נאַציאָנאַלער" מהות, אַ „סובסטאַנץ" פון „יודישען גייסט". מיר גייען נישט אויף קבר-אבות און פרעגען זיך נישט נאָך ביי די מתים, צי האָבען זיי אויך פאַרמאָגט אַזעלכע אידעאַלען. די געפילען פון עבר'דיגע דורות זענען פאַר אונז כלל נישט קיין ראיה, אויב אין אונז זענען אַזעלכע געפילען אָפּגעשטאָרבען. אלא וואָס, זיי לעבען יאָ אין אונז? האָבען זיי פאַר זיך זייער אייגענעם ווערט, נישט צוליב זייער אַלטען יחוס.

באָראָכאָוו טרעט אַרויס געגען דער „היסטאָרישער בעגרינדונג" פון ציון. די בעוועגונג טאָר נישט באַזירען אויף ריין-פּאָזיטיווע, אַבסאָלוטע שטרעבונגען, וואָס זענען אחרי כּלות הכל, מעטאַפיזישע אַלטוואַרג. ער פּרובירט אויפצושטעלען זיין סינטעטישע בעגרינדונג פונ'ם ציוניזם און געבען אַ מאַטעריאַליסטישע ערקלערונג דעם דרייאייניגען אידעאַל פון ציון. אַלס תנאי וואָרנט ער, מען זאָל נישט צונויפמישען די פראַגען פון וויסענשאַפטליכען מעטאָד מיט די פראַגען פון מאַרק, דיווירטשאַפטליכע כחות פון דער געזעלשאַפט מיט'ן בייטעל, די ענערגעטיק מיט'ן מאָגען.

אַ דאַנק זייערע פונקציעס פון האַנדעלס-פאַרמיטלער האָבען אונזערע עלטער-זיידעס אָנגעזאַמעלט אַ רייכע ערפאַרונג, אויסגעברייטערט די ספערע פון זייערע לעבענס-בעדערפנישען און זייער

גייסטיגען בליק. צוליב זייערע כסדר'דיגע נסיעות האָבען זיי זיך בעקענט מיט דער גרויסער וועלט, פאַרגרעסערט דעם אוצר פון זייער פסיכישער נערוועו-ענערגיע, אַנטוויקעלט דעם שׂכל און בע-קומען „העכערע" בעדערפענישען. די אָרומיגע בעפעלקערונג איז געשטאַנען נידריגער פון אונז, געווען גייסטיג אָרימער פון אונז און האָט נישט געלאָזט בעפרידיגען די בעדערפענישען פון אונזער בר־ייטער נאַטור. ס'האָט די יודען געצוואונגען איינצוצאַמען זייערע פאַרלאַנגען. האָבען זיי זיך געמוזט צופאַסען, הגם ס'איז געווען שווער. כדי זיך לייכטער מאַכען די אויסערליכע בעשרענקונגען, האָבען זיי אַליין אויסגעאַרבייט פאַר זיך סיגים און חומרות, דעם איבערפלוס פון ענערגיע אויסגענוצט אויף דיאַלעקטישע איבונגען פון פלפול. זיי האָבען זיך צו דעם צוגעפאַסט אויך אינערליך, פסיכיש. אין יעדען פרט פונ'ם קולט האָבען אונזערע זיידעס אריינ-געגאָסען זייער גאַנצע נשמה, דעם גאַנצען פלאַם פון זייער רייכער ענערגיע. דאָס לעבען איז אפילו געוואָרען אַ דאַנק דעם דערטרעג-ליך, אָבער ס'האָט נישט בעפרידיגט. נישט האָבענדיג די בעפרידי-גונג אין דער ווירקליכקייט, האָט מען זיך זי געשאַפען אין אידעאַל. לפי דער רעליגיע האָט מען דעם שׂכר גדאַרפט בעקומען אין גן-עדן. דער סוחר, דער חלפן מיט'ן רעאַליסטישען יודישען שׂכל האָט זיך נישט געקאָנט בענוגענען מיט דער אמונה אינ'ם הימלישען שׂכר; האָט ער זיך געשאַפען זיין אידעאַל אויף דער ערד. די נאַציאָנאַלע מאָמענטען האָבען זיך איבערגעפלאָכטען מיט די רעליגיעזע. נעבען דער רעליגיעזער טראַדיציע האָט ער קולטיווירט די זכרונות וועגען דער פאַרלאָרענער היים. דער שמערץ פונ'ם הוה, די נישט-אויס-געבראַכטע ענערגיע פון דער רייכער נאַטור, האָט פרישער און לעבעדיגער געמאַכט די זכרונות וועגען געבורטס-לאַנד, פון וואַנען מ'איז מיט געוואַלט אָפּגעריסען. האָט מען זיך נאָך מער צו אים צוגעבונדען. ווייל מ'האָט אונז בעשרענקט, ווייל מען האָט אונז איזאָלירט, ווייל מיר האָבען זיך געמוזט צופאַסען צו די פאַר-שמעלערטע, איינגעשרומפטע לעבענס-בעדינגונגען, ס'הייסט אויפ'ן יסוד פון די מאַטעריעלע בעדינגונגען פון אונזער לעבען אין מיטעלאַלטער איז נויטווענדיג אויסגעוואַקסען דער קאָמפּליצירטער אידעאַל פון די יודען, וואָס איז בעשטאַנען אין דער צוגעבונדענקייט צום ריטואַל, טריישאַפט צו גאָט, ליבע צו די פּראָדוקטען פון דער יודישער קולטור און צו פאַלעסטינאַ, אַלס דאָס לאַנד, וואו ס'האָט אַמאָל געבליט אונזער לעבען, פון וואַנען מיר זענען פאַרטריבען און וואוהין משיח וועט אונז צוריקברענגען.

די יודען האָבען געבענקט נאָך פאַלעסטינאַ, אָבער זיי האָ-בען נישט געהאַט קיין סוביעקטיווע, ווי נישט

קיין אָביעקטיווע מעגליכקייט גיין דערגרייכען זיי אויף אַן ערדישען, נישט איבערנאַטירליכען אופן. אַלע עלעמענטען פון אָט דעם אידעאַל זענען לויט דענסטמאָלדיגע בעדינגונגען, אָפגעפארבט אין אַ מיסטישען קאָליר, און די יודען האָבען זיך צו זיי בעצויגען ווי צו הייליגטימער. ווי נור ס'פלעגט ווערען לייכטער און זיי האָבען געקריגען, מער מעגליכקייט צו בעפרידיגען זייערע בעדערפענישען אין גלות, פלעגען זיי מוותר זיין אויפן ריטואַל, ביסלעכווייז זיך אָפרוקען פון דער רעליגיע, פון פאָלק, קולטור און אַלטער היים. ערשט אַ דאַנק די בעשטימטע שנוים אינ'ם ווירטשאַפטליכען לעבען פון די אַרומיגע פעלקער דעם לעצטען פערטעל יאָרהונדערט הויבט אָן פון דאָס ניי צו ווירקען דער איזאָלירענדער פאַקטאָר. עס קאָנסאָלידירט זיך דער גלות, און ס'בליט-אויף דער נאַציאָנאַלים. אין גייסט פון דער נייער צייט איז שוין דער אינהאַלט פון נאַציאָנאַליזם אַ נאַטירליכער און האָט לחלוטין נישט צו טון מיט דער רעליגיע. אויב אָבער ס'פעלען די מאָמענטען פון רעליגיע און קולט, ווערט דערפאַר שטאַרקער די קולטיווירונג פון דער ליבע צו דער פאַרלאָרענער היים. דאָס איז אָבער קיין היסטאָרישע „רעטראָספעקציע”, אַ בליק צוריק צו די אָפגעלעבטע לעבענס-פאָרמען, וואָס זענען נישט פאַרבונדען מיטן הוה. כדי ליב צו בעקומען פאַלעסטינאַ דאַרפען מיר זיך נישט אומקוקען צוריק, נאָר אַריינקוקען טיפער אין זיך, אינם אונזער מזומנעם פסיכישען תוך. וואָס שוואַרצער און אומעטיגער ס'איז אונזער איצטיג לעבען, שטאַרקט זיך אונזער ליבע צו פאַלעסטינאַ, וועלכע האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט.

דער קלאַסען-אידעאַל האָט גאָרנישט צו טון מיטן עבר, ווייל דער קלאַס האָט נישט קיין פאַרגאַנגענהייט, אין דעם זין, ווי דאָס האָט די נאַציע. מוז דער נאַציאָנאַלער אידעאַל בכלל טאַקי זיין אייננג פאַרבונדען מיטן היסטאָרישען גורל פון דער נאַציע. דער קלאַסען-בעוואוסטזיין ווערט ערצויגען נישט דורך געשיכטע. נישטאָ אָבער קיין נאַציע, וואָס איר בעוואוסטזיין זאָל זיך נישט שפּייזען פון בעקענען זיך מיט דער אייגענער געשיכטע. דער פסיכישער צושטאַנד שעפּט זיך נישט פונ'ם עתיד, וועלכען מ'האָט נאָך נישט דורכגעלעבט, נאָר פון הוה און עבר. די איזאָלירונג הרג'עט אוועק ביי די יודען, וואָס פילען זי, יעדען חשק דאָ צו פאַרבלייבען און טויט-אָפּ בא זיי יעדען אינטערעס צום אָרטיגען לעבען. דערפאַר קולטיווירט מען מער די נאַציאָנאלע קנינים. מיר האָבען פיינט דעם גלות און אלץ, וואָס האָט צו אים אַ שייכות. ערלויבט מען אונז נישט צו פילען די היים אין גלות,

פֿלאַקערט אויף אונזער ליבע צו אונזער לאַנד. דאָס זעלבע איז מיט דער קולטור, שפּראַך. גלות הייסט נישט בלויז דיאַספּאָרע, דאָס וואָס מיר זענען צוזייט און צושפּרייט. גלות מיינט, אַז מיר זענען אָפּגעריסען, פֿאַרטריבען פֿון אַלץ, וואָס איז אונז אייגען, היימיש. ציון איז די פֿולע און *אַלזייטיגע אָפּלייקענונג פֿון גלות* און די תּשובה אויף דער אַלזייטיגער איזאָלאַציע, פֿון וועלכער מיר ליידען. די איזאָלירונג איז *אַ מאַטעריעלער פֿאַקט*, וואָס כאַראַקטעריזירט אונזער איצטיג לעבען. איז דערפֿון געדרונגען, *אַז אונזער ציון-אידעאַל איז מיט אַלע זיינע דריי הויפּט-שרשים אַריינגעוואַקסען אין די מאַטעריעלע בעדינגונגען פֿון אונזער לעבען.*

יעדע אַנדערע טעריטאָריע, צו וועלכער מיר האָבען נישט קיין בּרעקעל געפֿיל און וועלכע מיר בעטראַכטען נישט לכתּחילה אַלס אונזערע, סאַנקציאָנירט, אין אַ געוויסער מאָס, דעם גלות און מיר בעטראַכטען זי אַלס אַ געוויסען מין פֿון גלות. דער טעריטאָריאַליזם לייקענט בלויז די צוזייאונג, *די דיאַספּאָרע*, וועלכע איז פֿאָרט נאָר איין זייט פֿון גלות. דער ציוניזם לייקענט-אָפּ *אַלע* זייטען פֿון גלות.

## VII.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר באָראָכאָוו'ס אָנשויאונגען דענסטמאָל איז אויך דער פֿאַקט, וואָס בעת ער רעדט מכּח נאַציאָנאַלע קולטור און שפּראַך, איז ער כּסדר אויסען די העברעישע. כּמעט ווי ער שטרייכט עס אַפילו נישט אונטער און בעגרינדעט עס נישט; אַזוי נאַטירליך קומט עס אויס ביי אים. בלויז אין איין אָרט, רעדענדיג וועגען דער ליבע צום פֿאָלק, צו זיין קולטור און שפּראַך, שרייבט ער: „די ליבע צו דער יודישער קולטור בינדט אונז צו צו העברעיש; אָבער, פֿון דער אַנדער זייט, די ליבע צום פֿאָלק ציט אונז צום זשאַרגאָן. און וואָלט דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק גערעדט זשאַרגאָן. וואָלט די פֿראַגע וועגען אַ נאַציאָנאַל-שפּראַך, מעגליך, געלעזט געוואָרען לטובת זשאַרגאָן. וויסענדיג אָבער, אַז זשאַרגאָן גיט אונז נישט די מעגליכקייט צונויפֿצוקומען זיך מיט אַלע צושפּרייטע גרופּען פֿון יודענטום, בעת העברעיש פֿאַראייניגט אַלע די, וואָס קענען אים אין אַלע ווינקעלעך פֿון ערד-קוגעל, מוזען מיר אָנערקענען, אַז העברעאיש איז בילכער.

אייגענטליך ערקלערט ער עס אַליין אין אַ צווייטען אָרט, זאָגענדיג, אַז די צוגעבונדענקייט צו די נאַציאָנאַלע קנינים געהערט צו יענע געפֿילען, וואָס קומען-אויף נאָך אין קינדהייט מחמת דער *נאָכאַמונג*: זיי בלייבען אויפֿ'ן דעק פֿון דער נשמה, און ס'הענגט

אַפּ פון דער היסטאָרישער ערציהונג, צי זיי זאָלען דערשטיקט ווערען אָדער דוקא אויפבליען.

בנוגע באָראָכאָוו'ן גופא, איז, שוין פון די קינדער יאָרען האָט זיך זיין פּסיכיק געשפּייזט מיט ליבע צו העברעיש. וועגען יודיש, אַ פּשיטא אַלס אידעאַל, צי אַלס נאַציאָנאַלער קנין, איז אין זיין היימישער סביבה קיינמאָל קיין שמועס נישט געווען. רוסיש איז פאַר אים געווען נאַטירליך. אויף היפיל ער האָט דערפילט די איזאָלאַציע און האָט פיינט בעקומען דעם גלות, האָט ער זיך גענומען ציען צו די נאַציאָנאַלע קנינים, און, מהאי טעמא, צו העברעיש. דאָ איז כדאי צו דערמאָנען, אַז צו יענער צייט האָט באָראָכאָוו אויך געפּרובט זיך לערנען העברעיש, און ווי אַפּט בנוגע אַנדערע שפּראַכען, האָט ער זיך אויסגעלערנט אויף אויסווייניג אַ גאַנצען העברעישען ווערטער-בוך. דאָך איז ביי אים מיט העברעיש צוגעגאַנגען שווערליך. ער האָט געוואוסט אַ גרויסע צאָל ווערטער, האָט אָבער געקענט בלויז מיט מאַטערניש לייענען.

פּונקט אַזוי האָט זיך אויך פּאַלעסטינאַ איינגעבאַקען ביי אים אין האַרצען נאָך פון וויגעלע און יונגעלשע יאָרען. אָן שום ספק האָט ער זיך בעטראַכט אַלס איינעם פון די אַוואַנגאַרד-עלעמענטען, און זיינע פּערזענליכע פּסיכישע איבערלעבונגען און געוואוינהייטען האָבען בעאיינפלוסט אויך זיינע טעאָרעטישע פּאָסטולאַטען פון'ם ציוניזם. אויף שריט און טריט חזר'ט ער איבער, אַז פּאַלעסטינאַ האָט ער ליב נישט מחמת זי איז טראַדיציע, נאָר פּשוט, אַן אַ פּאַרוואָס. ס'איז שוין אין אונזער בלוט אַריין. ער איז פּרינציפּיעל נאָנטער צו די טעריטאָריאַליסטען און איז גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון פּאַלעסטינאַ, ווען ס'זאָל זיך אַרויסווייזען, אַז זי טויג נישט. אָבער שוין ביי איין געדאַנק וועגען דעם כאַפּט אים אַרום אַ שרעק... די שמחה מיט דער נייער טעריטאָריע וואָלט ביי אים פאַרשטערט און פאַרביטערט געוואָרען דורך דער „שבעה" נאָך דער פאַרלאָרענער פּאַלעסטינאַ...

דער ציוניזם דוקא אין ציון טרעט אַרויס נאָך אומבעדינגטער ביי באָראָכאָוו'ן, ווען ער גייט איבער צו די פראַגען פון דער עצם רעאַליזירונג פון'ם ציוניזם.

אמת, די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פון'ם ציוניזם איז גאַראַנטירט דורך די אויסערליכע קרעפטען; מען דאַרף אָבער דערביי בפירוש אויסטייטשען, אַז עס האַנדעלט זיך דורכאויס וועגען יענע כחות, וואָס ווערען דירעקט, בפועל ממש אָנגערירט דורך דער יודען-פראַגע. זיי וועלען זיך פאַראינטערעסירען מיט דער לעזונג פון דער יודענפראַגע, ווייל די יודען וועלען זיין פאַר זיי אַלע שעדליך; פּונקט אַזוי ווערט מען אונז געבען, אַ טע-

ריטאָריע מחמת מיר זענען שעדליך פֿאַר אַלע און נישט מחמת מיר זענען נוצליך פֿאַר עמיצן. כּל זמן נור איין מלוכה וועט זיין פֿאַראינטערעסירט אין דער לעזונג פֿון דער יודען־פֿראַגע, איז נאָך דעריין נישטאָ קיין היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. ס׳מוז זיין אַ צווישענפֿעלקערליכע פֿאַראינטערעסירטקייט, וועלכע וועט געבען די צווישענפֿעלקערליכע גאַראַנטיע. מ׳קאָן דאָ אויך נישט רעכענען דערויף, וואָס די איין מלוכה, געבענדיג אונז אַ טעריטאָריע, וועט דעריין זיין פֿאַראינטערעסירט אויף פּאָזיטיוו צוליב׳ן נוצען, וועלכען מיר וועלען איר ברענגען. דאַן וואָלט עס געמוזט מיט דער צייט ברענגען צו שאַרפֿע קאָנפֿליקטען צווישען דער מלוכה און אַנדערע. געוויינליך פֿאָרען נור די איבעריגע יודען, די אַרויסגעשטופּטע. פֿילט עס זיך נישט אין לאַנד. אַן אָרגאַניזירטע, פּלאַנמעסיגע עמיגראַציע אויף דער טעריטאָריע וואָלט געמוזט אָפּרייסען אויך אַסאַך געזונטע עלעמענטען, וואָס זענען נאָך שטאַרק צונויפֿגעקניפּט מיט די וואוין־לענדער. אויסער דעם, אַזאַ אַריבערוואַנדערען אויף דער נייער טעריטאָריע איז אַ לאַנגדויערנדער פּראָצעס, וואָס פֿאָדערט אַ אינטענסיווע ערציהערישע און אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט אין גלות, וועלכע וואָלט דאָ גופֿא פֿאַרשטאַרקט די יודען, זיי בערייכערט, אַנטוויקעלט אויפ׳ן אָרט די נאַציאָנאַלע זעלבסטעטיגקייט און געשאַפֿען, מעגליך, אַ גענוג ווירקענדע נאַציאָנאַלע קראַפֿט, וואָס וואָלט ענערגישער פֿאַרטיידיגט אירע אינטערעסען אויך אין גלות. די נאַציאָנאַלע יודישע פֿראַגע וואָלט אָן ספֿק פֿאַרשאַרפֿט געוואָרען אין אַלע לענדער, וואו יודען זענען אין קאָמפּאַקטע מאַסען. די אַלע מלוכות וואָלטען נישט געקאָנט גלייכגילטיג זיך צוקוקען ווי ס׳ווערט אויפֿגעשטעלט אַ יודישע מלוכה, וואָס ווירקט אויף זייערע יודישע אונטערטאַנען. מוזען זיי זיך אַריינמישען. די איין מלוכה קאָן נישט צולאָזען די אַריינמישונג. געליטען וואָלטען די יודען. נמצא, אַז די גאַראַנטיעס פֿון איין מלוכה זענען נישט די היסטאָריש־נויטווענדיגע גאַראַנטיעס, קיין ענדגילטיג־זיכערע. די פֿאַראינטערעסירטקייט אין געבען אונז די טעריטאָריע מוז זיין פֿון אַלע מלוכות.

פֿאַראַן נאָך אָבער אַ פֿיל וויכטיגערער טעם. אויב די איין מלוכה זאָל אונז געבען אַ טעריטאָריע מחמת דעם נוצען, וואָס זי קאָן פֿון אונז אַרויסבעקומען, איז דאָך איר פּאָזיטיווער מאָטיוו דערצו אַ קאַפּיטאַליסטישער. איז קלאָר אַז זי וועט אונז נישט לאָזען זיך איינאָרדנען לויט אונזערע אינטערעסען, נאָר ווי ס׳וועלען איר דיקטירען די אינטערעסען פֿון די קאַפּיטאַליסטען פֿון מעטראָפּאָליע. זי וועט אונז נישט לאָזען זיך פֿריי בעוועגען אויף וויפֿיל דאָס וועט זיין געגען אירע אינטערעסען.

מעגען מיר זיך אויסאַרבייטען די אויסגעצייכענטסטע מעטאָדען פון קאָלאָניזאַציע, וועלען מיר דאָך מוזען אימיגרירען און קאָלאָניזירען לויט איר שולחן ערוך. מוז, בכן, זיין דער אינטערעס צו לעזען די יודענפראַגע נישט קיין פּאָזיטיווער נוצען, נאָר אַ נעגאַטיווער, היינו, וואָס מ'וויל פון אונז פּטור ווערען.

צווייטענס, מוז די טעריטאָריע זיין אַזאַ, וואו ס'בעגעגענען זיך די בפירוש געגענזעצליכע אינטערעסען פון עטליכע גרויסע מלוכות און זיי נייטראַליזירען איינע די אַנדערע. די „אויטאָנאָמיע" צו דעם „טשאַרטער" וועט מען אונז נישט געבען מיט אַמאָל, פונקט ווי מ'איילט זיך נישט אַזוי שנעל צו לעזען ענטגילטיג אַנדערע צווישענפעלקערליכע פראַגען. דאָס וועט קומען בהדרגה, נישט חלקים־וויז, נאָר טאַקי בהדרגה. מ'וועט מוזען אויסרייסען פון זיי שטיקער־וויז די סאַנקציאָנירונג פון אונזערע אונטערנעמונגען. איז אויב אַזוי, איז קלאָר, אַז מיר אַליין וועלען דאַרפען נאָך פריער אָנהויבען אונזער אַרבייט אויף דער טעריטאָריע און דערנאָך דערשלאָגען זיך, מען זאָל זי אָנערקענען און בעשטעטיגען. און לסוף, זיי, די מלוכות, וועלען אונז דאָך נישט געבען זייערע אַן אייגענע טעריטאָריע אָדער סתם אין דער וועלט אַריין אַ טעריטאָריע ערגיץ הינטער די הרי חושך, נאָר אַ טעריטאָריע, וואָס געהער נישט צו זיי, נאָר צו אַ שוואַכער מלוכה, וועלכע מען קאָן בהדרגה'דיג צווינגען דערצו. אַודאי וועט מען אונז געבען פּאַלעסטינאַ, וואָס הן ביי די יודען, הן ביי די דיפּלאָמאַטען אין בעוואוסטזיין איז זי פאַרבונדען מיט'ן יודישען פאָלק, בפרט, ווען מיר וועלען זיך וועגען דעם משתדל זיין, און טאַקי ענערגיש — אַרבייטען אין לאַנד גופא. נישט מיט אַמאָל וועט מען אונז „אָפּגעבען" פּאַלעסטינאַ, נאָר שטופּענווייז וועט מען אונז פאַרלייכטערען די אַרבייט דאָרט און אויסברייטערען אונזערע רעכטליכע גאַראַנטיעס. טערקיי ווערט אויפגעגעסען דורך דעם נאַציאָנאַליטעטען־קאַמף, זי וועט זיך פונאַנדערפאַלען, און אויב מיר וועלען אַרבייטען, וועט פּאַלעסטינאַ אָנקומען אונז.

קאָנקרעטיזירונג פונ'ם טעריטאָריאַליסטישען פּרינציפּ מוז תחילת זיין אַ פּסיכאָלאָגישע; אויב זי וועט זיך צונויפקומען מיט דער אָביעקטיווער קאָנקרעטיזירונג, וועט עס הייסען, אַז די בעוועגונג האָט אַן ערפאָלג. הייסט עס, אַז די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט איז אַ בתנאי'איגע. אויב מיר וועלען אַרבייטען אין דער בעשטימטער ריכטונג, דאַן איז פאַראַן די גאַראַנטיע פון ערפאָלג. אַלס טעראַפּעווטישע בעוועגונג, אַלס אונטערנעמונג מוזען מיר תמיד האָבען דאָס ציל פאַר זיך. מיר קאָנען בשום אופן נישט רעכענען גלייך אויפ'ן שטעל דורכ'ן ציוניזם פאַרענט-

פערן די באַלדיגע מאַטעריעלע נויט פון פאָלק. מיר וועלען ארבייטען פאַרן אידעאַלען מאַקסימום; דער אידעאלער מינימום וועט זיך במילא בעקומען.

דאָ טרעט שוין באָראָכאָוו אַרויס געגען דער משונה׳דיגער טעאָריע, וואָס טענהט, אַז די יודען „אָדער זיי וועלען אונטער־גיין, אָדער זיי וועלען אויפלעבען.״ נישטאָ אזאַ אָדער־אָדער, ווייל מען קאָן בכלל נישט רעדען וועגען דער ענטאַרטונג פון די יודען אין דעם מאָמענט, ווען מיר זעהען די גסיסה פון גלות און פאַר אונז עפענט זיך אויף איין ברייטער וועג צום אויפלעבען. דאָס איז נישט קיין פאַטאַליזם, ווייל אונזער וויסענשאַפטליכער פּראָגנאָז שטעלט פעסט נאָר די טענדענץ. אין דער ריכטונג דאַרפען מיר אָנשטרענגען אַלע אונזערע כחות און אַרבייטען. ער לאַכט אויס מיט אַ בייסיגען סאַרקאַזם יענע קליינע מענשעלעך, די בעלי־הבתים׳לעך, וואָס פאַרלאָזען זיך בנוגע דער רעאַליזירונג פון׳ם ציוניזם אויסשליסליך אויף די אויסערליכע כחות, וועלכע וועלען אונז שענקען אַ „טעריטאָריע״, צי געבען אַ „טשארטער״. לגבי זיי איז דער ציוניזם נישט קיין פּראָצעס, נאָר אַ געשעה־העניש, אַן עפּיזאָד; זיי זעהען נישט איין דעריבער זייער אייגענע ראָלע אינ׳ם פּראָצעס, ס׳פעלט זיי די אַקטיוויטעט, דער אויטאָנאָמער בעשלוס, די בהדרגה׳דיגקייט אינ׳ם היסטאָרי־שען שאַפען. מיר, זאָגט באָראָכאָוו, גלויבען, ווי ערוואַקסענע אי־דעאַליסטען. אין אונזער גלויבען איז אונזער מונטערקייט, אונזער ענטשלאָסענקייט. אונזער גלויבען איז אין אונזער וויסענשאפטלי־כען פּראָגנאָז. אבער וויבאַלד אַזוי ווילען מיר נישט צוברעקלען אונזער אידעאַל, נישט אַרויסכאַפּען פון אים בעזונדערע חלקים: קולטור, פאָלק, לאַנד. נאָר מיר נעמען אים אויף אינגאַנצען. דער געזעץ וועגען דער שפּאָרזאַמקייט פון ענערגיע מיינט נישט נור צו פטר׳ען וואָס ווינציגער כחות און צייט צוליב דער דערגריי־כונג פון׳ם אידעאל, נאָר אויך די שטרעבונג צו דערגרייכען ווי ווייט מעגליך ברייטערע רעזולטאַטען.

נאָך די אַלע גייסטיג־נאַציאָנאַלע און קולטור־היסטאָרישע טע־מים, וועלכע ער רעכענט אויס לטובת פּאַלעסטינא, בעטראַכט ער די פראַגע פון פּראַקטישען שטאַנדפונקט, און שטעלט אַרויס אַ שורה פאָדערונגען, וועלכע די טעריטאָריע דאַרף בעפרידיגען בכדי ס׳זאָל דאָרט קאָנען געשאַפען ווערען אַן אויטאָנאָמער יודישער ישוב.

באָראָכאָוו אַנאַליזירט גרינדליך די פראַגען וועגען דער קאָלאָניזאַציע הן פון אַבסאָלוט פוסטע טעריטאָריעס, הן פון טערי־טאָריעס, וואָס פאַרמאָגען שוין אַ געוויסע איינגעבוירענע בעפעלקע־רונג, וויקעלט־אויף דעם מעגליכען פּראָצעס פון ענטוויקלונג, קאָ־

פּיטאַליזירונג פֿון לאַנד און פּראָלעטאַריזירונג פֿון דער בעפֿעלקערונג, נעמט אַדורך די ווילדסטע אויסערליכע און אינערליכע מאָמענטען און קומט צום פֿאָלגענדען שלוס.

פּאַלעסטינאַ, ווייל זי געהערט איצט צו טערקיי, גאַראַנטירט זי אונז איר צווישענפֿעלקערליכע בעדייטונג, ווייל שפּעטער וועט דער יודישער ישוב זיך געפֿינען אונטערן פּראָטעקטאָראַט נישט אַזוי פֿון טערקיי, ווי פֿון עטליכע גרויסע מלוכות. אין פּאַלעסטינאַ איז שוין פֿאַראַן אַן אָנהויב פֿון אַ יודישען ישוב, פֿאַראַן שוין אַ יודישער פּראָלעטאַריאַט אין פּאָטענץ, געזונטע פּראָסטע אַרבייטער, ערדאַרבייטער, אָנטרייבער פֿון עזלען, טרעגער; די אָרטיגע בעפֿעלקערונג איז לויטן ראַסען-צונויפֿשטעל נאָהענט צו יודען. דערביי אַנטוויקעלט ער די טעאָריע וועגען דער אַסימילאַציע פֿון די פּאַלעסטינער פֿעלאַכען מיט די יודען. פּאַלעסטינאַ געפֿינט זיך נישט אין שכנות מיט אַ קאַפּיטאַליסטיש אַנטוויקעלטער מלוכה. אין דער זעלבער צייט איז פּאַלעסטינאַ אין צענטער פֿון דער קולטורעלער וועלט, וואָס עס פֿאַרגרעסערט איר עקאָנאָמישע און צווישענפֿעלקערליכע בעדייטונג פֿאַר דער יודענפֿראַגע. אַלס אין אַ הייסען, אונטערטראָפּישען לאַנד איז זיך אין איר שווער צו אַקלימאַטיזירען פֿאַר אייראָפּעער אַ חוץ יודען. זי פֿאַרמאָגט אויך נישט קיין גאָלד-גרובען, וואָס עס וואָלט אַהין צוגעצויגען אַן אָנלויף פֿון ווייסע אַוואַנטוריסטען. פּאַלעסטינאַ וועט לאַנגזאַם און בהדרגה איבערגיין צו די העכערע פֿאָרמען פֿון ווירטשאַפֿט,—וועט עס פֿון אונז נישט פֿאַרלאַנגען אויף איין מאָל קיין קאָלאָסאַלע אונטערנעמונגען, און די ערשטע צייט וועט קלעקען דער יודישער פּראָלעטאַריאַט. ביסלעכווייז וועלען נאַטירליך אויך די פֿעלאַכען אָנהויבען זיך צו פּראָלעטאַריזירען, אָבער צו יענער צייט וועט שוין אונזער קולטור דאָרט זיין גענוג שטאַרק, און זיי וועלען זיך מיט אונז צונויפֿגיסען. די אָרטיגע בעפֿעלקערונג וועט אונז בשום-אופֿן נישט אויפֿנעמען פֿיינטליך גלייך פֿון ערשטען מאָמענט. זי אַליין אין אירע לעגענדען און ווערטלעך דערציילט, אַז פּאַלעסטינאַ האָט אַמאָל געהערט צו יודען און וועט ווידער צו זיי געהערען. קיין יודענפֿיינטשאַפֿט איז נישטאָ דאָרט. די ערשטע סימנים ווייזען זיך נאָר אין יענע קאָלאָניעס, וואו די פֿעלאַכען אַרבייטען ביי יודישע קאָלאָניסטען; האָט עס לחלוטין נישט צו טון מיט'ן רעליגיעזען מאָמענט און איז דורכאויס פֿאַרבונדען מיט דער עקספּלואַטאַציע. מ'קען און מ'דאַרף עס בעצייטענס פֿאַראַליזירען.

מיר האָבען נאָך אין פּאַלעסטינאַ קיין ר ע כ ט ל י כ ע גאַראַנטיעס, האָבען מיר אָבער דערפֿאַר אירע נ אַ ט י ר ל י כ ע גאַראַנטיעס. געוויס זענען פֿאַראַן אַ סאַך מניעות. ס'זענען נויטיג אַ סאַך כּחות. אָבער די מניעות קאָנען בעזייטיגט ווערען, די כּחות וועלען

אויסוואַקסען און זיך מערען אין דער אַרבייט גופא.

די דאָזיגע ארבייט באָראָכאָוו׳ס, וואָס דאָ זענען פון איר געבראַכט געוואָרען בלויז אַ פּאָר שטריכען, פאַרמאָגט אַן אוצר פון געדאַנקען, אַ שלל מיט ידיעות אין פאַרשידענע געביטען פון דער וויסענשאַפט. זי איז נאָך נישט גראַד און שלאַנק געבויט, נישטאָ אין איר די זעלטענע סיסטעמאַטישקייט און אַרכיטעקטאָנישקייט, מיט וועלכע עס האָבען זיך אויסגעצייכענט זיינע שפּעטערע אַרבייטען, אָבער דער געדאַנק גופא איז ניכטער, ווייט פון מעטאַפיזיק און אידעאַליזם הגם ער איז נישט פריי פון פּלפּול און טעאָרעטישע קאָמבינאַציעס. ס׳ווייזט זיך שוין אַרויס זיין חריפות אין אַנאַליז, זיין בקיאות אין דעם ענין, וועלכען ער בעהאַנדעלט, בפרט איז בולט זיין צושטערענדע קראַפט אין דער קריטיק פון געגנערישע טעאָריעס. די הויפּט-שטריכען פון זיין מאטעריאַליסטישער אויפפאַסונג פון דער יודישער געשיכטע זענען אויך איצט פריש און קרעפטיג; דער אנאַליז פון די קאָלאָניזאַציאָנס-מעגליכקייטען און די פראָגנאָסטישע בעגרינדונג פונ׳ם פּאַלעסטיניזם, בעפרייט פונ׳ם קולטור-היסטאָרישען לבוש, זענען אים שפּעטער צונוץ געקומען ביי דער אויסאַרבייטונג פונ׳ם פּועלי-ציוניסטישען פּראָגראַם.

ער שטייט אָבער צו דער צייט אויפן שטאַנדפּונקט פון פּולען אָפּלייקענען דעם גלות; ער זעהט ווי דער פּאַלעסטינער ישוב וועט קרעפטיגען די נאַציאָנאַלע כחות פונ׳ם גלות-יודענטום. ביי אים קומט נאָך אָבער דערוויילע אויס, אַז די דאָזיגע אויפגעוועקטע כחות וועלען דער עיקר האָבען אַ בעדייטונג און מוזען אויסגעניצט ווערען פאַרן ציוניזם, דאָס הייסט פאַר׳ן אָפּזאָג פון גלות. דעריבער זעהט ער נישט דעם תכלית פונ׳ם פּאָליטישען קאַמף דאָ אויפן אָרט פון שטאַנדפּונקט פון ציוניזם. ער סימפּאַטיזירט מיט די פּועלי-ציון פון מ י נ ס ק ע ר טאַלק, וועלכע לייקענען הן אין גלות און הן, מהאי טעמא, אין פּאָליטישען קאַמף.

## VIII

אין 1905 יאָר ערשיינט באָראָכאָווס אַרבייט „די קלאַסען מאָמענטען פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע״, וואו ער שטעלט זיך אינגאַנצען אויפן מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט און פלעכט אריין זיין בעשיידענעם נאָמען אין דער גאָלדענער קייט פון די גאוּנישע שעפער פון סאָציאַליסטישען געדאַנק. אין דערדאָזיגער אַרבייט בעהאַנדעלט ער נישט ספּעציעל די יודישע פראַגע, נאָר די נאַציאָנאַלע פראַגע בכלל און ער צושטערט אַ סאַך פאַלשע אָפּגעלעבטע טראַדיציאָנעלע געדאַנקען, וואָס האָבען זיך איינגעוואָר-

צעלט נישט אַזוי אין דער יודישער, ווי דוקא אין דער סאָציאַ-
ליסטישער וועלט אין שייכות צו דעם דאָזיגען פּראָבלעם. ער אַנאַ-
ליזירט דעם גענעזיס, די אַנשטייאונג פון דער נאַציע, אירע פאַרשי-
דענע בעגלייט-ערשיינונגען, בעגריפען, געפילען, עמפינדונגען און גיט
דערביי אַ גלענצענדע כאַראַקטעריסטיק פון דער אידעאָלאָגיע פון
די פאַרשידענע קלאַסען אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט. ער ריי-
ניגט פונאַנדער דעם וועג פאַר דעם געדאַנק פון אַ יודישער סאָצ-
יאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס זאָל אויפנעמען דאָס יודישע נאַציאָנאַלע
פּראָבלעם אין זיין גאַנצער גרויס, ער ראַמט אַוועק די שטיינער
און דערנער, וועלכע מען האָט אָנגעמיסטיגט אין דער סאָציאַליס-
טישער אויפפאַסונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע. די דאָזיגע אַר-
בייט איז שוין געבליבען דער גרונדשטיין פון אַלע זיינע שפּעטער-
דיגע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען אויפ'ן געביט פונ'ם יודישען סאָצ-
יאַליזם און איז, אייגענטליך, געוואָרען דער עמוד התוך פונ'ם ווי-
סענשאַפטליכען פּועלי-ציוניזם.

אין פלוג, פונ'ם אויבענאויפיגען בליק קאָן אַפילו אויסקומען
אַביסעל פּריקרע, ווי אַזוי האָט עס דער זעלבער מחבר אָנגעשרי-
בען איינעם נאָך דעם צווייטען אַזעלכע פאַרשידענע מאמרים; 'סאיז
אבער גענוג צו פאַרטיפען זיך אין זיי, כדי איינצוזעהן, אַז דאָ איז
אַ גאַנץ לאָגישע קאָנסעקווענטע עוואָלוציע פונ'ם פאָרשענדען גע-
דאַנק. לכתחילה איז געווען בלויז די טעאָריע; ס'האָט געפעלט
דאָס יודישע לעבען. איז געקומען דאָס נאַקעטע גרויזאַמע יודישע
לעבען און האָט די ערשטע רגע געלייקענט לגמרי די טעאָריע.
איז נויטיג געווען אַן אָנגעשטרענגטע מוח-אַרבייט, בכדי מ'זאָל
די טעאָריע קאָנען צופּאַסען צום לעבען, און דאָס לעבען בעגריי-
פען מיט דער הילף פון דער טעאָריע.

אַלס רעזולטאַט פונ'ם סינטעז צווישען דער שטרענג דורכ-
געטראַכטער סאָציאַליסטישער טעאָריע און גענויען אַנאַליז פון דער
לעבעדיגער יודישער ווירקליכקייט איז בער באָראָכאָוו געקומען
צום פּועלי-ציוניזם.

אויב ביז צו יענער צייט האָט זיך די מאַרקסיסטישע טעאָר-
יע געדרעכענט דער עיקר מיט די קאָנפליקטען צווישען דעם וואוקס
פון די פּראָדוקטיווע כחות און דעם צושטאַנד פון די פּראָדוק-
ציאָנס-ב ע צ י ה ו נ ג ע ן, וואָס בילדען דעם תוך פון ס אָ צ י אַ ל ע ן
פ ר אָ ב ל ע ם און דעם סטימול פון ק ל אַ ס ע ן-ק אַ מ ף, האָט באָראָ-
כאָוו דער ערשטער אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אַוועק גע-
שטעלט פעסט דעם טראָפּ אויפ'ן צווייטען מין קאָנפליקטען צווישען
דעם וואוקס פון די פּראָדוקטיווע כחות און דעם סכום פּראָדוק-
ציאָנס-ב ע ד י נ ג ו נ ג ע ן, וואָס בילדען דעם תוך פון נ אַ צ י אָ נ אַ-

לען פראָבלעם און דעם טרייב-מאָטיוו פון דעם נאַציאָנאַלען קאַמף. דער קאַמף צווישען קלאַסען, הן צווישען נאַציעס ווערט געוויינליך געפירט ניט צוליב רוחניות'דיגע ווערטען, נאָר צוליב מאַטעריעלע קנינים, וועלכע מען קאָן אָפנעמען, עקספּראָפּריאירען. דער קלאַסען-קאַמף פירט זיך צוליב די פּראָדוקציאָנס-מיטעל; דער נאַציאָנאַלער קאַמף — צוליב די פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען.

די גרונט-פאָרם פונם נאַציאָנאַלען פאַרמעגען איז די טעריטאָריע, וועלכע נעמט אַרום און שליסט אין זיך איין אַלע פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען. דעריבער האָט דער נאַציאָנאַלער קאַמף תמיד אַ שייכות צו דער טעריטאָריע. ביי די מיטגלידער פון דער נאַציע, וואָס זענען אויסגעוואַקסען, געלעבט און זיך אַנטוויקעלט אין געמיינזאַמע האַרמאָנישע פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען וואַקסט-אויס אויפ'ן יסוד פונ'ם געמיינזאַמען היסטאָרישען עבר אַ געפיל פון קרובה'שאַפט—דער נאַציאָנאַליזם.

היות אבער, ווי די פאַרשידענע קלאַסען פון דער נאַציע געפינען זיך אין אַן אַנדער שייכות צו דער טעריטאָריע און איבעריגע מאַטעריעלע קנינים פון דער נאַציע, וואַקסען-אויס ביי יעדען קלאַס אַנדערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען און ס'ווערען אויך אַזאַ אופן פאָרמירט פאַרשיידענע טיפען פון נאַציאָנאַליזם.

ביי פרייע נאַציעס, וואס ווערען פון קיינעם נישט אונטערגעדריקט און האָבען די נויטיגע אויסערליכע גאַראַנטיעס פאַר זייער נארמאַלער אַנטוויקלונג, איז כמעט ווי נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען. אדרבא, ביי זיי ערשט טרעט אַרויס מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט דער אינערליכער סאָציאַלער קאָנפליקט צווישען די מיטגלידער פון איין און דערזעלבער נאַציע, וואָס שטאַמט פון זייער פאַרשיידענער שטעלונג אינם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס.

ווען די נאַציע איז אָבער בעשרענקט אין די מאַטעריעלע גרעניצען פון איר אַנטוויקלונג, אָדער ווען זי ווערט כסדר אונטערדריקט פון אַ דרויסענדיגען פאַקטאָר, דורך וואָס עס ווערען אַזוי אָדער אַנדערש בעריהרט אַלע קלאַסען, רוקט זיך אַרויס אויבען-אָן דער נאַציאָנאַלער מאָמענט און אַלע קלאַסען לעגען דאָס גאַנצע געוויכט אויפן נאַציאָנאַלען קאַמף.

פון דעם קומען מיר צו נאָך אַ כלל: ביי אַ הערשענדער שטאַרקער נאַציע מוז דער נאַציאָנאַליזם תמיד טראָגען אַ אַגרעסיווען כאַראַקטער, ווייל זי פאַלט אָן אויף אַ צווייטער נאַציע און וויל בא־יענער אָפּנעמען אירע מאַטעריעלע קנינים. דער נאַציאָנאַליזם

פֿון אַ שוואַכער נאַציע האָט בסדר אַ פֿאַרטיידיגונגס-כאַראַקטער, ווייל זי וויל זיך בלויז באַשיצען און ראַטעווען פֿון די דרויסענדיגען שעדליכע און צושטערענדע ווירקונגען. דער נאַציאָנאַליזם פֿון הערשענדע „נאָרמאַלע" נאַציעס איז אין תוך אַ רעאַקציאָנערער, בפֿרט ביי די הערשענדע קלאַסען זייערע, ווייל זיי ווילען אָפּט מיט זיין הילף אָפּמעקען און פֿאַרטונקלען די קלאַסען-סתירות. דער נאַציאָנאַליזם ביי די אונטערדריקטע „אומנאָרמאַלע" נאַציעס איז אין תוך אַ פּראָגרעסיווער, בפֿרט ביי די אונטערדריקטע קלאַסען זייערע.

צווישען דעם נאַציאָנאַלען און קלאַסען זעלבסט-באַוואוסטזיין איז דעריבער פֿאַראַן אין אַ געוויסער מאָס אַן אַנטאַגאָניזם, איינער זוכט גאַנץ אָפֿט צו פֿאַרטונקלען דעם צווייטען. דאָס פֿאַרטונקלען דעם זעלבסט-באַוואוסטזיין איז בכל אופֿן שעדליך, מעג עס שטאַמען פֿון נאַציאָנאַלער אָדער קלאַסען-דעמאַגאָגיע, ווייל דורכדעם ווערט פֿאַלש באַלויכטען די אמת'ע לאַגע און ס'ווערט געשטערט דער קאַמף, וועלכער איז אויסען די אינטערעסען פֿון קלאַס, צי אפֿילו פֿון דער נאַציע, וואָס איז, אין סך הכל, לגבי יעדען קלאַס ווידער טאַקי אַ קלאַסען אינטערעס.

אין זעלבען גייסט אַנאַליזירט באָראָכאָוו דעם נאַציאָנאַליזם פֿון פֿאַרשידענע קלאַסען אָפּהענגיג פֿון זייער באַציהונג צו די מאַטעריעלע קנינים פֿון דער נאַציע.

אויב פֿאַר די אַגראַריער און גרויסען קאַפּיטאַל איז די טעריטאָריע — ערד-אייגענטום, וואָס גיט רענטע און אַ שטיץ-פּונקט פֿאַר פּאָליטישער מאַכט, פֿאַר די מיטעלע קלאַסען — אַ געברויכס-מאַרק, האָט די טעריטאָריע פֿאַר'ן פּראָלעטאַריאַט די באַדייטונג פֿון אַן אַרבייטס-פּלאַץ און אירע באַשיצונגס-פֿאָרמען, — די פּאָליטישע גאַנצקייט, אינסטיטוטען, שפּראַך, ערציהונג און ד. גל. — האָבען פֿאַר אים אויך דעם געהעריגען ווערט.

דערביי ווייזט אָן באָראָכאָוו אויף דעם פֿאַקט פֿון קאָנקורענץ אויך צווישען די אַרבייטער צוליב'ן אַרבייטס-פּלאַץ. כל זמן דער אַרבייטער האָט נאָך נישט קיין אַרבייטס-פּלאַץ און ער דאַרף אים נאָך ערשט זוכען, קען נאָך נישט זיין קיין שמועס וועגען קאַמף און וועגען קלאַסען זעלבסט-באַוואוסטזיין — ביז צו יענער צייט וועגט אַריבער דער נאַציאָנאַלער מאָמענט דעם קלאַסען-מאָמענט און דער אַרבייטער קעמפֿט נישט אַזוי געגען קאַפּיטאַליסט, ווי געגען צווייטען אַרבייטער, וואָס וויל אים אויסקאָנקורירען, בפֿרט ווען דער דאָזיגער צווייטער איז אַן אָנגעקומענער, אַ פֿרעמדער. דאָס זעהט מען באַזונדערס בולט אין די לענדער פֿון אימיגראַציע און דאָס האָט כלל נישט צו טון מיט'ן קולטור-מצב פֿון די אַרבייטער. דער קלאַסען-באַוואוסטזיין קאָן זיך

נישט אַנטוויקלען נאָרמאַל דאָרט, וואו ס׳איז נישט געלעזט די נאַציאָנאַלע פראַגע. די מאַסען, וואָס זוכען זיך ערשט צו פּראָלעטאַריזירען זענען דעריבער שוואַך אין הלכות קלאַסענבעוואוסטזיין און זענען נוטה צו נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען. דאָרט, וואו דער אַרבייטער האָט שוין אַרבייט, וואַקסט זיין קלאַסענבעוואוסטזיין, הויבט זיך אָן זיין קלאַסען־קאַמף און זיין אַרבייטס־פּלאַץ קריגט שוין פאַר אים נאָך אַ בעדייטונג, נעמליך, די בעדייטונג פון אַ קאַמפּס־פּלאַץ, אָדער ווי באָראָכאָוו האָט עס אָנגערופען פון אַ סטראַטעגישער באַזע.

דער נאַציאָנאַליזם פון פּראָלעטאַריאַט האָט צו טון מיט די אינטערעסען פון זיין אַרבייטס־פּלאַץ און סטראַטעגישער באַזע. איז ער בכן נישט געגען די קלאַסען־אינטערעסען, נאָר, פאַרקערט, ווערט פון זיי געשפּייזט און געקרעפטיגט. אומנאָרמאַלע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען פון דער נאַציע, פאַרשמעלערען דעם אַרבייטס־פּלאַץ פון אירע אַרבייטער מאַסען, האַרמאָניזירען די שטימונג פון אַלע אירע מיטגלידער, ערציהען דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אַחדות, טעמפּען־צו די קלאַסען־געגענזאַצען און רופען זיך אָפּ שעדליך אויף דער אַנטוויקלונג פונם קלאַסען־קאַמף.

אָבער אין דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער בעפרייאונג ווייזט זיך ווידער אַרויס די קלאַסען־סטרוקטור פון דער נאַציע, ווייל יעדער קלאַס שטעלט זיך אַנדערע צילען און נעמט, בכן, אויך אַנדערע מיטלען, גייט מיט אַנדערע וועגען.

דעם אמת׳ען רעאַלען נאַציאָנאַליזם, וואָס שטעלט זיך אַלס ציל די רעאַלע בעפרייאונג פון דער נאַציע, די נאָרמאַליזירונג פון אירע פּראָדוקציאָנס־בעדינגונגען און פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען בעגעגענט מען ביי די פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון אונטערדריקטע נאַציעס.

די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אַ פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. זי ווייזט זיך אַרויס בולט אין די ערשיינונגען פון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ. די קאָנקורענץ ווערט אַרויסגערופען נישט דורך דעם עגאָאיזם פון די הערשענדע קלאַסען, נאָר דורך דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט האַלט אין איין שטרעבען אויסצוברייטערען זיך און, מהאי טעמא, שטויסען זיך צונויף די פאַרשיידענע נאַציעס, וואָס האָבען ביז אַהער געפירט, אין אַ געוויסער מאָס, אַן אָפּגעזונדערט לעבען. דאָס הייסט נאָך לחלוטין נישט, אַז דורכ׳ן קאַמף געגען דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן ווערט במילא אָפּגעשאַפט די נאַציאָנאַלע פראַגע. דאָס הייסט אָבער, אַז אויך דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דער אייגענטליכער טרעגער פונ׳ם קלאַסען־קאַמף



באראכאוו אין יאר 1903

און שעפֿער פֿון דער נייער סאָציאַלער פֿרייהייט, אַז ער איז אויך דער אייגנטליכער טרעגער פֿונ׳ם רעאַלען נאַציאָנאַליזם און נאָרמאַליזירענדיג זיין אַרבייטס־פּלאַץ און קאַמפּס־באַזע, ווערט ער דער שעפֿער פֿון דער פֿרייער נאַציע.

באָראָכאָוו האָט אויף אַ געניאַלען אופֿן שוין דאַן פֿאָרויסגעזעהן די ווייטערדיגע פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די נאַציאָנאַלע קאָנפֿליקטען אינ׳ם פּראָצעס פֿון דער קאַפּיטאַליזירונג פֿון דער וועלט און מיט דער גאַנצער דייטליכקייט אָנגעוויזען אויפֿ׳ן פּראָלעטאַריאַט, אַלס אויפֿ׳ן איינציגען טרעגער פֿון דער אמת׳ער אידעע פֿון רעאַלער נאַציאָנאַלער בעפֿרייאונג.

באָראָכאָוו האָט שוין די ברייטע פּלאַטפֿאָרם פֿאַר׳ן רעוואָלוציאָנערען פּועל־ציוניזם. ער דאַרף נאָך גובר זיין איין מניעה — ער דאַרף שאַפֿען די בריק צווישען „דאָ“ און „דאָרט“.

אָבער אויך דאָ איז שוין פֿאַר אים דער וועג געווען פֿריי. כּל זמן באָראָכאָוו האָט גופֿא אינ׳ם יודישען לעבען נישט בעמערקט קיין שאַפֿענדע כּחות און דער ציוניזם איז לגבי אים געווען אַ פּראָדוקט פֿון דרויסענדיגע ווירקונגען, איז במילא אויך די טעריטאָריע, קאָנקרעט פּאַלעסטינאַ, אין זיין אויפֿפֿאַסונג געווען לחלוטין אָפּגעריסען פֿון גלות און ס׳איז צווישען זיי ביידע קיין שייכות נישט געווען. אדרבא, איינס איז געווען פּונקט דער היפּוך פֿון צווייטען. גלות האָט געהייסען: גסיסה, אונטערגאַנג, אַנטי־פּאַלעסטיניזם. פּאַלעסטינאַ האָט געהייסען: אויפֿלעבונג, גאולה, פֿולשטענדיגער אָפּזאָג פֿון גלות. האָט מען געדאַרפֿט זוכען אַ קינסטליכע בריק, ווי נישט איז פֿאָרט צונויפֿצובינדען די צוויי, אין תּוך געגנזעצליכע, עלעמענטען.

איצט אָבער, נאָך דעם, ווי באָראָכאָוו האָט זיך סוף כּל סוף צונויפֿגעטראָפֿען מיט דער יודישער פּראָלעטאַרישער ווירקליכקייט, זי דערזעהן אינ׳ם פּראָצעס פֿון ווערען און אַנטוויקלונג, האָט ער אויך געפֿונען אירע אינערליכע שאַפֿענדע כּחות, וואָס זענען עלול אומצובייטען די סביבה אויך דאָ, אין גלות. ער האָט דערזעהן דעם יודישען אַרבייטער ביי דער אַרבייט און אין קאַמף, און ס׳האָבען זיך פֿאַר אים ביסלעכווייז, אָבער כּסדר, אומאויפֿהערליך אַנטפּלעקט די גוואַלדיגע עיקר׳דיגע שנוים, וואָס די פּראָצעסען פֿון אַרבייט און קאַמף האָבען שוין אַרויסגערופֿען אינ׳ם אַלגעמיינעם יודישען לעבען. נאָך מער, ס׳איז פֿאַר אים וואָס ווייטער קלאָרער געוואָרען, אַז אויך דער טעריטאָריאַליזם אין זיין קאָנקרעטער געשטאַלטונג, אַלס פּאַלעסטיניזם, איז אַ דירעקטער פּ ו ע ל־י ו צ א  פֿ ו ן  ג ל ו ת. ווייל אויך אין גלות ווירקען פֿאַרשידענע פֿאַקטאָרען, נישט נור דרויסענדיגע צושטערענדיגע, נאָר אויך איינעווייניגסטע, בויענדע. דער

פּאַלעסטיניזם איז אַ המשך פֿון די בוי-פּראָצעסן, וועלכע אַנטשטייען נאָך אין גלות, נאָר האָבן דאָ נישט די אָביעקטיווע בעדינגונגען פֿאַר זייער פֿולער התגלות, רייסן זיי זיך דורך דער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע צו נייע פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען, וועלכע האָבן זייער השלמה אין פּאַלעסטינאַ. די יודישע ווירקליכקייט ערשיינט שוין נישט מער לגבי באָראָכאָוו'ן אַלס איינצעלנע רינגעלעך, אַלס אַ שורה ערשיינונגען און געשעהענישען, וואָס זעבען צווישענאַנאַנדער נישט צונויפגעבונדען. ניין, דאָס יודישע לעבען איז אַ שטענדיג זיך אַנטוויקלענדער פּראָצעס, אַ פליסענדטייך, וואָס זייגע וואַסערן גיסען זיך פֿונאַנדער אין פאַרשידענע ריכטונגען און זוכען מיט אימפּעט און האַסט אַ וועג, וואו ברייט און פֿריי זיך פֿונאַנדערצופלייצען.

וויבאַלד אַזוי, פֿאַלט שוין אַוועק די פֿראַגע וועגען „דאָ" און „דאָרט". דאָס יודישע לעבען ענדיגט זיך נישט דאָ און הייבט זיך נישט אָן דאָרט. עס קומט פֿאָר גלייכצייטיג אי דאָ, אי דאָרט — אומעטום. אומעטום איז דער קאַמף פֿון די יודישע פּראָדוקטיווע כחות; די בעפֿרידיגונג פֿון זייערע בעדערפֿנישען, וואו זי זאָל נישט פֿאָרקומען, אַלץ איינס, ווירקט זי אויף דער שטאַרקונג און לעבענס-אויפשטייג פֿון גאַנצען אָרגאַניזם.

מען מוז דאָ אויפ'ן אָרט בעמערקען, אַז אין אַ געוויסען פּרט האָט אויף באָראָכאָוו'ן געווירקט דער דענסטמאָל אַרויסגעשוואומענער „סיימיזם" און אונטער זיין השפעה האָט באָראָכאָוו גענומען זוכען די פּאָזיטיווע מאָמענטען אינ'ם יודישען גלות לעבען.

די „סיימיסטען" זענען לכתחילה אַרויסגעטרעטען אַלס אַ גרופּע „וואָזראָזשדעניע", וועלכע האָט נאָך אין 1903 אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אומלעגאַלע זאַמעלביכער אונטער'ן זעלבען נאָמען. דער כאַראַקטער-שטריך פֿון די „וואָראָזשדענצעס" איז געווען זייער קרעפֿטיגער נאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָניזם; ס'האָט זיך ביי זיי געפֿילט דער יונגער, פֿרישער, מוטיגער גלויבען, אַ טיפֿער בטחון אין דער לעבענס-פֿיהיגקייט פֿון יודישען פֿאָלק. נצח ישראל לא ישקר. זיי האָבען נישט גערעדט דוקא וועגען פּראָלעטאַריאַט, נאָר וועגען די אַרבייטענדע מאַסען בכלל. נישט קיין מאַרקסיסטען, זענען זיי געווען אידעאָלאָגיש גרויסע מקורבים מיט די רוסישע ס. ר. דער גרעסטער פֿאַרדינסט זייערער איז געווען דאָס, וואָס זיי זענען אַנטשידען אויפגעטרעטען געגען דער „אונטערגיין"-טעאָריע פֿון די דענסטמאָלדיגע „פּועלי-ציון"-גרופּעס און, פֿאַרקערט, אויפגעוויזען, אַז אויך אין גלות קומט פֿאָר אַ כסדר'דיגער פּראָצעס פֿון „אויפלעבען". זיי האָבען די ערשטע צייט געהאַט אַ געוואַלטיגע השפעה אויף דער שטודירענדער יוגענט און מ'האָט זיך נישט-ווילענדיג

געמוזט אָפּשטעלען אויף זייערע טענות און זיך אויף זיי שטאַרק פאַרטראַכטען.

באָראָכאָוו'ן איז אויסגעקומען צונויפצוטרעפען זיך מיט די אָנשויאונגען פון די „וואָראָזשדענצעס" און ער האָט ביי זיי דאָס געזונטע גענומען. ער האָט בעזעסען די זעלטענע שאַצבאַרע מעלה פון אַן אמת-פאָרשער, וואָס ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקען אָנצוערקענען די אמת'ן אויך פון זיינע געגנער און איינצוזעהן די אייגענע טעות'ען און גרייזען. בעוואָפענט פון לאַנג שוין מיט דער גרינטליכער סאָציאַליסטישער וויסענשאַפט און צוקומענדיג איצט נאָהענטער און דירעקטער צו דער יודישער ווירקליכקייט, האָט באָראָכאָוו אַליין זיך דורכגעבראָכען דעם וועג פון אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע; דערמיט איז ער בייגעקומען דעם האַרטסטען נוס פון יודישען סאָציאַליזם און ער טרעט אַליין אַרויף אויפ'ן וועג פון שאַפען די גרונט-יסודות פון אַ יודישער מאַרקסיסטישער וויסענשאַפט.

אין 1905 יאָר, אויפ'ן VII-טען ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל ערשיינט שוין באָראָכאָוו אַלס מיטגליד פון דער פּועלי-ציוניסטישער פראַקציע. אָן דער שפּיץ פון די פּועלי-ציון-פּאַלעסטינצעס געפינט זיך דאַן מאַטעס לעווקאָווסקי, דער „באַטקאָ" פון יעקאַטערינאָסלאַוו. שוין דאָרט, אין באַזעל, לאָזט זיך פילען דער ריס צווישען די ביזאַהעריגע פּועלי-ציון מיט לעווקאָווסקי'ן בראש, וועמענס וועלט-אָנשויאונג איז אַן עקלעקטישע און וועלכע האָבען אַ שטאַרקע נטיה צו די „וואָזראָזשדענצעס", און צווישען די נייע דערווייל אומבעדייטענדע גרופּע, מאַרקסיסטישע פּועלי-ציון מיט באָראָכאָוו'ן בראש.

אין באַזעל קומט פאָר די ערשטע קאָנפערענץ פון די פּועלי-ציון-דעלעגאַטען צום קאָנגרעס און ס'ווערט געוויילט אַן אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט, וואָס זיין אויפגאַבע איז צונויפצורופען אַן אַלרוסלענדישען צוזאַמענפאָר פון אַלע פּועלי-ציון-אָרגאַניזאַציעס און בילדען די פּאַרטיי-איינהייט. באָראָכאָוו בלייבט אַ געוויסע צייט אין בערלין, וואו ס'גרופּירען זיך אַרום אים עטליכע בעגייסטערטע פייהיגע סטודענטען, צווישען זיי אויך די שפּעטער גוט-בעקאַנטע פּאַרטיי-טוערין גאָלדע (ה'טע רחל גאָלדין, איצט אין פּאַלעסטינאַ אונטער'ן נאָמען ינאית). באָראָכאָוו האַלט פאָרטראַגען איבער די יסודות פון פּועל-ציוניזם, און זיין יודיש-סאָציאַליסטישע וועלט-אָנשויאונג ווערט אַלץ מער פאַרטיפט און פאַרפעסטיגט. די טעאָרעטישע אַרבייט אין בערלין, ווייט פון דער יודישער אַרבייטערשאַפט, אָפּגעריסען פון דעם קאָכיגען ברויזענדען פּאַרטיי-קאַמף, וועקט אָבער אַן אומרו אין האַרץ פון באָראָכאָוו'ן. ס'וואַכט אין

אים אויף די געבאָרענע קעמפּער-נאַטור, וועלכע קאָן נישט אויסקומען אָן פּראַקטישער רעאַלער אַרבייט.

אין אַזאַ שטימונג רוקט זיך אונטער דער אָקטאָבער חודש 1905. ווי אַ פֿייער-לאַווע האָט זיך די רעוואָלוציע צוגאָסען איבער גאַנץ רוסלאַנד, פֿאַרכאַפּענדיג סטיכיש נישט נאָר די אַרבייטער און סאָלדאַטען, נאָר אויך קליין-בירגערליכע עלעמענטען און אַפֿילו די ליבעראַלע בורזשואַזיע. אָבער אויך פֿאַר׳ן פּראָלעטאַריאַט גופא איז דער נצחון געקומען צו אומגעריכט, אומפֿאַרהאָפֿט, און זיין רעוואָלוציאָנס-אויפֿשטייג האָט זיך שנעל אויסגעשעפּט גלייך, ווי ס׳איז ערשינען דער מאַניפֿעסט פֿון 17-טען אָקטאָבער. זענענדיג אומערפֿאַרען, האָט דער אַרבייטער אין דעם מאַניפֿעסט גופא געזעהן די קאַפּיטולאַציע פֿון דער זעלבסטהערשאַפֿט און האָט זיך בערוהיגט. וועגען די איבעריגע עלעמענטען איז שוין אָפּגערעדט. זיי האָבען זיך נאָך שנעלער „אָריענטירט” אין דער סיטואַציע, תיכף איינגעזעהן, אַז דורכ׳ן מאַניפֿעסט ווערט אָפּגעראַמט אַ היפּשער פּלאַץ פֿאַר זייער קלאַסען-ממשלה און זיי האָבען אָנגעהייבען איבעראַנייס זיך אונטערצוזופּ׳ענען צו דער הערשענדער קליקע. די צאַריסטישע רעאַקציע האָט געוואוסט, ווי אַזוי צו מאַכען אַ תל פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס, זי האָט געגעבען צייט דעם פֿאָלק, עס זאָל זיך ביי אים אויסוועבען די רעוואָלוציאָנערע שכרות און אויסשעפּען די אינערליכע התלהבות און יום-טוב-שטימונג. דאַן איז געקומען... דער 20-טער אָקטאָבער, און אַ ווילדע בעסטיע האָט זיך פֿונאַנדערגעהוליעט אין די יודישע שטעט און שטעטלעך, יודיש בלוט האָט זיך געגאָסען אָן אויפֿהער, דער יודישער כבוד איז פֿאַראומרייניגט געוואָרען, און דער גאַנצער יום-טוב איז פֿאַרוואָלקענט געוואָרען מיט אַ דיקער שוואַרצער כמאַרע ביים בעוואוסטזיניגסטען בעל-שמחה פֿון דער רוסלענדער רעוואָלוציע—ביים יודישען פּראָלעטאַריאַט.

קיין בערלין דערטראָגען זיך צו ערשט די גרוסען פֿון די רעוואָלוציע - אויסברוכען אין רוסלאַנד, און באָריאַ מיט זיינע תלמידים ווערען אויפֿגערודערט. ס׳האָט אויפֿגעוואַכט אין האַרצען אַ פֿרישע רויז פֿון האָפֿנונגען און חלומות און ס׳רייצט דאָס יוגענט-בלוט דער טרויס וועגען העלדישען קאַמף מיט׳ן בלוטיגען תלין פֿון רוסלאַנד—מיט׳ן צאַריזם. באָריאַ פֿילט אויך גאַנץ שאַרף, אַז איצט איז פּונקט דער גינסטיגער מאָמענט צו שאַפֿען די איינהייטליכע פּועלי-ציון פּאַרטיי, וועלכע וואָלט געהאַט די זכיה גלייך געהייליגט צו ווערען אין פֿייער פֿונ׳ם ערשטען רעוואָלוציאָנס-שטורעם. גיבען פּלוצים זיך אַ שאָט די פּעך-שוואַרצע ידיעות וועגען יודישע מאַסען-פּאָגראָמען, און דאָס בלוט פֿאַרקילט אין די אָדערן,

די אויגען לאָזען זיך אראָפּ. מ'שעמט זיך פאַרן אייגענעם געווי־סען. ווי קאָן מען אין אַזאַ שעת הירום זיצען אין אויסלאַנד, שטו־דירען און פאָרשען, לערנען אין ספרים, בעת דאָס לעבעדיגע לעבען קאָרטשעט זיך אין קאָנוואולסיווע ליידען, רופט און מאָנט צום קאַמף?!

די גאַנצע גרופּע מיט באָראָכאָוון בראש איילט קיין רוס־לאַנד צו שטעלען זיך אין די רייהען פון די קעמפער פאַר אַ נייעם רוסלאַנד, פאַר אַ נייעם יודישען לעבען, און ס'איז ביי איר שטאַרק און פייעריג דער פאַרלאַנג שוין, תיכף, אויפ'ן שטעל צו האָבען די אָרגאַניזירטע פּאַרטיי־מחנה, וואָס זאָל קאָנען אויפנעמען, ווי געהעריג, דעם קאַמף.

---

# IX

די פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד האָבען דאַן איבער־געלעבט אַ שווערען קריזיס; ס'האָבען זיך אָנגעהויבען די חבלי לידה פון קריסטאַליזירען די נייע וועלט־אָנשויאונג. נאָכן VII ציו־ניסטען קאָנגרעס האָט זיך געגרינדעט די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי, וואָס האָט ענדליך אָרגאַניזירט בעזונדער די אַלע טעריטאָריאַליסטישע ־עלעמענטען צווישען די פּועלי־ציון. די „מינטשוקעס” — פּועלי־ציון פון „מינסקער טאָלק” — האָבען אויך אויפגעקלערט זייער גייסטיגען פּנים, זיך אָפּגעזאָגט ענדגילי־טיג פון פּאַלעסטינאַ, אין דערזעלבער צייט אויך נישט אויפגעגעו־מען דעם פּאָליטישען קאַמף אין גלות און זיך קאָנסטיטואירט אַלס יודישע טעריטאָריאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי (י. ט. אַ. פּ.). פּאַקטיש איז עס אָבער געווען אַ גאַנץ קליינע, אומבעדייטענדע גרופּע מיט אָרגאַניזאַציעס בלויז אין איניגע געציילטע שטעט, און זי האָט לגמרי קיין השפּעה נישט געהאַט אויף דער יודישער אַרבייטערשאַפט.

די פּועלי־ציון פּאַלעסטינצעס האָבען צו דער צייט פאַר־מאָגט גרויסע שטאַרקע אָרגאַניזאַציעס אין גאַנצען לאַנד. אין ליטע און פּוילען, אין וואָלין און דרום־רוסלאַנד, אין קרים און אַפילו אין קאַווקאַז — אומעטום זענען סטיכיש אַנטשטאַנען פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציעס און רעקרוטירט אין זייערע שורות טויזענטער און טויזענטער יודישע אַרבייטער. ס'איז נישט געווען קיין צוזאַמענהאַנג, קיין שייכות צווישען ס'רוב אָרגאַניזאַציעס אַפילו פון איין און זעלבען געגענט. הן אָרגאַניזאַטאָריש, הן טעאָרעטיש. דער פּועלי־ציוניזם האָט זיך געשפּירט אין דער לופט און געצויגען זיין יניקה פון דער אַלטעגליכער יודישער אַרבייטער־ווירקליכקייט. דער „בונד” האָט נישט בעפרידיגט דעם בעוואוסטזיניגען אַרבייטער, ווייל די ערשטע

סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון יודישען אַרבייטער האָט צו יע-
נער צייט לגמרי איגנאָרירט די קאָנקרעטע יודישע ווירקליכקייט, די רעאַלע בעדערפנישען און נויטען פון יודישען אַרבייטער, און איר ערפאָלג האָט זי געהאַט מער צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס זי איז געווען דער ע ר ש ט ל י נ ג פון דער יודישער אַרבייטער-בעוועגונג, און דעם בכור איז אָפּגעגעבען געוואָרען די פון לאַנג אָנגעזאַמעלטע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע און קאַמפּס-חשק פון ליידענס-פולען, אויף קרבנות-פייהיגען יודישען פּראָלעטאַריאַט. און אויב די „מינטשוקעס" האָבען די ערשטע אָנגעהייבען אויפצו-ווייזען די טעות'ן פון „בונד" ספּעציעל בנוגע דער קאָנקרעטער יודישער ווירקליכקייט, האָט דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם געטראָ-פען דעם בונד אין סאַמע האַרץ, אויפווייזענדיג זיינע גרונט-חסרונות פון סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט, זיין אָפּאָרטוניזם און שאַבלאָנ-אַרטיגקייט.

דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם איז נאָך אָבער געווען אַ תּורה שבעל-פּה, און יעדער טעאָרעטיקער האָט זיך געהאַט זיין שיטה, יעדע שטאָט—איר טעאָרעטיקער. מ'האָט ערשט געדאַרפט זאַמלען די געדאַנקען און צונויפבברענגען זיי אין איין סיסטעם, אונטער-פירען איין וויסענשאַפטליכען יסוד אונטער דער גאַנצער טעאָרע-טישער געביידע, אַרויסזיפּען די זאַפטיגע און קערנדיגע אמת'ען און אָפּוואַרפען די פּסולת. דאָס האָט געקענט טון נאָר אַ צוזאַמענ-פאָר. דער צוזאַמענפאָר איז געווען נויטיג אויך צוליב ריין אָרגאַ-ניזאַטאָרישע טעמים, כדי צונויפצושמידען טעכניש די טויזענטער יחידים אין איין פּאַרטיי-אָרגאַניזם און פאַרוואַנדלען דעם המון רעוואָלוציאָנער געשטימטע אַרבייטער אין אַ דיסציפּלינירטער, גע-שולטער קאַמפּס-פייהיגער פּאַרטיי-מחנה.

דער אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעוויילט גע-וואָרען צו דעם צוועק אין באַזעל, האָט זיין חוב נישט ערפילט. פאַרקערט, ער האָט נאָך אָנגעהייבען צו פירען אַן אַנטי-פּועלי-ציוניסטישע אַגיטאַציע גופא אין די פּועל-ציוניסטישע אָרגאַניזאַ-ציעס, אויסנוצענדיג דערביי זיינע אָרגאַניזאַציאָנס-פאַרבינדונגען און דעם צוטרוי, וואָס די אָרגאַניזאַציעס האָבען צו אים געהאַט. ס'האָט פונקט פּאַסירט, אַז די מיטגלידער פונ'ם אָרג. קאָמיטעט זענען צוגעשטאַנען צו דער גרופּע „וואָזראָזשדענצעס" און געשאַ-פען די פּלאַטפאָרם פאַר אַ נייער „סיימיסטישער" פּאַרטיי. די נייע פּאַרטיי שטייט, אייגענטליך, אויפ'ן טעריטאָריאַליסטישען שטאַנד-פונקט. זי האַלט אָבער נישט פון פּאַלעסטינאַ. געוויער וועט זיי צו זאָגען, אַז זי איז דערוויל „נייטראַל" צו דער פראַגע מכח אַ קאָנ-קרעטער טעריטאָריע. זי האָט נאָך צייט דערויף. כדי דעם טער-

טאָריאַליזם צו רעאַליזירען איז נויטיג אַ פּ ר י ע ר צו אָרגאַניזירען אַלע נאַציאָנאַלע כּוחות אין גלות אויף אַן אויטאָנאָמען אופן, וואָס עס איז מעגליך דורך דעם נאַציאָנאַל-פּאָליטישען סיים. דער סיים וועט שוין אַליין בעשטימען, וועלכע טעריטאָריע איז פּאַר אונז פּאַסיג, ער וועט אויך זיין בכּוח צו שאַפען די קאָלאָסאַלע מיטלען, וואָס זענען נויטיג צוליב דער פאַרווירקליכונג פון'ם טעריטאָריאַ-ליזם. בכן איז דער לאָזונג פון סיים דער וויכטיגסטער, בּרענענ-דיגסטער לאָזונג פון פּאָליטישען קאַמף און ער מוז אַוועקרוקען אָן אַ זייט אַלע אַנדערע פאָדערונגען און לאָזונגען.

די פּלאַטפאָרם פון דער נייער „סיימיסטישער" ריכטונג איז געווען גלענצענד צונויפגעשטעלט, האָט אימפּאָנירט מיט איר ניי-קייט און מונטערקייט, געוויצט מיט די העלע פּערספּעקטיווען פון באַלדיגע צייטיגע פּירות אויפ'ן אָרט אַלס שכר פאַר די פינסטערע גלות-יאָרען. זי איז אויך געווען אַ רעאַקציע געגען פּאַלעסטיניזם, וואָס האָט אפילו ביי די פּועלי-ציון צו יענער צייט נישט צוגע-לאָזט קיין ברייטע קלאָר-פאָרמולירטע נאַציאָנאַלע לאָזונגען אין די גלות-לענדער.

האָט זיך דער סיימיזם אריינגעריסען אין די דעזאָרגאַניזירטע פּועלי-ציון רייהען און „איינגענומען" איין אָרגאַניזאַציע נאָך דער צווייטער. דער אַלטער פּועל-ציוניזם איז געבליבען אַ רגע פאַר'-חלש'ט, צוטומעלט, נישט קענענדיג אַנטקעגענשטעלען זיך דעם סיימיסטישען אָנגריף.

אין דער דאָזיגער צייט בעוויזט זיך אויף דער פּועל-ציוניס-טישער גאַס באָראָכאָוו, וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון בער-לין, און ער וואַרפט זיך אריין מיט דער גאַנצער ליידענשאַפט פון זיין נאַטור אין קאַמף פאַר'ן רעוואָלוציאָנערען אמת'ען פּועל-ציוניזם געגען די „פאַררעטער" פון אָרג. קאָמיטעט. ער ווערט די צענטראַלע פיגור, צו וועלכער עס ציהען זיך די טוער און אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען געבליבען טריי דער אַלטער פאָן; אין אים צילען אויך די שאַרפסטע און גיפטיגסטע פיילען פון זיינע נעכטיגע פריינד און היינטיגע געגנער. די „סיימיסטען" פאַרמאָגען אַ זעלטען טאַלאַנטפולע, גלענצענדע אינטעליגענץ, צווישען זיי אויסגעצייכענטע רעדנער און שריפטשטעלער: נ. שטיף (בעל דמיון), י. עפּרען, י. נאָוואַקאָווסקי, מ. זילבערפאַרב (באַזין), בן-אדיר. און ביי די מאַרקסיסטישע פּועלי-ציון פיגורירט כּמעט איין באָראָכאָוו. מיט אים צוזאַמען אַרבייטען אויך אַלכּסנדר (חאַשין), קיווין און אַנדערע יונגערע, אָבער די גאַנצע לאַסט און אחריות פאַלט פאָרט אויף באָראָכאָוו'ן. דער געדאַנק איז זיינער. די תּלמידים פּאָפּולאַ-ריזירען אים. און נישט בלויז די טעאָרעטישע אַרבייט ליגט אויף

זיינע פּלייצעס. ער גרינדעט אויף דאָס אָרג. ביוראָ, אַלס געגענגע-
וויילט צום אָרג. קאָמיטעט, און נעמט זיך צו דער אָרגאַניזירונג
פון דער פּאַרטיי.

און ער האָט בעוויזען ממש וואונדער. פון שטאָט צו שטאָט,
פון געגענט צו געגענט יאָגט ער זיך, דער אונערמידליכער, טרעט
ארויס אויף צענדליגער דיסקוסיאָנס - פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטען
און „מאַסאָווקעס", גייט אַליין אויף די „בירזשעס" און פירט אַ
פערזענליכע לאחדים-אַגיטאַציע, שרייבט פּראָקלאַמאַציעס, העקטאָ-
גראַפירט זיי און העלפט זיי פאַרשפּרייטען. דער סעקרעטאַריאַט
פון אָרג. ביוראָ — דאָס איז ער, בארָאַכאָוו. שיקט ער פונאַנדער
אין די צענדליגער בריוו צו אָרגאַניזאַציעס און צו איינצעלנע
חברים. ס'זענען בריוו נישט בלויז מכח ריין אָרגאַניזאַציאָנס-ענינים;
ס'זענען שאלות ותשובות איבער די גרונט-יסודות פון דער פּועל-
ציוניסטישער וועלט-אַנשויאונג. אַ סך פראַגען זענען נאָך פאַר אים
אַליין געווען ניי,—איז אונטערן דרוק פון דער נויטווענדיגקייט גע-
פינט ער אויף זיי די תשובה. ער שיקט פונאַנדער רעפערענטען
אין אַלע ערטער, וואו ס'דראָט אַ סכנה פון „פאַרכאַפּען". ס'פאָרען
פאַרשידענע חברים, מער פון אַלעמען אַליין בארָאָכאָוו. אין יעדען
אָרט ערשיינט ער אונטער אַן אַנדער נאָמען. דאָ איז ער חבר
נחמיה, דאָ—חבר גרשון, דאָרט—חבר דן און דאָ—פּשוט
בערל. זיין אַרבייטסזאַמקייט און פלייס איז אַנשטעקענד. אין
זיין סביבה קען מען נישט בלייבען פּאַסיוו און אומגיין ליידיג. די
הענט ציהען זיך צו אַרבייט און מ'וואַרט פון אים דירעקטיוועז. גיך
האָט ער געוואונען דעם אמת'ן צוטרוי פון זיינע חברים ז. ון שנעל
איז ער געוואָרען דער אָנערקענטער פירער און רבי פון טויזענ-
טער טרייע איבערגעגעבענע תלמידים. ביי דעם אַלעם איז ער
פאַרבליבען דערזעלבער עניו, זער שטילער, בעשיידענער מענש,
מיט'ן שטענדיגען אויפריכטיגען ברייטען שמייכעל אין זיינע גוטע,
מילדע אויגען, דערזעלבער גוטער-ברודער און איינפאַכער, גליי-
כער חבר, וואָס זוכט מיט אַלע מיטלען זיך נישט אַרויסצורוקען
און נישט דריקען דעם צווייטען מיט זיין געלערענטקייט און הויך-
געשטעלטקייט. אין זיין אַנוועזענהייט ווערט פרייער דער געמיט,
לייכטער אויף דער נשמה. ער וועקט אמונה און בטחון ביי די
חברים. נישקשה, באָריאַ וועט שוין געפינען דעם ענטפער, באָריאַ
וועט שוין געבען די נייטיגע פאָרמולירונג. און באָריאַ האָט עס
בעגעבען. טאָג און נאַכט געאַרבייט און ערפילט זיין פריי געגנו-
מענע אויף זיך פליכט. ער איז געווען דער מענש פון פליכט און
געוואוסט ווי צו צאָלען זיין פּאַרטיי-חוב.

ער לעבט אין שרעקליכער דחקות. ערב זיין פאָרען צום

ציוניסטישען קאָנגרעס האָט ער אין פּאָלטאַווע חתונה געהאַט מיט ליובע מעלצער, אַ שטילע, בעשיידענע גימנאַזיסטין, אַ טאָכטער פון אַ נישט-פאַרמעגליכען זייגער-מאַכער. זיצט זיך זיין פרוי אין פּאָלטאַווע און לעבט פון געבען „אוראָקען". באָראָכאָוו מוז כסדר אַרומפאָרען צוליב פּאַרטיי-ענינים און האָט נישט קיין צייט און קיין געלעגענהייט איינצואָרדנען זיין אייגענע פאַמיליען-לאַגע.

ער האָט אַפילו פאַרטיג צום דרוק עטליכע פילאָסאָפישע אַרבייטען; די רוסישע פאַרלעגער-וועלט איז נאָך אָבער דערווייל פאַר אים פאַרשלאָסען. און ס'הויבען זיך אָן צו בעווייזען קנייטשען אויף זיין ברייטען שטערען, קנייטשען פון זאָרג און יסורים—נישט פאַר זיך, נאָר פאַר דער פרוי, פאַר דער פּאַרטיי-אַרבייט.

X

בערך צו יענער צייט האָט זיך אין פּאָלטאַווע געהאַט גע-גרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע פון „פּועלי-ציון", וועלכע האָט תיכף אַנטוויקעלט אַ ברייט-פאַרצווייגטע פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַ-ציאָנס-טעטיגקייט אין גאַנצען ראַיאָן. בראש פון דער אַרבייט זע-נען געשטאַנען באָראָכאָוו'ס חברים און תלמידים: עובדיה (בן-צבי), אַרשאַווסקי (א. אַראַנאָוו), רפאל (ש. קאָפּעליאַנסקי) און אַ פּאָר יונגערע אַרבייטער פון פּאָלטאַווע, צווישען זיי אויך דער מחבר פון די שורות. די יונגע אָרגאַניזאַציעס פון פּאָלטאַווער ראַיאָן זענען גוט „בעאַרבייט" געוואָרען דורך רעפערענטען און אינסטרוקטאָרען, און ס'האָט זיך איינגעגעבען נישט צוצולאָזען צו אים די „סיימי-סטישע מגפה" אָנהייב דעצעמבער 1905 קומט פאָר דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון פּאָלטאַווער ראַיאָן, וואו באָראָכאָוו בעטייליגט זיך אַלס פאָרשטייער פון אָרג. ביוראָ. ס'איז געווען דער ערשטער פּועל-ציוניסטישער צוזאַמענפאָר אין רוסלאַנד מיט באָראָכאָוו'ס אַנטייל. דאָס ערשטע מאָל איז באָראָכאָוו'ן אויסגעקומען צו סיס-טעמאַטיזירען אין אַן אייגענעם קרייז זיינע פּועל-ציוניסטישע גע-דאַנקען און ברענגען זיי אין האַרמאָניע און הסכם מיט די גע-דאַנקען פון אַנדערע חברים, און נאָך פיל מעת-לעת'דיגע גרינטלי-כע וויכוחים אַרבייט ער אויס די רעזאָלוציע וועגען דער נאַציאָ-נאַלער פראַגע און קלאַסען-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז דערנאָך בערימט געוואָרען אין די פּועל-ציוניסטישע קרייזען. ס'איז דער המשך פון „די קלאַסען-מאָמענטען" און דער אָנזאָג פון „אונ-זער פּלאַטפאָרם". זיין אַלגעמיין-סאָציאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע פּרובירט ער שוין אָנצווענדען בנוגע דער יודישער ווירקליכקייט און ס'בעקומען זיך די גראָד-ליניגע, לאָגיש-געבויטע און וויסענשאַפטליך-דורכגעטראַכטע פּאָסטולאַטען

פֿונ'ם פּראָלעטאַרישען ציוניזם, וועלכע וועלען אויפֿגענומען מיט בעגייסטערונג איינשטימיג פֿונ'ם גאַנצען צוזאַמענפֿאָר. דער צוזאַמענפֿאָר האָט אויך בעשלאָסען נאָך איידער ס'וועט צונויפֿגערופֿען ווערען דער פּאַרטיי-טאָג אָנהייבען אַרויסצוגעבען אַ ראַיאָנס-אָרגאַן אונטערן נאָמען „יעווריעסקאַיאַ ראַבאָטשיאַ כראָניקאַ" און אין דער רעדאַקציאָנס-קאָלעגיע איז, נאַטירליך, געוויילט געוואָרען אויך באָראָכאָוו. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער אָרגאַן האָט געזאָלט אַרויסגיין אין רוסיש. — ווער וועט אין פּאָלטאַווער ראַיאָן לייענען אַ יודישען זשורנאַל? און אַגב — ווער וועט שרייבען יודיש? די וויכּוחים אויפֿ'ן צוזאַמענפֿאָר זענען, אַ חוץ קליינע אויסנאַמען, געפֿירט געוואָרען דורכאויס אין רוסיש און די פֿראַגע וועגען יודיש, וועגען שפּראַך בכלל איז לגמרי פֿאַר אים נישט געשטאַנען.

בעת'ן צוזאַמענפֿאָר איז מען געוואָר געוואָרען, אַז דער אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט רופֿט צונויף אין בערדיטשעוו אַ קאָנפֿערענץ כלומרשט פֿון דרום מערב-ראַיאָן, וואוהין ס'זענען איינגעלאַדען ספּעציעל בעשטימטע דעלעגאַטען און וואו עס וועלען זיין די גענעראַל-כּוחות פֿון די „סיימיסטען". וויסענדיג, אַז אין דער זעלבער צייט ווערען אָפּגעהאַלטען צוזאַמענפֿאָרען פֿון די פּועלי-ציון-אָרגאַניזאַציעס אין פּוילען, אין קרים און אין בעסאַראַביע, וועלכע זענען געבליבען טריי דעם „אָרטאָדאָקסאלען" פּועל-ציוניזם, האָט דער פּאָלטאַווער ראַיאָנס-צוזאַמענפֿאָר בעשלאָסען צו געבען אַ גענעראַל-שלאַכט דעם סיימיזם אין בערדיטשעוו און איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל שאַפֿען די שייד-ליניע צווישען די „סיימיסטען" און פּועל-ציון. אַלס דעלעגאַטען זענען געשיקט געוואָרען באָראָכאָוו און זיין נאָנטסטער חבר און תּלמיד—עובדיה.

מיד און פֿאַרמאַטערט פֿון פּאָלטאַווער ראַיאָנס-צוזאַמענפֿאָר איז באָראָכאָוו'ן נאָך אויסגעקומען צו האָבען זייער אַ שווערע נסיעה פֿול מיט שטרויכלונגען און מניעות צוליב'ן אייזענבאַן-שטרייק, וועלכער איז פּונקט אויסגעבראָכען לויט דער איניציאַטיוו פֿון מאָסקווער פּראָלעטאַריאַט. און אין בערדיטשעוו האָט ערשט אויף אים געוואַרט אַ קאָלאָסאַלע אַרבייט, וועלכע האָט געפֿאָדערט אַן אויסערגעוויינליכע אָנשטרענגונג פֿון אַלע גייסטיגע כּחות. די מערהייט באַמינירטע און איינגעלאַדענע דעלעגאַטען זענען שוין געווען אויפֿ'ן צד פֿון די „סיימיסטען". בלויז אַ קליינע גרופּע חברים, צווישען זיי חבר'טע גאָלדע, ח' ניסן (לוריע) און פּאַוועל (פּ. פּאַלעסטיניעץ), זענען געבליבען טריי דעם אַלטען פּועלי-ציוניזם. תּחילת האָבען די סיימיסטישע איינבערופֿער פֿון דער קאָנפֿערענץ כלל נישט געוואָלט צולאָזען די פּאָלטאַווער דעלעגאַציע, באשר פּאָלטאַווע איז נישט שייך צום דרום-מערב'דיגען ראַיאָן, דער עיקר, נאַטירליך,

ווייל אין דער דעלעגאַציע איז געווען באָראָכאָוו. זיי האָבן אָבער געמוזט נאָכגעבן און די שלאַכט איז פֿאַרגעקומען.

איבער צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד האָט געדויערט דער קאַמף; ס׳זענען איבערגעשאַצט געוואָרן אַלע ווערטן, אויפֿסניי אַנאַליזירט געוואָרן די עיקר׳דיגע פּראָבלעמען פֿון דער יודישער ווירקליכקייט און שטרענג קריטיקירט געוואָרן יעדער פּסוק, יעדער געדאַנק, יעדער בעגריף. די „סיימיסטען" האָבן אַרויסגערוקט אַ פֿאַרטיגע דעטאַל־אויסגעאַרבייטע פּראָגראַם מיט קאָנקרעטע לאָזונגען ספּעציעל בנוגע דעם פּאָליטישען קאַמף אויפֿ׳ן אָרט. איין רינגעל איז געווען קונציג איינגעפֿלאָכטען אין צווייטען, און די פּלאַטפֿאָרמע האָט געצויגען צו זיך און געבלענדט דאָס אויג מיט איר אַרכיטעקטאָנישקייט און העלען, מונטערן אויסבליק אויף די באַלדיגע אויסזיכטען פֿון קאַמף. ס׳איז געווען אַ נייע טעאָריע, אַ דורכגעטראַכטע אין דער שטילקייט און רוהיגקייט פֿון אינטעליגענטישען קאַבינעט, וואו ס׳איז פֿאַראַן צייט און געלעגענהייט בודק צו זיין יעדען שטריך און אויסקאָמבינירען די אַלע פּרטים פֿון בנין. באָראָכאָוו איז געקומען גלייך פֿון גאַס, אַריינטראָגענדיג דעם אומרו פֿון גאַס, די צושרויפֿטקייט און נערוועזיטעט פֿון די קאַמפּס־קאָנוואולסיעס, דעם פּלאָנטער פֿון דער לעבעדיגער קאָמפּליצירטער ווירקליכקייט, די ספֿקות און הארבע קשיות פֿון דעם פֿאָרט אומנאָרמאַלען און אומאָרגאַניזירטען יודישען לעבען. די ערשטע טעג האָט דער גלאַנץ פֿונ׳ם פּריש־פֿאָרמולירטען „סיימיזם" געשיינט און געפֿינקעלט מיט זיכערהייט. אָבער באָראָכאָוו דער קעמפּער האָט גערופֿען צו הילף באָראָכאָוו׳ן דעם דענקער און ביסלעכווייז האָט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען אין דער סיימיסטישער געביידע און בלאַט נאָך בלאַט זענען אויסגעריסען געוואָרן פֿון זייער „נייעם" ספֿר, אַלס אַלטע פּסול׳ע שמות פֿון קליין־בירגערליכען, אַנטי־פּראָלעטאַרישען דענקען. דאָ איז באָראָכאָוו׳ן צו נוץ געקומען זיין ענציקלאָפּעדיש וויסען, זיין בקיאות אין אַלגעמיינע פֿילאָסאָפֿישע און סאָציאָלאָגישע פֿראַגען און ער האָט אונטערגעגראָבען דעם יסוד פֿון דער סיימיסטישער טעאָריע, וואָס האָט זיך נאָך אַלעמען געדרייט דורכאויס און אויסשליסליך אַרום דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע און וואו ס׳האָט זיך געלאָזט שטאַרק פֿילען דער בייגעשמאַק פֿון סוביעקטיווען רצון. באָראָכאָוו צורייסט דעם גאַנצען קונציגען, לופֿטיגען שפּינוועבס פֿון סיימיסטישען פּלפּול מכוח פֿאָרם און אינהאַלט בנוגע דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. ער וואַרפֿט אָפּ די משונהדיגע, אין גרונט פֿאַלשע, טעאָריע וועגען נאַציאָנאַלער עקספּלואַטאַציע, לאַכט־אויס די אינהאַלטסלאָזע בעגריפֿען פֿון „אַנטאַרטונג" און „אויפֿלעבונג", פּונקט ווי די בעל־הביתישע אַנ-

ריזונג אויפֿ'ן „וואוקס פֿון סאָציאַלען מהלך" אַלס מאָטיוו פֿון קאַמף פֿון יודישען אַרבייטער.

קריטיקירענדיג שריט נאָך טריט די סיימיסטישע טעאָריע, מוז ער געבען דעם פּועל־ציוניסטישען ענטפֿער אויף די אַלע זעלביגע פֿראַגען, שאלות און ספֿקות. אַזאַ אַלגעמיין אָנגענומענער, בפֿרט געגנוי און אויספֿירליך פֿאָרמולירטער פּועלי־ציוניזם איז נאָך אָבער נישטאָ; אַלס דירעקטיוו פֿון פּאָלטאַווער ראַיאָנס־צוזאַמענפֿאָר האָט באָראָכאָוו מיט זיך מיטגעבראַכט בלויז די אויבענדערמאָנטע רעזאָלוציע וועגען דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. די נאַציאָנאַלע לאָזונגען אין די גלות־לענדער, ווי אויך די רעאַליזירונג פֿונ'ם פּאַלעסטיניזם האָט דער פּאָלטאַווער ראַיאָנס־צוזאַמענפֿאָר נישט בעוויזען צו בעטראַכטען. מוז באָראָכאָוו איצט אַליין, אויף אייגענער אחריות, אויפֿ'ן שטעל טאַקי שאַפֿען די בעגרינדונג, אַרויסרוקען לאָזונגען און אויפֿשטעלען אַ גאַנצע געביידע, וואָס זאָל קאָנען קאָנקורירען מיט דעם סיימיסטישען בנין. ער נעמט אויף די אחריות־פֿולע אויפֿגאַבע און ערפֿילט זי גלענצענד. ער הייבט אָן פֿון ווייט; נישט פֿון דער יודענפֿראַגע, אויך נישט פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, נאָר פֿון דעם פּראָבלעם פֿון מענשליכען זיין בכלל. ער רירט אָן די פֿילאָסאָפֿישע און סאָציאָלאָגישע יסודות פֿון דעם מענשליכען קאַמף און אַנטוויקלונג. ער וויל נישט אָננעמען אויף גלויבען קיין סאָציאַליסטישע לאָזונגען, ווי דאָס טוען סיי דער בונד, סיי די ס. ס. און איצט די סיימיסטען. לגבי אים איז פּועלי־ציוניזם נישט בלויז אַ שטעלונג צו די פּראָבלעמען פֿון יודישען פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַ אויפֿפֿאַסונג פֿון דעם סאָציאַליזם בכלל, ס'איז אַ וועלט־אָנשויאונג, אַ לעבענס־פֿילאָסאָפֿיע. מוז זי האָבען אַן אַלגעמיין וויסענשאַפֿטליכען פֿונדאַמענט, אויף וועלכען ערשט עס דאַרפֿען אויפֿגעלייגט ווערען די ווייטערדיגע איינצעלנע ציגעל. אין גאַנצען משך צייט פֿון דער בערדיטשעווער קאָנפֿערענץ האָט באָראָכאָוו מיט אַ זעלטענער התמדה און פֿלייס געאַרבייט אויף זיין פּועל־ציוניסטישען בנין. דערין האָבען אים געהאָלפֿען זיינע געגנער, וועלכע האָבען געהאַלטען כסדר אין אָנווייזען די פֿעלערן און גרייזען פֿונ'ם אַלטען פּועל־ציוניזם, אין אויפֿזוכען זיינע אומבעשיצטע, נאַקעטע פּונקטען. באָראָכאָוו האָט זיך נישט געשעמט מודה צו זיין אין די ביזאַהעריגע טעות'ן און אַליין אויפֿדעקען די חסרונות; פֿאַרמאָגענדיג אָבער זיין שטרענגען מאַרקסיסטישען מעטאָד פֿון אַנאַליז און האָבענדיג שוין די אַלגעמיינע קאָנטורען פֿון זיין מאַרקסיסטישער הסברה פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, איז ער מיט זיכערע טריט געגאַנגען אין זיין שווערען, נישט אויסגעטראָטענעם וועג. ער האָט, נאָך אַ לאַנגען קאַמף, אויפֿגענומען אויך דעם לאָזונג פֿון סיים; אָבער נישט אַלס

איינציגע באַלדיגע תרופה פאַר אַלע צרות, נישט אַלס איינציגער רעזערוואואַר פאַר דער יודישער נאַציאָנאַלער ענערגיע, און אַ פשיטא נישט אַלס דערוויילִיגער סורראָגאַט פון׳ם טעריטאָריאַליזם דער לאָזונג פון דער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע איז לגבי באָראָכאָוו׳ן דער מעגליכער מאַקסימאַלער פּאָליאַטיוו אין די גלות-לענדער, וועלכער ווערט אַרויסגעשטעלט גלייכצייטיג מיט׳ן לאָזונג פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. צוליב׳ן סיים ווערט דער טעריטאָריאַליזם נישט קיין נדחה-אידעאַל, פונקט ווי צוליב דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע זאָגען מיר זיך נישט אָפּ פון דער מעגליכער, זאָל זיין בצמצום׳דיגער רעגולירונג פון אונזער לעבען דאָ.

די „סיימיסטען”, וועלכע האָבען אין אָנהויב פון דער בערדי-טשעווער קאָנפערענץ געהאַט פאַרטיג די שאַרפסטע און שווערסטע געווער צו שטורמעווען און אומצוואַרפען די לגמרי שוואַכע ווענט פון׳ם אַלטען פועל-ציוניזם, האָבען צום סוף איינגעזעהן, אַז תוך כדי דבור, טאַקי אויף דער קאָנפערענץ גופא, איז אויסגעמויערט געוואָרען אַ נייע געפאַנצערטע פעסטונג פון אַ שטרענג-מאַרקסיסטישען, וויסענשאַפטליך-בעגרינדעטען, לאָגיש-קאָנסטרואירטען, לעבענס-טרייען און קאַמפס-פייהיגען פועל-ציוניזם. ביי דער נייער פעסטונג איז געשטאַנען איר אומערמידליכער בויער און מסירת-נפש׳דיגער פאַרטיידיגער — בער באָראָכאָוו. און די שפאַלטונג האָט געמוזט פאַרקומען. באָראָכאָוו איז אַוועק פון דער קאָנפערענץ מיט אַ קליינער גרופּע אָנהענגער; ער האָט אָבער מיט זיך פון דאָרט אַרויסגעטראָגען אַ גאַנצען אוצר — אַ מתנה דער יו-דישער אַרבייטערשאַפט — די אין פייער פון טעאָרעטישען ליידענ-שאַפטליכען וכוח געלייטערטע און געפּרובירטע טעאָריע פון׳ם מאַרקסיסטישען רעוואָלוציאָנערען פועל-ציוניזם.

## XI.

ערשט איצט נאָך דער בערדיטשעווער קאָנפערענץ שטעלט זיך אַוועק אין איר גאַנצער אָרגאַניזאַציאָנעלער דרינגליכקייט די פראַגע וועגען צונויפרופען דעם גרינדונגס-צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי. ס׳עקזיסטירען שוין אַ גאַנצע צאָל אָרגאַניזירטע ראַיאָנען. אַ בעזונדער בעדייטונג האָבען דער קרימער פאַרבאַנד און פּויליש-ע פאַרבאַנד, וואָס האָבען זיך שוין צו יענער צייט געהאַט קאָנ-סטיטואירט. אין קרימער פאַרבאַנד איז פאַרגעקומען אַ שפאַלטונג אַ דאַנק דעם „פאַרראַט” פון אַ פּאָר מיטגלידער פון ראַיאָנס-קאָ-מיטעט. דער פּוילישער פאַרבאַנד איז געבליבען איינהייטליך און פעסט. די „סיימיסטען” האָבען זיך געוועסט געגעבען אַ רוק אַ הין,

האָט מען זיי אומגעקערט די הוצאות הדרך און זיי האָבען געמוזט
צוריק-פֿאָרען מיט גאָרנישט. באָראָכאָוו שטייט שוין אין ענגע
פֿאַרבינדונגען מיט די אַלע אָרגאַניזירטע ראַיאָנען, ווי אויך מיט
איינצעלנע גרופּען און טוער אין די געשפּאָלטענע אָרגאַניזאַציעס,
און ער פֿירט אונטערהאַנדלונגען וועגען דעם קומענדען פּאַרטיי-
צוזאַמענפֿאָר. ס'ווערען געמאַכט פֿיבערהאַפֿטע הכנות. איינער נאָכ'ן
צווייטען—צירקוליאַרען, וואו נויטיג—מענשען, און ענדליך, פּורים 1906
קומט-זיך-צונויף דער צוזאַמענפֿאָר אין פּאָלטאַווע, אינ'ם צענטר
פֿון די „באָראָכאָוויסטען" און פֿאַרבינדט אויך סימבאָליש די גרינ-
דונג פֿון דער פּאַרטיי מיט באָראָכאָוו'ס היים-שטאָט. ס'זענען
זיך צונויפֿגעפֿאָרען דעלעגאַטען פֿון אַלע עקען רוסלאַנד, מ'האָט גע-
מוזט צוגרייטען קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען פֿאַר זיי און פֿאַר'ן
צוזאַמענפֿאָר גופֿא. מ'האָט געדאַרפֿט בעזאָרגען עסענוואַרג און קאָ-
רעספּאָנדענץ, און ביי אַלע אַרבייטען טרעפֿט מען באָראָכאָוו'ן. ער
איז אַ שיינענדער, אַ גליקליכער. ס'איז דער יום-טוב פֿון דער פּאַר-
טיי, ס'איז זיין יום-טוב. די רעפֿעראַטען זענען איינגעטיילט געוואָ-
רען צווישען עטליכע חברים אין לעצטען מאָמענט, נאָר מ'קימערט זיך
קנאַפּ-וואָס וועגען דעם; — ווי באַלד באָריאַ איז דאָ, וועט מען זיך
שוין אַן עצה געבען.

אין אַ נידריגער, האַלב-איינגעפֿאַלענער מאַלאָראָסישער „חאַ-
טע", ערגיץ אין עק שטאָט, אויף די ווייטע „קאָביעשצאַנעס" ביי
אַ בייגעל-בעקער איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער גרינדונגס-צוזאַ-
מענפֿאָר פֿון דער נייער פּאַרטיי. דאָס הויז און די אַרומיגע גאַ-
סען תמיד בעוואַכט דורך אויסגערעכענטע און אָפּגעהיטענע חברים,
צונויפֿגעדריקט און צונויפֿגעשטיקט אין ענגע צוויי צימערלעך, אָפֿט
אויסגעשמירט און אויסגעריבען אין דעם קאַלך פֿון די ווענט און
אין די צונויפֿגעוואָרפֿענע זעקלעך מעל, האָבען די דעלעגאַטען אַ
גאַנצע וואָך פֿאַרבראַכט אין אָנגעשטרענגטער אַרבייט, אָפּגעזונדערט
און אָפּגעשיידט פֿון דער גאַנצער דרויסענדיגער לעבעדיגער וועלט.
כמעט ווי נישט געשלאָפֿען און נישט געגעסען, איז מען דאָך די
גאַנצע צייט געווען מונטער און פֿריש. וויייל אין דער דאָזיגער
שטיקענדער אַטמאָספֿער איז געטון געוואָרען אַן ערנסטע, הייליגע
אַרבייט; ס'האָבען זיך געשמידט אָרגאַניזאַציאָנס-פֿאָרמען פֿאַר דער
נייער פּאַרטיי און ס'האָבען זיך קריסטאַליזירט די היסטאָרישע אויפֿ-
גאַבען פֿון דער יודישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. מ'האָט זיך פֿאַר
דער וואָך צייט צונויפֿגעלעבט, באָהעטער, היימישער, חבר'שער,
אייגענער געוואָרען, און אַוועקגעלייגט דעם יסוד פֿאַר דער אינטי-
מער, האַרציגער און אויפֿריכטיגער פֿריינטשאַפֿט פֿון דער פּועלי-
ציוניסטישער משפּחה. די נשמה פֿון דער משפּחה, דער לעבעדיגער,

פֿרישער און בעפֿרוכטעַנדער גייסט פֿון צוזאַמענפֿאָר איז, זעלבסט-פֿאַרשטענדליך, געווען באָראָכאָוו, וועלכער איז שנעל געוואָרען אויסגעבונדען מיט אַלע דעלעגאַטען, מיט אַלעמען אַריבער אויף „דו“ און אין דערזעלבער צייט אַלעמען אומבעמערקטערהייט געצויגען צו זיך, אַרויפֿצו, אין די העכערע עולמות פֿון פֿרייען גייסט, פֿאַרשטענדען געדאַנק און קריטישען שכל. די הויפּט-רעפֿעראַטען האָט געלייענט באָראָכאָוו. צוליב ענַיוות און כּדי צוצוגעבען מער און גרעסער אָנזעהן דעם צוזאַמענפֿאָר האָט ער געצוואונגען אויך אַנדערע חברים צו לייענען רעפֿעראַטען איבער געוויסע פּונקטען; ער פֿלעגט אָבער נעמען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע און די ווייטערדיגע ויכּוחים פֿלעגען שוין אַוועקגיין אויף דער ליניע, וואָס ער האָט אָנגעצייכענט שטענדיג און כּסדר איז ער אויף זיין פּאָסטען, נישט צו דערלאָזען קיין פֿאַלשען געדאַנק, קיין נאַאיווען פֿאָרשלאַג. אויף די פּלענאַר-זיצונגען און אין די קאָמיסיעס, ביי רעפֿעראַטען און בעת'ן צונויפֿשטעלען רעזאָלוציעס איז ער דער אַקטיווסטער און וואַכענדער גייסט. ער איז אויפֿגערודערט, רייכערט ער אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס, ציטערן נערוועז די מוסקולען פֿון אויג, איז שוין די שטימע הייזעריג, אָבער די אַרבייט מוז ווייטער געפֿירט ווערען.

דער קאָנספּיראַטיווער אָרט פֿון צוזאַמענפֿאָר איז, משמעות, אויסגעשפּירט געוואָרען און מ'האָט זיך געמוזט אין איילעניש אַריבערטראָגען פֿון דאָרטען, הגם מען איז נאָך געווען אין רעכטען מיט פֿון דער אַרבייט. ס'איז אוממעגליך געווען צו געפֿינען אַן אַנדער קוואַרטיר און מ'האָט ריזיקירט. באָראָכאָוו האָט געוואוינט אין אַ האָטעל פּונקט קעגענאיבער דער פּאָליציי אין צענטער פֿון שטאָט. האָט מען זיך צו אים פֿאַרקליבען צו פֿאָרטזעצען די אַרבייט. איין טאָג איז דורך בשלום, האָט מען געאיילט אויסצווויילען דעם צ. ק. אויפֿ'ן צווייטען טאָג איז געקומען פּאָליציי. בעת באָראָכאָוו האָט געפֿירט אונטערהאַנדלונגען מיט די אָרדנונגס-היטער, איז חברה געשפּרונגען דורך די פֿענסטער און געמאַכט פּליטה. באָראָכאָוו'ן מיט נאָך אַ פּאָר חברים האָט מען אַרעסטירט, אָבער מ'האָט אים באַלד פֿרייגעלאָזען מחמת זיינע פּאַפּירען זענען געווען אין אָרדנונג.

דער צוזאַמענפֿאָר איז דורכגעפֿאַלען, אָבער די וויכטיגסטע אָרגאַניזאַציאָנס-אַרבייט איז שוין אָפּגעטון. ס'איז פֿייערליך פּראָקלאַמירט געוואָרען די גרינדונג פֿון דער יוד. סאָצ. דעמ. אַרב. פּאַרטיי „פּועלי ציון“, ס'איז געשאַפֿען געוואָרען דער אָרגאַניזאַציאָנס-אַפּאַראַט. ס'מוז נאָך פֿאַרענדיגט ווערען די טעאָרעטישע אַרבייט, ווערט דערצו תּיכּף בעשטימט אַ טעאָרעטישע קאָנפֿערענץ, וועלכע אַרבייט תּחילת אין קאָנסטאַנטינאָגראַד (פּאָלט. גוב.), דערנאָך אין סימפֿעראָפּאָל (קרים). די קאָנפֿערענץ נעמט-אָן באָראָכאָווס

הויפּט-עיקרים, און איצט האָט ער די אויפֿגאַבע צו בעאַרבייטען די אַלגעמיינע טעזיסען אין אַ ברייטער אויספֿירליכער און דעטאַלי-זירטער פּלאַטפֿאָרם.

דער צוזאַמענפֿאָר האָט בעשלאָסען אַרויסצוגעבען צוויי צענטראַלע-אָרגאַנען: אין יודיש און אין רוסיש. דאָ, אויפֿ'ן צוזאַ-מענפֿאָר זענען שוין געווען פֿאַרטרעטער פֿון די יודישע אַרבייטער-צענטרען אין ליטע און פּוילען און ס'איז שוין אויך נאַטירליך געווען דער בעשלוס, אַז דער פּאַרטיי-צענטער מוז וואָס גיכער אַרי-בערגעטראָגען ווערען אין האַרץ פֿון יודישען תּחום, אין ווילנאַ, און אַז די פּאַרטיי קאָן אַרויסגעבען דעם רוסישען אָרגאַן ערשט נאָך דעם, ווי ס'וועט ערשיינען דער צענטראַלער אָרגאַן אין יודיש. ס'זענען שוין אויפֿגעטרעטען אַ שורה רעדנער אין יודיש; באָראָ-כאָוו אַליין האָט זיך שוין גוט אויסגעלערנט צו פֿאַרשטיין יודיש, אָבער דערווייל בענוצט ער זיך נאָך דורכאויס און אויסשליס-ליך מיט רוסיש.

נאָכ'ן צוזאַמענפֿאָר ווערט באָראָכאָוו'ס אַרבייט פֿאַרצווייגטער און אינטענסיווער. מען מוז איבעראַל זיין צו העלפֿען דער אָרגאַני-זירונג אויף די ערטער. אָט איז ער אין קרים, וואו ער פֿירט אַ גענעראַל אָפֿענסיווע געגען די „סיימיסטען" און אָט פֿאָרט ער קיין וואָראָניעזש, וואו ס'קומט פֿאָר דער צוזאַמענפֿאָר פֿון די אָרגאַני-זאַציעס אין צענטראַל-רוסלאַנד. אין דעם געגענט אַרבייטען נאָך צוזאַמען די פּ. צ. מיט די ס. ס. די ראַיאָן-קאָנפֿערענץ דאַרף אַנטשיידען דעם ווייטערדיגען גורל פֿון די אָרגאַניזאַציעס. גרייטען זיך ביידע צדדים. מען מוז שיקען די שווערע אַרטילעריע, און ס'פֿאָרט באָראָכאָוו. אָבער אויף דער קאָנפֿערענץ ערשיינט ער אַלס גרשון. די אייגענע פּאַרטיי-חברים זענען תּחילת אומצופֿרידען מיט דער טאַקטיק פֿון נייעם צ. ק. ווי פֿאַרשטייט ער נישט, אַז ביי אַזאַ ערנסטער לאַגע דאַרף מען אַהער שיקען באָראָכאָוו'ן, נישט עפּעס אַ גרשון!? אָבער מיט יעדען אויפֿטריט זיינעם, געווינט גרשון דעם צוטרוי פֿון די חברים, און ביי זיי פֿלאַקערט ערשט רעכט אויף דער חשק צו זעהן באָראָכאָוו'ן: מה-דאָך גרשון איז אַזאַ וואַזשנע כּלי, היינט ווי דאַרף שוין זיין באָראָכאָוו אַליין?!

שפּרייטען זיך די קלאַנגען וועגען באָראָכאָוו'ן, וועבען זיך לעגענדען וועגען דעם געליבטען און געאַכטעטען פֿירער און רבי, און פֿון די ווייטסטע ווינקעלעך זענען חברים עולה רגל אין פּאָל-טאַווע צו זעהן „אים", צו זוכען ביי „אים" אַן ענטפֿער אויף די מאַטערנדע שאלות.

דער אַריבערפֿאָר קיין ליטע קומט נישט אָן אַזוי לייכט און די אָרגאַניזאַציעס פֿאַרלאַנגען ליטעראַטור. די ס. ס. געבען שוין

אַרויס אַן אָרגאַן, די „סיימיסטען" האָבען זאַמעל-ביכער, פּועלי ציון פאַרמאָגט נישט אַפילו קיין איין-איינציג ביכעל. אָבער דאָ אין פּאָלטאַווע קאָן מען אַרויסגעבען בלויז אַ רוסישען אָרגאַן. וואָס זשע טוט מען מיט'ן בעשלוס פון צוזאַמענפאָר? שלעפּט מען אַרויס פון אַרכיוו דעם אַלטען בעשלוס פון ערשטען פּאָלטאַווער ראַיאָנס-צוזאַמענפאָר וועגען אַן אייגענעם ראַיאָנס-אָרגאַן און מ'טרעט צו אַרויסצוגעבען אין פּאָלטאַווע די „יעוור. ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ". די אַנומעלטען אויסגעוויילטע רעדאַקציאָנס-קאָלעגיע איז אויפ'ן אָרט. אָבער ווער וועט שרייבען? באַריאַ. און ער שרייבט. דעם לייט-אַרטיקעל, פּאָפּולערע שמועסען אונטער'ן נאָמען „ריאַדאָוואָי" און — דאָס וויכטיגסטע — „אונזער פלאַטפאָרם" אונטערן נאָמען „פּאָס-טאָיאַנני". לכתחילה האָט עס געזאָלט זיין אַ קורצער מאמר, וואָס בעגריינדעט אונזערע לאָזונגען. אָבער צוטרעטענדיג צו דער אַרבייט, פאַרטיפענדיג זיך אין די פראַגען, האָבען זיך געמערט די בלעט-לעך, דער דרוקער האָט געאיילט, האָט מען אים געמוזט געבען איינצעלנע בלעטלעך מיט פרישען טינט, נישט האָבענדיג אַפילו די מעגליכקייט דורכצוזעהן דאָס אָנגעשריבענע, דאָס גאַנצע. האָט זיך דער מאמר צוצויגען, זענען געוואַקסען די עמודים און דער „סוף קומט" איז איבערגעטראָגען און אָפּגעלייגט געוואָרען פון נומער צו נומער, שפּעטער — פון זשורנאַל צו זשורנאַל. די ערשטע טיי-לען געדרוקט אין „יעוור. ראַב. כראָנ." אין פּאָלטאַווע, אַ צווייטער טייל — אין „מאָלאָט" אין סימפעראָפּאָל, און דער סוף — אונטער אַן אַנדער קעפּעל (די ראָל פון אַרב.-קלאַס אין דער רעאַליזי-רונג פונ'ם טעריטאָריאַליזם") אין „פּראָלעטאַרישען געדאַנק" אין ווילנא.

דאָס איז זיכער געווען די בלי-צייט פון באָראָכאָוו'ס שאַפען. אין די פּאָליטישע לייט-אַרטיקלען מערקט זיך דער שאַרפער פּאָלי-טישער שכל, וואָס אָריענטירט זיך לייכט אין די פאַרפּלאָנטערסטע און נעבעלדיגסטע ערשיינונגען פון דעם דענסטמאָלדיגען פּאָליטי-בין-השמשות אין רוסלאַנד; פון יעדער שורה דרינגט אַרויס אַ טי-פער אָפּטימיזם, אַ גייסטיגע דערהויבונג און אַ זודיגער לעבענס-אויפברויז. אין דער „פלאַטפאָרם", הגם זי ווערט געשריבען אין די שרעקליכסטע טעכנישע בעדינגונגען, איז ניכר דער איינגעפונדע-וועטער געדאנק, איז בולט די לאָגישע קאָנסטרוקציע, די קערענדיג-קייט און וואָרצעלדיגקייט פון די אַרויסגעבראַכטע כללים, די טרעפליכקייט און וויסענשאַפטליכע גענויאיגקייט פון די אָנגעגעבענע דעפיניציעס. יעדער עמוד איז פאַר די חברים גופא אַ גלוי שכינה פון פּראָלעטאַרישען שאַפונגס-גייסט, אַ ליכט-שטראָם וואָס מאַכט העל אין די פינסטערע קעמערלעך פון מוח. ס'איז אַן איבעררא-

טונג דער גאונישער דענק-אפאראט און די מערקווירדיגע אנאלי-טישע חריפות. אין דערזעלבער צייט איז דער גאנצער מאמר אנ-געזאפט מיט'ן טוי פון דער טאג-טעגליכקייט און מ'פילט אין אים בחוש דעם פיבערדיגען צאפעל פונ'ם לעבעדיגען לעבען. ס'איז נישט קיין אבסטראקטע קאבינעט-פארשונג, נאר א יודיש-פראלע-טארישער קאמפס-מאניפעסט, וואו ס'ווערען פעסטגעשטעלט די אייזערנע אנטוויקלונגס-געזעצען פון דער יודישער ווירקליכקייט אויפגעוויזען די היסטארישע נויטווענדיגקייט פון די סטיכישע איבערבוי-פראצעסען אינ'ם יודישען לעבען און אנגעצייכענט א קלארע קאמפס-ליניע פאר'ן יודישען פראלעטאריאט.

שוין אויף דער ערשטער פייערונג אין פאלטאווע גופא לכבוד דאס ערשייגען פון דער „יעוור. ראב. כראניקא", באלד נאך די ערשטע פרישע עמודים פון „אונזער פלאטפארם", האט ח' קיוין געענדיגט זיין בעגריסונגס-רעדע מיט דער איבערפראזירונג פונ'ם געוויסען פסוק: כי מפאלטאווע תצא תורה ודבר פועלי ציון מבא-ראכאוו. ס'איז דערנאך געווארען א געפליגעלט ווערטעל, וואס איז אויפגעכאפט געווארען פון דער יוד. ארבייטער גאס. די געגנער האבען געוואלט פארמינערען דעם ווערט פון דער ניי-געשאפענער פארטיי. פון דעם קאלעקטיוו און האבען איראניש די פועלי-ציון א נאמען געגעבען „באראכאוועצעס"; ס'מיינט א סעקטע, א כתה חסידים פון איינעם א באראכאוו. האבען אבער די פארטיי-חברים אנגענומען דעם נאמען מיט פרייד און אנטציקונג, זיך געשטעלט צו זיין רוף און באראכאוו איז שוין אין די ערשטע יארען פון זיין פארטיי-פירערשאפט געווארען נישט בלויז דער פאן-טרעגער, נאר די פערזאניפיצירונג און פארקערפערונג, דער סימבאל פון זיין פארטיי, און זיין תורה, דער „באראכאוויזם", האט זיך אריבערגעכאפט די גרעניצען פון רוסלאנד, בעגייסטערענדיג יודישע ארבייטער אויך אין גאליציע און אמעריקע, אין ענגלאנד און פא-לעסטינע און זיי בעוואפענט מיט'ן וויסענשאפטליכען פראלעטארי-שען פראגנאז אין זייער היסטארישען קאמף פאר דער בעפרייאונג פון דער יודישער נאציע צוזאמען מיט דער גאנצער ארבייטענדער מענשהייט.

---

## XII.

אין די „קלאסען-מאמענטען פון דער נאציאנאלער פראגע" האט באראכאוו געגעבען אן אלגעמיינע בעשטימונג פון די נאציא-נאלע קאנפליקטען און אנאליזירט די כל-ערליי טיפען נאציאנא-ליזם ביי די פארשידענע קלאסען אין דער מאדערנער געזעלשאפט. אין „אונזער פלאטפארם" קומט אים שוין אויס אנצו-ווענדען זיינע

אַלגעמיינע כּללים אין שייכות צום יודישען לעבען. די יודישע נאַציע איז אָן עקסטעריטאָריאַלע, פאַרמאָגט נישט בכן קיין אייגענע נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט און וואָלט לגמרי נישט געקענט עקזיסטירען, ווען עס זאָל זיך איר נישט איינגעבען אריינצודרינגען און פאַרפעסטיגען זיך אין אַ פרעמדען מאַטעריעלען פאַרמעגען. ווירקט טאַקי אינ'ם יודישען לעבען אויף דער גאַנצער לענג פון דער יודישער געשיכטע דער אַסימילירענדער פאַקטאָר, אין וועלכען עס ווייזט זיך אַרויס די אינערליכע כּסדר'דיגע שטרעבונג פון יודען צו צופּאַסען זיך צו דער אַרומיגער ווירטשאַפטליכער סביבה און אַפילו צונויפגיסען זיך מיט איר אינגאַנצען. צוליב דער זעלבער עקסטעריטאָריאַלקייט זייערער ווערט אָבער מצד דער פרעמדער נאַציאָנאַלער גרופּע אַרויסגערוקט סטיכיש אַ פּונקט אומגעקערטער פאַקטאָר — דער איזאָלירענדער, וואָס וויל נישט צולאָזען די יודען צו די אייגענע מאַטעריעלע קנינים. אויב ביי טעריטאָריאַלע נאַציעס ערשיינט די נאַציאָנאַלע פראַגע אינ'ם קאָנפליקט צווישען דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-כּחות און די א י נ ע ר ל י כ ע פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען און פון דאַנען נעמט זיך אויך דער חשק צו אַסימילירען און פאַרכאַפּען פאַר זיך פרעמדע טעריטאָריעס, איז די נאַציאָנאַלע פראַגע ביי עקסטעריטאָריאַלע נאַציעס אַ פּועל-יוצא פון דעם קאָנפליקט צווישען זייערע פּראָדוקטיוו-כּחות און די א ו י ס ע ר ל י כ ע פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען, פון וועלכע זיי ווערען אַרויסגעשטופּט, איזאָלירט. דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט ווערט ביי עקסטעריטאָריאַלע פעלקער געשאַפען דורך דעם איזאָלירענדען פאַקטאָר.

דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט האָט תמיד צו טון מיט ערשיינונגען פון ק אָ נ ק ו ר ע נ ץ, בעת דער סאָציאַלער קאָנפליקט אַנטשטייט אויפ'ן באָדען פון ע ק ס פּ ל אָ אַ ט אַ צ י ע. דערין שטעקט אַ גרויסער אונטערשייד. אין פאַל פון עקספּלאָאַטאַציע וויל דער שטאַרקער, הערשענדער צד נישט אַרויסשטופּען אָדער איזאָלירען דעם עקספּלאָאַטירטען, נאָר, אדרבא, האַלטען אים וואָס נאָהענטער און לענגער נעבען זיך, כּדי אַרויסצוקריגען פון אים מער זאַפט און קראַפט. די קאָנקורענץ אין די גרעניצען פון דער געזעלשאַפטליכער גרופּע טראָגט בלויז אַן אינדיווידועלען כאַראַקטער און רופט נישט אַרויס קיין סאָציאַלע קאָנפליקטען. מיט אַנדערע ווערטער:—די עקספּלאָאַטאַציע איז דער א י נ ה אַ ל ט פון די סאָציאַלע פראַגען און די קאָנקורענץ שטעלט מיט זיך פאָר נאָר אַ געזעלשאַפטליכע ע ר ש יי נ ו נ ג, אָבער נישט קיין געזעלשאַפטליכע פראַגע". אין פאַל פון קאָנקורענץ איז פאַרקערט, זוכט טאַקע דער שטאַרקערער געגנער מיט אַלע תחבולות און שמד-שטיק

פּטור צו ווערען פון׳ם קאָנקורענט און אים אינגאַנצען משלח צו זיין פון זיך; די נאַציאָנאַלע עקספּלאָטאַציע איז בלויז אַ צייטווייליגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג, וואָס רופט נישט אַרויס קיין געזעלשאַפטליכע פראַגע.

ס׳פּאַסירט יאָ אַ פאַל, ווען די נאַציאָנאַלע עקספּלאָטאַציע ווערט אין פלוג פאַרוואַנדעלט אין אַ שאַרפער געזעלשאַפטליכער פראַגע. „דאָס איז דענסטמאָל, ווען צוויי נאַציאָנאַלע גרופּען, וואָס גייען אַריין אין איין און דעמזעלבען ווירטשאַפטליכען אָרגאַניזם, געהערען צו צוויי בעזונדערע קלאַסען. די נאַציאָנאַלע עקספּלאָטאַציע מאַכט פאַרוויקעלטער דעם סאָציאַלען קאָנפליקט דענסטמאָל, ווען די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען, דאָס הייסט, ווען די נאַציאָנאַלע צוטיילונגס-ליניע פון די צוויי גרופּען פאַלט-צונויף מיט דער ליניע פון זייער קלאַסען-צוטיילונג", ווען דער בעל-הבית געהערט צו איין פאָלק און דער אַרבייטער—צו אַן אַנדער פאָלק.

באמת אָבער האָבען מיר דאָ צו טון אין עיקר מיט דעם געוויינליכען סאָציאַלען קאָנפליקט, מיט דער „געוויינליכער קלאַסען-עקספּלאָטאַציע, וועלכע ווערט נור פאַרשאַרפט דורך דעם הילוק אין דער נאַציאָנאַלער צוגעהעריגקייט פון די קעמפּענדע קלאַסען". דער כעס און צאָרן פון אַרבייטער איז פלאַמענדיגער און שאַרפער צוליב דעם, וואָס ער ווערט עקספּלאָאַטירט נישט פון אַן „אייגענעם", נאָר פון אַ „פרעמדען". דער „פרעמדער" הערשער רייסט מער די אויגען און רעגט-אויף. אַן „אייגענעם" וועט מען גיכער מוחל זיין און נאָכגעבען דאָס, וואָס מען וועט אַ „פרעמדען" נישט „פאַרגינען".

באַראָכאָוו ווייזט אויך אָן דעם סאָציאַלען הילוק צווישען *פערזענליכער* און *נאַציאָנאַלער* קאָנקורענץ. „שטופּענדיג פאָרויס די קאַפּיטאַליסטישע כחות פון דער פּראָדוקציע, גראַבט אונטער די פרייהייט פון פּערזענליכער קאָנקורענץ אין דערזעלבער צייט די יסודות פון איר אייגענער עקזיסטענץ גופא. פאַרקערט, די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ קומט אַלס קאָרעקטיוו צו דער פרייהייט פון דער פּערזענליכער קאָנקורענץ און ווירקט אין דעם זין ווי יעדער סאָרט מאָנאָפּאָליע. דער יוד וואָלט פריי קאָנקורירט מיט׳ן רוס, נאָר שטיצענדיג זיך אויף דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, קאָן דער לעצטער פּאַראַליזירען די פּערזענליכע קאָנקורענץ פון דעם איינצעלנעם יודען". וויבאַלד אַזוי, איז שוין אויך קלאָר, אַז „די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, ווי אַלץ, וואָס פּאַראַליזירט די פרייהייט פון פּערזענליכער קאָנקורענץ, פאַרהאַלט נאָר דעם אַנטוויקלונגסגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. דערמיט דערוויטערט זי דעם מאָמענט, ווען די קאַפּיטאַליסטישע תקופה דערגרייכט איר

העכסטע מדרגה און קאָן פֿאַרביטען ווערען מיט דער סאָציאַליסטישער”.

די יודען אַלס עקסטעריטאָריאַלע נאַציע ליידען תמיד פֿון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ און ווערען פֿון אַלע זייטען איזאָלירט. כל זמן זיי האָבען געקאָנט [מיט זיך פֿאָרשטעלען אַן אָביעקט פֿאַר נאַציאָנאַלער עקספּלאָאַטאַציע, ס'הייסט כל זמן זיי האָבען ערפֿילט אַזעלכע פֿונקציעס, וואָס האָבען מיטגעהאָלפֿען דער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו-כחות פֿון דער אַרומיגער טעריטאָריאַלער בעפֿעלקערונג, זענען זיי געווען „נוצליך” און געוואונשען. ווען אָבער אויס'ן אָרט פֿון נאַציאָנאַלער עקספּלאָאַטאַציע קומט די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ (דאַן, ווען ביי דער איינגעזעסענער בעפֿעלקערונג וואַקסען-אויס אייגענע עלעמענטען, וואָס זענען מסוגל צו ערפֿילען די פֿונקציעס, ביי וועלכע ס'זענען ביז איצט געווען בעשעפֿטיגט די „פֿרעמדע”), ווערען זיי שעדליכע קאָנקורענטען, פֿון וועלכע מען זעהט פּטור צו ווערען. אָט דאַן שאַפֿט זיך ביי דער יודישער נאַציע „דער קאָנפֿליקט צווישען דער אַנטוויקלונג פֿון אירע פּראָדוקטיוו-כחות, וואָס פֿאָדערען די צופּאַסונג צו דער אַרומיגער סביבה, און די אויסערליכע פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען, וואָס איזאָלירען זי און לאָזען זי נישט צו צו דער אַרומיגער פּראָדוקציע”.

וואָס-זשע איז דער תוך און תמצית פֿונ'ם יודישען נאַציאָנאַלען פּראָבלעם? די פֿראַגע קאָן נישט געשטעלט ווערען אין אַזא אַלגעמיינער, אַבסטראַקטער און צושוואומענער פֿאָרם. ווייסען מיר דאָך שוין, אַז די נאַציאָנאַלע אינטערעסען זענען ביי יעדען קלאַס צוזאַמענגעבונדען מיט זיינע קלאַסען-אינטערעסען און אַז דעריבער זענען „נישטאָ קיין אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען ביי בעזונדערע קלאַסען פֿון פֿאָלק”. „די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען זענען נישט קיין איבערקלאַסען-בעוועגונגען. זיי זענען בעוועגונגען פֿון אַלע אָדער עטליכע קלאַסען פֿון פֿאָלק. אַ נאַציאָנאַלער קאָנפֿליקט שווימט אַרויס ביי אַ געוויסען קלאַס פֿון דער געזעלשאַפֿט נישט דערפֿאַר, ווייל די פּראָדוקטיוו-כחות פֿונ'ם גאַנצען פֿאָלק שטויסען זיך אָן אין די פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען, נאָר דערפֿאַר, ווייל די אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו-כחות פֿונ'ם דאָזיגען קלאַס פֿאַלט אַריין אין אַ סתירה מיט די פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען פֿון זיין גאַנצער נאַציאָנאַלער גרופּע”. וויבאַלד אַזוי, האָט שוין נישט קיין זין צו רעדען סתם וועגען אַ יודישען נאַציאָנאַלען פּראָבלעם, נאָר דאָס דאָזיגע פּראָבלעם מוז אַנאַליזירט ווערען קאָנקרעט אין שייכות מיט אַ בעשטימטען קלאַס. רעדען מיר וועגען אַ יודישער פּראָלעטאַרישער פּאַר-

טיי, מוזן מיר אויפדעקן דעם אינהאלט פונ׳ם יודישען נאציאָנאלען פראָבלעם לגבי דעם יודישען פראָלעטאריאט, אויסגעפינען די שייכות צווישען זיינע קלאסען-אינטערעסען און דער לאגע פון גאנצען יודישען פאָלק. דערביי דאַרף מען האָבען אין זינען נאָך איין זאך. יעדער קלאָס האָט נאָר איין און איינציגען עיקר׳דיגען אינטערעסען-מאָטיוו, וועלכער ווירקט ביי אים בעת׳ן בעטראַכטען פאַרשידענע ערשיינונגען און וועלכער דיקטירט אים זיין בעציהונג צו זיי. זאָגען מיר, אַז אַ געוויסער קלאָס איז פאַראינטערעסירט אין אַ געוויסער ערשיינונג, מוזען מיר דורכאויס דערוויזען, אַז דער דאָזיגער אינטערעס זיינער שטאַמט טאַקי בפירוש פון זיין קלאסען-לאַגע און איז פאַרבונדען מיט זיין קלאסען-טעטיגקייט און אנטוויקלונגס-טענדענצען. דאַן אָבער איז קלאָר, אַז אויך דאָס ציל און דער וועג צום ציל מוזען טראָגען, נאַטירליכערהייט, אַן אויסגעשפראָכענעם קלאסען-כאַראַקטער.

די יודישע גרויס-בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס צוגעפאַסט צום ארומיגען לעבען און פילט כמעט נישט די איזאָלאַציע, איז געשטימט אַסימילאַטאָריש. עס לאָזען זי אָבער נישט צו רו די יודישע צרות, רדיפות און פאָגראָמען. מוז זי, בעל כרחה, זיך מיט זיי פאַרנעמען, ווי בכלל מיט׳ן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער הערט מיט דער צייט אַ פּאָליטישע בעוועגונג און מוז אזוי אָדער אַנדערש אויך אויף איר אָפּרופען זיך. די גרויסע יודישע בורזשואַזיע פאַרנעמט זיך אומעטום מיט דער יודישער פראַגע, כדי צו לעזען זי פאַר אַנדערע, פאַר די „אָרימע ברידער פון מזרח", און נישט פאַר זיך. זי זוכט צו בעפרייען זיך נישט נאָר פון דער יודענפראַגע, נאָר אין איין וועג טאַקי אויך פון די אומגעוואונשענע און אומבעקוועמע קרובים.

די מיטעלע בורזשואַזיע איז ענגער פאַרבונדען מיט די איבעריגע קלאסען פון יודישען פאָלק. אַ דאַנק דער אָנגעשטרענגטער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, וואָס איז שטאַרק בפרט ביי דער מיטעלער און קליינער בורזשואַזיע, בעקומט דער איזאָלירענדער פאַקטאָר די שטאַרקסטע ווירקונג אויף די מיטעלע שיכטען פון יודישען פאָלק. דער אַנטיסעמיטיזם רודפ׳ט זיי אַם שטאַרקסטען, דער געזעלשאַפטליכער און ווירטשאַפטליכער בּאָיקאָט איז געצילט דער עיקר געגען זיי. נישט האָבענדיג קיין שום שטיצע אינ׳ם קאַמף פאַר׳ן אינעווייניגסטען מאַרק, אין וועלכען זי נויטיגט-זיך, ערוועקט זיך ביי דער מיטעלער בורזשואַזיע דער חשק צו אַן אייגענעם איזאָלירטען נאַציאָנאַלען מאַרק, זי איז „גוטה צו רעדען וועגען אַ זעלבשטענדיגער פּאָליטישער עקזיסטענץ, וועגען אַ יודישער מלוכה,

וואו זי וואָלט געשפּילט דאָס ערשטע פידעל". און ווייל זי ליידט דירעקט פון דער אָרימקייט פון די יודישע מאַסען, איז זי אויך שטאַרק נוטה צו פירען אַ נאַציאָנאַלע יודישע פּאָליטיק און אַפילו צו פאַרטיידיגען—אויף איר שטייגער — די יודישע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט. און דאָך, כל זמן איר קלאַסען מעמד איז נישט רואינירט און די איזאָלאַציע און. באַיקאָט האָבען נאָך נישט אונטערגעגראָבען דעם מאַטעריעלען יסוד פון איר פאַרמעגליכקייט, איז זי פאַרט צונויפגעוואַקסען איינגאַנצען מיט'ן גלות, וואו זי האָט אירע עסקים און די יודען-פראַגע האָט אויך פאַר איר אַ בערך ווייטערע בעדייטונג. די אומבעקוועמליכקייט, וואָס די יודענפראַגע איז איר גורם, איז נאָך צו קנאַפּ, עס זאָל ביי איר ערוועקט ווערען דער שטאַרקער ווילען אָנצושטרענגען די ענערגיע אויף אַ ראַדיקאַלער לעזונג פון דער פראַגע. מ'קען אויסנוצען די נאַציאָנאַלע ענערגיע פון דער מיטעלער בורזשואַזיע, אָבער מ'קאָן אויף איר אַליין נישט אַרויפוואַלגערען די אויפגאַבע פון דער יודישער בעפרייאונג. די זעלבשטענדיגע פּאָליטיק פון דער יודישער מיטעלער בורזשואַזיע, צוליב דער אַלגעמיינער רעאַקציאָנערישקייט פון דער מיטעל-בורזשואַזער פסיכיק און אומפייהיגקייט צו אַ ברייטער רעאַלער שאַפונג, האָט באמת מער דעם כאַראַקטער פון „אַ שפּיל און צייט-פאַרטרייב, ווי פון אַן ערנסטער געזעלשאַפטליכער אַרבייט".

„דער גאַנצער דרוק און משא פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ און דער רעכטלאָזיגקייט, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער איזאָלאַציע און כל-ערליי באָיקאָטען, לעגט זיך אויף די פּלייצעס פון דער יודישער קליין-בורזשואַזיע". זי איז לגמרי אומפייהיג אויסצוהאַלטען די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, ווערט זי פאַראָרימט מער און גיכער ווי יעדע אַנדערע קליין-בורזשואַזיע און זי טיילט אַרויס פון זיך גאַנצע מחנות אין דער רעזערוו-אַרמיי פון ארבייטס-לאָזע און לופט-מענשען. איר בעדערפניש אין פּראָלעטאַריזירונג קאָן נישט בעפרידיגט ווערען געגוג הן אין כמות, בפרט אין איכות.

„אויב מיר זאָלען די אַלוועלטליכע פּראָדוקציע איינטיילען אויף דער פּראָדוקציע פון פּראָדוציר-מיטלען און אויף דער פּראָדוקציע פון געברויך-זאַכען, וועלען מיר קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער טייל פון דעם מיטעלען און בפרט פון דעם קליינעם יודישען קאַפּיטאַל, וואָס איז אַריינגעטון אין דער פּראָדוקציע, איז כמעט אינגאַנצען אַריינגעלייגט אין דער פּראָדוקציע פון געברויך-זאַכען. צוליב דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ צווישען די זיך-פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען, וואָס זוכען אַרבייט, געפינט די יודישע אַרבייט אַן אָרט כמעט אויסשליסליך ביים יודישען מיטעלערן קאַ-

פּיטאַל. די שנאה צו יודען מצד נישט-יוד'שע אונטערנעמער און נישט-יודישע אַרבייטער דערלאָזט נישט די יודישע אַרבייטער אין נישט-יודישע ווערקשטאַטען".

דאָ ווירקען נאָך אַ גאַנצער סכום פאַקטאָרען, וועלכע באַראַכאָוו האָט שוין אָנגעוויזען אין זיינע ערשטע אַרבייטען, ווי דאָס, וואָס די יודישע זיך-פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען ווערען רעקרוטירט דורכאויס פון שטאָטישע איינוואוינער, בעת די קריסטליכע קאָנקורענטען שטאַמען פון דאָרף און ברענגען מיט זיך מיט אַ רגילות צו אַרבייט, אַ טראַדיציע פון שווערער פּראַצע און קליינע בעדערפענישען, דעריבער אויך דעם גייסט פון פאָלגעוודיגקייט און נאָכגעבעוודיגקייט. דער יודישער קאַנדידאַט אויף אַרבייט איז נאָך אפשר גאָר נישט לאַנג צוריק געווען אַ זיידענער יונגער-מאַנטשיק; דערצו איז ער גיכער תופס אַ נייעם רעיון און איז יעדע רגע קאַפּאַבעל אָנצונעמען זיך פאַר דער אייגענער און פרעמדער קריוודע און פאַרטיידיגען זיינע אינטערעסען געגען דער עקספּלאָאַטאַציע מצד'ן בעל-הבית; ער קאָן זיך נישט אָפּזאָגען פון שבת-רו און די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט זיינע בעגלייט אים אויך אויף שריט און טריט.

„די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ הערט נישט אויף צו ווירקען אויך דענסטמאָל, ווען די יודישע זיך פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען עמיגרירען אין אַנדערע גרויס-קאַפּיטאַליסטישע לענדער, כדי צו זוכען דאָרט אַרבייט". דאָרטען טרעפען זיי אָן די זעלבע ערשיינונגען, וואָס אין די לענדער, פון וואַנען זיי וואַנדערען, מוזען זיי, בכן, אויך דאָרטען זיך צונויפשטיקען ביי דעם יודישען קאַפּיטאַל, און „אפילו מיט דער צאָל קאָן די יודישע פּראָלעטאַריזאַציע נישט בעפרידיגען די אָנגעזאַמעלטע בעדערפניש אין איר".

לאָמיר אויך געדענקען, אַז דער יודישער קאַפּיטאַל איז דער עיקר פאַרטון אין דער פּראָדוקציע פון געברויך-סחורות, וואו די אַרבייט טראָגט מער-ווייניגער אַ ס ע ז אָ ן - כאַראַקטער, וואו עס הערשט „די מאַנופאַקטור מיט איר גרויסער עקספּלאָאַטאַציע און קליינע האַנטווערקעריי, וואו ס'פעלט די מאַשין-פּראָדוקציע און די פונקציעס פון דעם פּראָדוצירער זענען שוואַך אָפּגעטיילט פון די האַנדעלס און פאַרמיטלעריי-פונקציעס". ס'איז דערפון ניכר, אַז אויך „לויט איר ק וואַ ל י ט ע ט שטייט די יודישע פּראָלעטאַריזאַציע אויף אַ זייער נידריגער מדרגה". דאָס וואָס די יודישע אַרבייט איז כמעט לגמרי בעזייטיגט פון דער גרויסער אינדוסטריע און מאַשין איז שוין געוואָרען אַזאַ נאַטירליכע און אָנגענומענע זאַך, „אַז די קריסטליכע אַרבייטער האָבען זיך שוין צוגעוויינט צום געדאַנק, אַז די אַרבייט ביי דער מאַשין איז כלומרשט זייער פּרי-

חילעגיע און דערלאָזען נישט סיסטעמאַטיש די יודען צו אַרבייטען ביי מאַשינען אַפילו דאָרט, וואו די מאַשין פאַרבייט די מאַנופֿאַקטור אין אַזאַ פּראָדוקציע, וואו ס'אַרבייטען יאָ לכתחילה יודען".

פֿאַר דער קליינער יודישער בורזשואַזיע וואַקסט אויס די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אין דער פֿאָרם פֿון זוכען אַ נאַציאָנאַלען מאַרק און איינהאַלטען אַלץ, וואָס איז פאַרבונדען מיט דעם קליינבירגערליכען מאַרק, די שפּראַך, ערציהונג, די גאַנצע גייסטיגע קולטור". דער חילוק צווישען דער מיטעלער און קליינער בורזשואַזיע איז, וואָס ביי דער לעצטער ווערט די דאָזיגע פֿראַגע ממש אַ לעבענס-פֿראַגע, רייסט זי אָפּ פֿון אירע איינגעזעסענע ערטער און שלעפּט זי אַוועק אין דער ברייטער גרויסער וועלט, וואו זי געפֿינט פֿאָרט נישט קיין בעפֿרידיגונג. הייבט אָן דער דלות צו פייפען אין שטוב, קוקט אַרויס די אביונישקייט פֿון יעדען ווינקעל, דער נעכטיגער נגיד ווערט אַ היינטיגער קבצן און מוז גיין זוכען אַרבייט אויפ'ן מאַרק. ביי די יודישע זיך פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען איז די נאַציאָנאַלע פֿראַגע, אין תוך, אַן עמיגראַציאָנס-פֿראַגע. „נישט האָבענדיג קיין טעריטאָריע, ד. ה. קיין אייגענעם אַרבייטס-פּלאַץ, זוכען זיי אים אין דער גאַנצער וועלט".

דורך די זיך פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען און דער קליינער בורזשואַזיע ווערט די יודישע פֿראַגע פֿאַרזייט אין דער גאַנצער וועלט. „די יודישע וואַנדערונג, צוזאַמען מיט די ערשיינונגען פֿון דער אינטענסיווער פֿאַראָרימונג פֿון די ברייטע קליינבירגערליכע מאַסען, שאַפֿען אַן אַלוועלטליכע יודישע פֿראַגע הן פֿאַר די יודען גופֿא, הן פֿאַר דער אַרומיגער געזעלשאַפֿט". די רעאַקציאָנערע טיילען פֿון געזעלשאַפֿט, קינדער פֿונ'ם קאַפּיטאַליזם, רוקען אַרויס די יודענפֿראַגע אין כאַאָטישע און מיאוסע פֿאָרמען פֿון פּאָגראָמען, באָיקאָטען, רדיפֿות און גזירות. מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט וואַקסען אויס יענע פֿאַקטאָרען, וועלכע מוזען, נאַטירליכערהייט, ברענגען די לעזונג פֿון דער יודען-פֿראַגע: די אַלוייטיגע איזאָלאַציע, די אייגענאַרטיגע יודישע וואַנדערונג און דער וואוקס פֿון דער אַלוועלטליכער פֿאַראינטערעסירטקייט אין דער לעזונג פֿון דער יודענפֿראַגע.

די עמיגראַציע אַליין פֿאַר זיך איז נישט מסוגל צו לעזען די פֿראַגע, האָט זי סטיכיש אויסגעאַרבייט אַ ספּעציעלען הילפֿס-מיטעל — די קאָנצענטראַציע פֿון דער אימיגראַציע. „די יודען קאָנצענטרירען זיך אָבער נישט אין איין אָרט, נאָר אין פֿיל ערטער, אין קלענערע און גרעסערע מאַסען. די דעצענטראַליזירטע קאָנצענטראַציע לעזט נאָך אויך נישט די פֿראַגע; פֿאַרקערט, זי כפּל'ט זי. דיזעלבע סתירות וואַקסען אויס אין פֿיל

פונקטען, אַנשטאָט אין איין פונקט". וואָס ווייטער ווערען רייפער צוויי בעדערפענישען ביי די יודישע מאַסען, וואָס ביידע שטאַמען זיי פון די סתירות פון דער יודישער קאָנצענטראַציע.

„די ערשטע סתירה איז צווישען דער בעדערפניש איבערצו־גיין אין די העכערע צווייגען פון דער פראָדוקציע און דער אומ־מעגליכקייט צו דערגרייכען דאָס דורך דער קאָנצענטראַציע אין די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואו אַלע ערשטע סטאַדיען פוןווירטשאַפטליכען פּראָצעס זענען שוין פאַרנומען פון דער אַר־בייטער בעפעלקערונג אָדער פון ניט־יודישע איינוואַנדערער. די דאָזיגע סתירה רופט אַרויס אַ בעדערפניש צו קאָנצענטרירען די יודישע עמיגראַציע אין אַזאַ לאַנד, וואו די יודען זאָלען קאָנען לכתחילה פאַרנעמען די עיקר'דיגע סטאַדיען פון ווירטשאַפטליכען פּראָצעס", אין אַ לאַנד, וואו „דער מצב פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג איז נידעריגער פון דעם מצב פון דער יודישער פּראָ־דוקציע", וואו די יודען וועלען בכן שטיין בראש פון דער גאַנצער ווירטשאַפטליכער אַנטוויקלונג. „דערצו איז נייטיג, אַז די יודישע איבערוואַנדערונגען זאָלען פאַרלירען דעם כאַראַקטער פון אַ פשוטער אימיגראַציע און בעקומען דעם כאַראַקטער פון ק אָ ל אָ נ י ז אַ צ י ע.

די צווייטע סתירה איז די צווישען דער שטרעבונג פון דער אימיגראַציע זיך צו קאָנצענטרירען און דער שטרעבונג פון דער קאָנצענטראַציע זעלבסט זיך צו דעצענטראַליזירען. די דאָזיגע סתירה רופט אַרויס די בעדערפניש אַנצופירען סיסטעמאַטיש און פּלאַנמע־סיג די גאַנצע יודישע אימיגראַציע אין איין בעוואוסטען לאַנד, אויף אַ בעזונדערע טעריטאָריע, וואו די יודען זאָלען זיך קענען פריי בעזעצען.—

עס וואַקסט אויס די בעדערפניש אין דער טעריטאָריאַלער לעזונג פונ'ם יודישען פּראָבלעם".

וועלכע כחות זענען פאַראַן אינ'ם יודישען לעבען גופא, וואָס זאָלען ווירקען אין דער דאָזיגער ריכטונג און מיטהעלפען די פּראָצעסען זיך צו רעאַליזירען?

כדי די יודישע וואַנדערונג זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קאָלאָניזאַציע פון נאָך נישט אַנטוויקעלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, מוז אָביעקטיוו ווערען אוממעגליך שווער די פריערדיגע געוויינליכע אימיגראַציע, וואָס מיר זעהען טאַקי כסדר. די עמיגראַציע־בעדער־פניש וואַקסט, די אַלטע וועגען ווערען פאַרלייגט, און די „אימי־גראַציע ווערט אָפּגעפירט אין האַלב אַגראַרע לענדער".

כדי די קאָנצענטראַציע זאָל טאַקי זיין צענטראַליזירט אין איין פונקט איז נויטיג, אַז די יודישע וואַנדערונג זאָל רעגולירט ווערען בעוואוסטזיניג און צוועקמעסיג. אַליין די זיך־פּראָלעטאַריזי־

רענדע מאַסען זענען נישט בכח צו בעהערשען די סטיכישע פּראָצעסען פון זייער לעבען און „בייטען די תּנאים פון זייער איבערוואַנדערונג, אַריינטראָגען אין זיי דעם נייעם רעוואָלוציאָניזירענדען מאָמענט פון אָרגאַניזאַציע”.

ס'איז פאַראַן נור איין עלעמענט, איין קלאַס, וואָס קאָן אויף זיך נעמען אַזאַ אויפגאַבע. ס'איז דער רעוואָלוציאָנערער קלאַס, דער טרעגער פון דער אַלמענשליכער צוקונפט; „די עמיגראַציע פון קליין בירגערטום און די זיך-פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען, די קאָנצענטראַציע פון די יודישע עמיגראַנטען און די אָרגאַניזירטע רעגולירונג פון דער זיך-קאָנצענטרירענדער אימיגראַציע—דאָס איז די סכעמע פון דער יודישער דינאַמיק. די ערשטע צוויי מאָמענטען ווערען געשאַפען דורך די סטיכישע פּראָצעסען פון דער יודישער ווירקליכקייט; דער לעצטער מאָמענט ווערט אַריינגעבראַכט דורך דעם אָרגאַניזירטען יודישען פּראָלעטאַריאַט”

נאָך דעם, ווי ער האָט אויף אַזאַ אופן אַנאַליזירט דעם תּוכן פון'ם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם ביי די דערמאָנטע קלאַסען, קומט באָראָכאָוו צום פעסטען בעשלוס, אַז זיי אַלע זענען נישט בכח צו פאַרענטפערען ראַדיקאַל די יודענפראַגע, הגם זיי זענען אַלע אין דער אָדער יענער מאָס פאַראינטערעסירט אינ'ם טעריטאָריאַליזם.

„די מיטעלע בורזשואַזיע קען מיט עפעקט טרומייטערן וועגען ציוניזם און טעריטאָריע, קען אַ רעש מאַכען אַרום דעם ציוניזם, שפּילען זיך אין פּאָליטיק אויף קאָנפערענצען און קאָנגרעסען; מיט'ן טשאַד פון קלינגענדע פראַזען און כלומרשט'ע פּאַרלאַמענטאַרישע פאָרמען קאָן זי זיך שאַפען אָנגענעמע פאַרוויילונגען און אַפילו שטאַרקע איבערלעבונגען”. „די קליינע בורזשואַזיע איז נישט פייהיג צו חלומ'ען פון אַן אייגענער מלוכה. אָבער די לגמרי צו-רואינירטע, זיך-פּראָלעטאַריזירענדע מאַסען קאָנען שוין אַפילו נישט חלומ'ען. זיי בלאָנדזשען סטיכיש איבער'ן ערד-קוגעל און זוכען אַן אַרבייטס-פּלאַץ, זיי זענען נישט אימשטאַנד אַליין דורכצופירען וועלכע ס'איז היסטאָרישע טענדענצען און בילדען בלויז אַ טויטען מאַטעריאַל פאַר דער עמיגראַציע”.

„די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט האָט שוין איצט דערגרייכט אַזאַ אַנטוויקלונג, אַז אָן דעם אָנטייל פון פּראָלעטאַריאַט — און דערצו דעם אָרגאַניזירטען — איז קיין רעוואָלוציע נישט מעגליך”. „דער טעריטאָריאַליזם איז אַ דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אינ'ם יודישען לעבען”. קען ער, הייסט עס, פאַרווירקליכט ווערען נאָר מיט דער הילף פון פּראָלעטאַריאַט.

און באָראָכאָוו שרייבט מיט'ן בלוט פון זיין קעמפער-האַרץ

און טיפסטען ערנסט פון וויסענשאפטליכער איבערצייגונג די פאל-
גענדע נביאיש'ע שורות, וואס וועלען אויף תמיד פארבלייבען ווי
לוחות-הברית פאר'ן רעוואלוציאנערען פועל-ציוניזם.

„די בעפרייאונג פון יודישען פאלק וועט פארקומען אדער דורך דער ארבייטער בעוועגונג, אדער זי וועט אינגאנצען נישט פארקומען. די ארבייטער בעוועגונג האט אבער פאר זיך בלויז איין וועג—דעם קלאסען-קאמף, און דער קלאסען-קאמף פירט נאר דאן צו א בעסערער צוקונפט, ווען ער טראגט א פאליטישען כא-ראקטער. דער טעריטאריאליזם קאן זיין די ברענענדסטע בעדערפ-ניש פון יודישען פאלק, און דאך וועט ער פארבלייבען אן או-טאפיע, כל-זמן דער ארגאניזירטער רעוואלוציאנערער יודישער פראלעטאריאט וועט נישט צושטיין צו דער טעריטאריאליסטישער בעוועגונג און וועט נישט פארווירקליכען דעם טעריטאריאליזם מיט זיין בעזונדערען, אים אליין געהערענדען וועג פון קלאסען-קאמף. דער פראלעטארישער ציוניזם איז מעגליך בלויז דאן, ווען דער ציוניזם קאן רעאליזירט ווערען דורך דעם קלאסען-קאמף. דער ציוניזם איז מעגליך נור דאן, ווען ס'איז מעגליך דער פראלעטא-רישער ציוניזם. אויב אבער דער יודישער פראלעטאריאט האט נישט קיין שום בעזונדערע אייגענע וועגען צו רעאליזירען דעם ציוניזם — דאן איז דער ציוניזם אן אוטאפיע, וואס קאן קיינמאל נישט מקוים ווערען".

## XIII.

ווי אזוי-זשע איז דער יודישער פראלעטאריאט, אלס קלאס, פאראינטערעסירט אין דעם טעריטאריאליזם און א וועלכער איז זיין בעזונדער קלאסען-וועג צו רעאליזירען דעם דאזיגען אידעאל? דע-רויף קאן געבען א תשובה נאר דער אנאליז פון דעם נאציאנא-לען פראבלעם פון יודישען ארבייטער-קלאס. דאס נאציאנאלע פראבלעם, פונקט ווי דאס סאציאלע, וואקסט-אויס פונ'ם קאנפליקט צווישען די בעדערפנישען פון די פראדוקטיוו-כחות און דער אום-מעגליכקייט זיי צו בעפרידיגען. „פאר'ן יודישען פראלעטאריאט שטיי-ען צוויי אויפגאבען, א סאציאלע און א נאציאנאלע: די פארניכטונג פון דער פראדוקציאנס-פארם, וואס שטערט דער אנטוויק-לונג פון די פראדוקטיוו-כחות פון דער היינטיגער געזעלשאפט און די אפשאפונג פונ'ם נאציאנאלען דרוק, וואס ווירקט אויך אלס נישט קלענערער טארמאז". דער סאציאלער קאנפליקט ווארפט זיך פריער אין די אויגען, ווייל זיינע סיבות זענען אויבען-אויף און יעדער ארבייטער זעהט זיי ממש בחוש ביי דער ערשטער בע-געגניש מיט'ן בעל-הבית. אבער אויך די מער קאמפליצירטע עלע-

מענטשן פון׳ם סאָציאַלן קאָנפליקט איז דעם פשוט׳ן אַרבייטער נישט אַזוי לייכט משיג צו זיין און נישט אַלע אַרבייטער, וואָס פאַרשטייען די נויטווענדיגקייט פון׳ם עקאָנאָמישען קאַמף געגען זייער בעל-הבית, בענעמען די וויכטיגקייט פון׳ם פּאָליטישען קאַמף, וועלכער איז אויסען אָפּצושאַפען די גאַנצע אומגערעכטע סאָציאַלע אָרדנונג. דאָס ערקלערט זיך אויך דערמיט, וואָס מיר האָבען אַ קימא לן פון דער אָרגאַנישער און סאָציאַלער מעכאַניק, אַז „יעדער קאָנפליקט צווישען אַ בעדערפניש און אַ אוממעגליכקייט זוכט תחילת צו ווערען געלעזט אין די זעלבע תנאים, אין וועלכע ס׳איז אויסגעוואַקסען די בעדערפניש גופא. ערשט בהדרגה, מיט דער אַנטוויקלונג און פאַרטיפונג פון׳ם קאָנפליקט, וואַקסט-אויס די נויטיגקייט איבערצובייטען אויך די בעדינגונגען זעלבסט; דערביי ווערט שוין אָבער דער שווערפונקט פון׳ם קאָנפליקט אַריבערגעטראָגען ביסלעכווייז אין אַלץ נייערע און דערווייטערטע בעדינגונגען".

דער נאַציאָנאַלער קאָנפליקט איז נאָך מער קאָמפּליצירט, ווי דער סאָציאַלער. אמת, שוין פון ערשטען בליק ווייזט זיך אַרויס זיין אומפּערזענליכער כאַראַקטער, אַז דאָ האָבען מיר צו טון נישט מיט פּערזענליכע צרות אָדער פּערזענליכע פגיות, נאָר דורכאויס מיט ערשיינונגען, וואָס זענען געווענדט מצד איין געזעלשאַפטליכער גרופּע געגען דער צווייטער. דאָך זענען די סיבות פון די ערשיינונגען צו טיף פאַרבאָרגען און ס׳לאָזט זיך נישט אַזוי שנעל אַפילו ריכטיג אָוועקשטעלען די נאַציאָנאַלע פראַגע, ווער רעדט שוין וועגען פאַרענטפערען זי. אגב דאַרף מען נעמען אין אַכט אויך דאָס, וואָס אויב דער סאָציאַלער קאָנפליקט גיט אויך תיכף אין האַנט די מיטלען צום קאַמף, „געבען די נאַציאָנאַלע פאַרהעלטנישען נישט קיין שום דירעקטע קאַמפּס-מיטלען אין די הענט פון דער געדריקטער גרופּע".

אין וואָס בעשטייט דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פון׳ם פּראָלעטאַריאַט? דאָ אַנטוויקעלט באָראָכאָוו ברייט און גרונטליך זיין טעאָריע וועגען דער סטראַטעגישער באַזע. „דער פּראָלעטאַריאַט בעשטייט, ערשטענס, פון אַ סכום אַרבייטער, וואָס געבען אַוועק זייער מי דער פּראָדוקציע פון געזעלשאַפטליכע אוצרות און, צווייטענס, איז ער אַ קלאַס, וואָס פירט זיין אייגענע בעשטימטע פּאָליטיק און זיין קאַמף געגען אַנדערע קלאַסען. אַלס יחיד איז דער אַרבייטער פאַראינטערעסירט נאָר אין העכערן זיינע שכירות און אין פאַרבעסערען זיינע אַרבייטס-בעדינגונגען. דערצו איז אים נויטיג פריער פאַר אַלץ צו זיכערן זיין אַרבייטס-פּלאַץ. צוליב דעם אַרבייטס-פּלאַץ פירט ער אַ קאָנקורענץ מיט אַנדערע מענשען,

וואָס זוכן וואו צו פֿאַרווענדן זייער כח. אויף וויפֿיל אים קומט אויס צו קאָנקורירן צוליב'ן אַרבייטס-פּלאַץ, אויף אַזוי פֿיל איז ער נאָך נישט ווייט אַוועק פֿון די זיך-פּראָלעטאַריזירנדע מאַסן, צו וועלכע ער אַליין האָט אָקערשט געהערט און האָט נאָך נישט בעקומען קיין קלאָרע פּראָלעטאַרישע צורה. די דאָזיגע צורה בעקומט דער אַרבייטער ערשט דאַן, ווען נאָך דער פֿאַרזיכערונג פֿון זיין אַרבייטס-פּלאַץ געגען פֿרעמדע אַטענטאַטן הויבט ער אָן אַ קאַמף מיט'ן קאַפּיטאַל, כדי צו פֿאַרבעסערן זיינע אַרבייטס-בעדינגונגען. פֿון דעם מאָמענט אָן ווערט דער אַרבייטס-פּלאַץ פֿאַרוואַנדעלט אין אַ *סטראַטעגישער באַזע*. אַנשטאָט קאָנקורענץ-אינטערעסן און עקשנות'דיגן קאַמף מיט דעם אייגענעם ברודער-פּראָלעטאַריער ערשיינט די פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט".

די סכנה צו פֿאַרלירן דעם אַרבייטס-פּלאַץ קען דעם אַרבייטער פֿון דאָס-ביי צווינגען צו קאָנקורירן מיט זיינע קלאַסן-ברידער. „דער אַרבייטער טרעט דאַן אַרויס אַלס פּאָטענציעלער מיטגליד פֿון דער רעזערוו-אַרמיי". וואָס אומזיכערער ס'איז זיין אַרבייטס-פּלאַץ, אַלץ אומגינסטיגער און שוואַכער איז זיין סטראַטעגישע באַזע און זיין קלאַסן-בעוואוסטזיין הינטערשטעליג. אין אַזאַ מצב קען דער אַרבייטער נישט פֿירן קיין שום פּאָליטיק און שפּילט נישט קיין שום געשיכטליכע ראָלע. מיט אים טוט זיך סטיכיש אָפּ פֿיל וויכטיגעס, נאָר ער אַליין בעשטימט כלל נישט זיין גורל. ווען מען רעדט אָבער וועגן פּראָלעטאַריאַט, ווי וועגן אַ קלאַס, שליסן-אויס זיינע קלאַסן-אינטערעסן דעם קאַמף צווישן די אַרבייטער פֿאַר'ן אַרבייטס-פּלאַץ. „די אינטערעסן פֿון פּראָלעטאַריאַט — און „פּראָלעטאַריאַט" מיינט אַ קלאַס, אַלס בעזונדערע סאָציאַלע קראַפֿט — האָבן צו טון נאָר מיט זיין סטראַטעגישער באַזע, מיט דעם סכום בעדינגונגען, אין וועלכע ער פֿירט זיין קאַמף". „די אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו-כחות פֿון פּראָלעטאַריאַט פֿאָדערט אַ נאָרמאַלע סטראַטעגישע באַזע פֿאַר דעם פֿרייען און ערפֿאָלגרייכן קלאַסן-קאַמף". „די אַנטוויקלונג פֿון דער סטראַטעגישער באַזע שליסט-אויס הן די פּערזענליכע, הן די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ". „כל-זמן אַ וועלכע ס'איז אַרבייטער-גרופּע איז נישט בעפֿרייט פֿון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, ביז דאַן איז פֿאַר איר אוממעגליך צו פֿירן ערפֿאָלגרייך דעם קלאַסן-קאַמף, ביז דאַן ליידט די סטראַטעגישע באַע פֿון דער גרופּע". דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס קלאַס, איז ווייט פֿון נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, אָבער זיינע אינטערעסן ווערן דאָך פֿון איר יאָ בערירט.

„ביים פּראָלעטאַריאַט איז דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם פֿאַרבונדן מיט דערזעלבער סטראַטעגישער באַזע, מיט דיזעלבע בע-

דערפֿנישען פֿון קלאַסען-קאַמף, אויף וועלכע ס'באַזירט זיין קלאַסען-בעוואוסטזיין. ביים פּראָלעטאַריאַט פֿון אַ געדריקטער נאַציע ליידען די בעדינגונגען פֿון זיין סטראַטעגישער באַזע צוליב דעם דאָזיגען דרוק; דער זעלבסטבעוואוסטזיין פֿונ'ם קלאַס ווערט ענג פֿאַרבונדען מיט'ן נאַציאָנאַלען זעלבסטבעוואוסטזיין. דער קלאַסען-קאַמף ווערט בעפֿאַרבט, הן אָביעקטיוו, הן סוביעקטיוו, אין אַ נאַציאָנאַלער פֿאַרב. דער פּראָלעטאַרישער נאַציאָנאַליזם וואַקסט אויס אָביעקטיוו פֿון נעגאַטיווע יסודות, פֿון די קרענקליכע לעבענס-ערשיינונגען און דער אומנאָרמאַלקייט פֿון דער סטראַטעגישער באַזע. ער ווערט אָבער, ווי יעדער אידעאַל פֿון דעם פּראָגרעסיווסטען קלאַס פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, אָנגעפֿילט מיט אַ פּאָזיטיווען אינהאַלט, און קיין שום אַנדער קלאַס אין דער נאַציע איז נישט פֿייהיג צו האָבען אַזאַ רעאַלען נאַציאָנאַלען פּראָגראַם. ווי דער פּראָלעטאַריאַט".

„פֿאַר'ן יודישען פּראָלעטאַריאַט איז די נאַציאָנאַלע פֿראַגע אַ פּועל-יוצא פֿון דעם קאָנפֿליקט צווישען דער בעדערפֿניש צו אַנטוויקלען זיינע פּראָדוקטיוו-כחות און צווישען די בעדינגונגען פֿון זיין סטראַטעגישער באַזע, וועלכע איז נישט-בעפֿרידיגענד הן עקאָנאָמיש און הן פּאָליטיש". „אחוץ די אַלע סיבות, וואָס טאָרמאָזירען און בעגרעניצען די פֿרייע אַנטוויקלונג פֿון דעם קלאַסען-קאַמף ביי די אַרבייטער פֿון אַנדערע פֿעלקער — וואָס נעמען זיך פֿונ'ם ווידערשפּרוך צווישען דער אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיוו-קרעפֿטען און דעם צושטאַנד פֿון די פּראָדוקציאָנס-בעציהונגען אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט — קומען נאָך צו פֿאַר'ן יודישען פּראָלעטאַריאַט בעזונדערע, ספּעציפֿישע אַנאָמאַליעס פֿון דער סטראַטעגישער באַזע, וואָס זענען פֿאַרבונדען מיט די בעדינגונגען פֿון דער פּראָדוקציע, אין וועלכע עס לעבט דאָס יודישע פֿאָלק". די דאָזיגע אַנאָמאַליעס בעשטייען אין דער אויסערגעוויינליכער, גאָר גרויסער שוועריגקייט צו פֿירען דעם קלאַסען-קאַמף זעלבסט, אין דער אויסשליסליכער שוועריגקייט צו אָרגאַניזירען און דיסציפּלינירען די יודישע אַרבייטער, וואָס זענען צעוואָרפֿען אין די קליינע ווערקשטאַטען. דער עקאָנאָמישער קאַמף פֿון יודישען פּראָלעטאַריאַט איז ערפֿאָלגרייך אין סעזאָן-צייט, ווען די בעלי-בתים זענען פֿאַרוואַלגערט מיט בעשטעלונגען און גייען-איין אויף הנחות. ביז צום קומענדיגען סעזאָן ווערען זיך אויס אַלע אויסגעקעמפֿטע הנחות און ביי דער אויפֿלעבונג אין פֿאַך קומט אויס פֿון דאָס ניי צו פֿירען דעם קאַמף פֿאַר די לאַנגגאָנענדיגע, שוין איין מאָל דערגרייכטע, פֿאָדערונגען.

„נאָך ערגער איז די סטראַטעגישע באַזע פֿון יודישען פּראָ-

לעטאַריאַט אין זין פֿון פּאָליטישערווירקונג. זייענדיג כּמעט אינגאַנצען פֿאַרנומען אין דער פּראָדוקציע פֿון די געברויכס-סחורות, נישט אַרבייטענדיג אין קיין איינער פֿון די ערשטע סטאַדיען פֿון דיווירטשאַפֿטליכע פּראָצעסען, בעזיצט נישט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט קיין איינעם פֿון די הויפּט פֿעדים פֿון דער ווירטשאַפֿט אינ׳ם לאַנד, וואו ער לעבט, ער איז נישט ביכולת מיט איין קלאַפּ אָפּצושטעלען דעם גאַנצען מעכאַניזם פֿון דער ווירטשאַפֿט, ווי עס קענען דאָס טון, למשל, די אייזענבאַנער און אַנד. זייענדיג בכּח צו פּאַראַליזירען מיט זיין ענערגישען קאַמף די טעטיגקייט פֿון דעם קאַפּיטאַל, וואָס ווערט פֿון אים אַרויסגעבראַכט, קאָן ער אָבער נישט גורם זיין צו וועלכע ס׳איז וויכטיגע פּערטורבאַציעס אין לאַנד. זיין פּאָליטישע ווירקונג איז בעגרעניצט און אומבעדייטענד. ער איז צו שוואַך, כּדי צו פֿאַרטיידיגען אַפֿילו זיינע גערעכטעסטע פֿאָדערונגען, אויב זיי ווערען נישט אונטערגעהאַלטען דורך אַנדערע, מער גליקליכע אַרבייטער פֿון די אַרומיגע פֿעלקער. ער איז נישט בכּח זיך צו דערשלאָגען אַפֿילו צו דער קלענסטער פֿאַרבעסערונג, קוים האַנדעלט זיך דאָ מכּח בעזונדערע נאַציאָנאַלע נויטען, וואָס זענען כּלל נישט פֿאַראַן ביי אַנדערע. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט איז דעריבער פֿאַרמשפּט נאָכצושלעפּען זיך אין די הינטערשטע רייהען פֿון די שטאַרקע פּאָליטישע אַרבייטער-בעוועגונגען אין לאַנד. די רעוואָלוציע איז פֿאַר אים נויטיג, ווי פֿאַר קיינעם; דער שרעקליכער נאַציאָנאַלער דרוק, די אויסערגעוויינליכע עקספּלואַטאַציע מצד דעם נישטיגען — דערפֿאַר מער געלט-דורשטיגען און גייציגען — יודישען קאַפּיטאַל, זיין העכערע קולטור-מדרגה און כּח-התּפּיסה — דאָס אַלץ רופֿט אַרויס אַ ים פֿון רעוואָלוציאָנערער ענערגיע און אַ בעגייסטערטע אָפּפֿערוויליגקייט. די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע היפּערטראָפֿיע איז איינגעצוימט דורך דער שמאָלקייט פֿון זיין סטראַטעגישער באַזע". זיין אומגליק בעשטייט טאַקי אָט אין דעם דאָזיגען איבערפֿלוס פֿון כּחות, וועלכער קאָן נישט פּראָדוקטיוו אויסגענוצט און פֿאַרווענדט ווערען.

די דאָזיגע אַלע אַנאָמאַליעס וועלען פֿאַרשווינדען ערשט דענסטמאָל, ווען עס וועלען זיך ראַדיקאַל אומבייטען די פּראָדוקציאָנס-בעדינגונגען פֿון יודישען לעבען, ווען ס׳וועט פֿאַרשווינדען די עקסטעריטאָריאַליטעט פֿון יודישען פֿאָלק. ווען די יודען וועלען פֿאַרנעמען די ערשטע און וויכטיגסטע צווייגען פֿון דער פּראָדוקציע, פּראָדוצירען נישט בלויז געברויכס-אַרטיקלען, נאָר אויך פּראָדוקציאָנס-מיטלען, ווען די יודען וועלען זיך אַליין בעטייליגען אין די צענטרען פֿון עקאָנאָמישען לעבען און די אָרגאַניזירונג פֿון יודישער אַרבייט וועט בעקומען די נאָרמאַלע זעלבשטענדיגקייט, נישט



באראכאוו אויפן טויטען בעט

זענענדיג, ווי איצט פאַטאַל אָפהענגיג פון דער אַרומיגער אַרבייטער־בעפעלקערונג, ערשט דאַן וועט דאָס יודישע פראָלעטאַריאַט האָבען אין זיינע הענט די הויפט־נערוועז פון ווירטשאַפטליכען לעבען און זיין קלאַסען־קאַמף וועט בעקומען די נויטווענדיגע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פאָליטישע השפעה.

די אנאמאַליעס פון גאנצען יודישען פאָלק אינטערעסירען באָראָכאָוון בלויז אלס „אַן אָביעקטיווע ערקלערונג פון די סיבות, וועלכע בעשטימען די סתירות אינם לעבען פון יודישען ארבייטער־קלאַס”. דער אויסגאַנגס־פונקט פון זיין פראָגראַם פאַר דער יודישער סאָצ. דעמאָקראַטיע, זיין „סוביעקטיווע מאָטיווירונג” שטאַמט אָבער אויסשליסליך פון די קלאַסען־אינטערעסען פון קעמפענדען יודישען פראָלעטאַריאַט.

---

## XIV.

נאָכדעם, ווי באראכאָוו האט אויף אַזאַ אופן פארמולירט, אין וואָס עס בעשטייט דער נאציאָנאלער קאָנפליקט ביים יודישען פראָלעטאַריאַט, גייט ער איבער צו די פאָליטישע פאַרטייען, וואָס האָבען צו יענער צייט געווירקט אין דער יודישער ארבייטער בעוועגונג און אַנאַליזירט אויספירליך דעם ענטפער, וואָס יעדע פון זיי גיט אויפ'ן נאציאנאלען פראָבלעם פון יודישען פראָלעטאריאַט.

אין ערשטער ריי קומט דער „בונד” — די ערשטע פאָליטישע פאַרטיי פון יודישען ארבייטער־קלאַס. ס'איז געווען זיין גלאַנץ־פעריאָד, ווען זיין נאָמען איז נאָך געווען ארומגערינגעלט מיטן אָרעאָל פון העלדישקייט און מערטירעריי צוליב די רעוואָלוציאָנערע גבורות, וועלכע ער האָט געהאט ארויסגעוויזען ביי פערשידענע צוזאַמענשטויסונגען סיי מיט דער יודישער בורזשואַזיע און סיי מיט די משרתים פון רוסישען דעספאָטיזם. דער בונד האט פרעטענדירט צו גילטען ווי דער „איינציגער פאָרשטייער פון יודישען פראָלעטאריאַט”, געקוקט פון אויבען אראָפ אויף אלע איבעריגע ערשט אויפגעקומענע יודישע ארבייטער־גרופירונגען און זיי געשטעמפעלט מיט פאַראכטונג, ווי אַ קליין־בירגערליכע אָנשיקעניש, וואָס האט אין עצם גארנישט צו טון מיטן פראָלעטאריאַט און מיט זיין רעוואלוציאנערער אידעאָלאָגיע.

קומט צו גיין באָראָכאָוו אין „אונזער פלאַטפאָרם” און אטאַקירט דעם בונד גראָד אין דעם סאַמע עמפינדליכסטען פונקט זיינעם, וועלכער האט געזאָלט פריי זיין פון יעטוועדער פגימה'לע — אין זיין פראָלעטאַרישען קלאַסען־שטאַנדפונקט. שוין אליין דער צוגאַנג צום נאציאָנאַלען פראָבלעם פון יודישען פראָלעטאריאַט

איז בײם בונד נישט קײן רעװאָלוציאָנערער. ער זעט די פ אָ ל ג ע ן און זוכט נישט די ס י ב ו ת. ער זעט דעם ר ע ז ו ל ט אַ ט, צו װעלכען עס האבען גורם געװען די אנאָמאַליעס, די אײגענאַרטיגע בעדינגונגען פון יודישען לעבען; ער באַמיט זיך אָבער כּלל נישט אַ קלער צו טון, װאָס האט דערצו געבראַכט, װי איז עס דערצו געקומען. פון דאַנען נעמט זיך, װאָס דער בונד האלט אין אײן טענה'ן װעגען גײסטיגער קולטור-אָפּגעשטאַנענקײט און דערמאָנט נישט מיט קײן װאָרט די אומנארמאַלע מאטעריעלע קאָמפּס-באַזע פון יודישען ארבײטער. אַזאַ צוגאַנג איז אַ בעקװעמער, אָבער ביז גאָר פרימיטיװער. ס'איז די נאטירליכע, עלעמענטאַרע רעאַגירונג אויף א ערשײנונג. דער בונדישער אַגיטאַטאָר האט זיך אָנגעשטויסען אויף אַ גאַנצער שורה טעכנישע שװעריגקײטען: דער יודישער ארבײטער רעדט נאָר זשאַרגאָן, ס'פעלט די נויטיגע אויפקלערונגס-ליטעראַטור. די זשאַרגאָנישע שפּראַך איז נישט גענוג בויגיג און רײך, מען זאָל אין איר קאָנען װי געהעריג איבערגעבען די גאנצע סאָציאַליסטישע תורה; הינקט בכן אונטער די קולטור-אנטװיקלונג פון יודישען ארבײטער-קלאַס, איז בײ אים נישט אנטװיקעלט אין דער נויטיגער מאָס דער קלאַסען-בעװאוסטזײן. איז די אויפגאַבע אנטװיקלען דעם קלאַסען-בעװאוסטזײן, בעפרײען די קולטור-בעדערפענישען פון יודישען ארבײטער — װעט אלץ זײן גוט.

בײ דער דאָזיגער עלעמענטאַרער אויפפאַסונג איז געבליבען שטעקען דער בונד און גראָד ז י האט צו אים געצויגען די מאַסען, װעלכע זענען בטבע נישט נוטה צו ברעכען זיך דעם קאָפּ אויף האַרבע טעאָריעס, זענען צופרידען, װען מ'קאָן אַזוי לײכט אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג אַלץ בענעמען.

אָבער אויך דאָ האָט דער בונד נישט אַרויסגעװיזען קײן רעװאָלוציאָנערע אויסגעהאַלטנקײט און קאָנסעקװענץ. עס האָט אים פאַרפעלט אָטעם און ער איז געבליבען שטײן אין מיטען װעג. מען דאַרף בעפרידיגען די קולטור-בעדערפענישען, מען דאַרף דערצו בענוצען די זשאַרגאָנישע שפּראַך. נו, און װאָס װעט דערפון אַרויסקומען, װואַהין װעט דאָס פירען? װעט דאָס גורם זײן צו דער אַנשטײאונג פון אַ נאַציאָנאַלער קולטור, צום שאַפען נאַציאָנאַלע קולטור-װערטען, װעלכע מען װעט דאַרפען היטען און אָפּהיטען? חלילה. דער בונד װײס עס נישט, און דערװײל האָט ער דערויף נישט קײן תשובה. נישט יאָ, נישט נײן. ער רוקט אפילו אַרויס סוף כּל סוף דעם פּאָליטישען לאָזונג פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע. די דאָזיגע פּאָליטישע פאָדערונג בעדײט אָבער נישט צו יענער צײט בײם בונד קײן פרײען װעג פאַר

דער ענטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. זי איז גאָר דער אויסדרוק פון אַ כּלומרשט אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישען פּרינציפּ, נעמליך, אַז מען דאַרף יעדער נאַציע גאַראַנטירען די פרייהייט פון זעלבסטבעשטימונג. ווי וועט אָבער די דאָזיגע זעלבסטבע־שטימונג אויספאַלען? צו דעם איז דער בונד נייטראַל. דאָס איז דער אַזוי בערימט־געוואָרענער בונדישער נייטראַליזם אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, פון וועלכען עס האָבען זיך שפּעטער אָפּגע־שאָקלט אייניגע פירער פון בונד גופא. אָבער אין 1906, ווען ס'איז געשריבען געוואָרען „אונזער פּלאַטפאָרם", האָט זיך נאָך דער בונד געהאַלטען שטאָל און אייזען אָן דעם נייטראַליזם און באָראָ־כאָווס שאַרפע, גיפטיגע פיילען האָבען אָן ספק אַ סאַך מיטגע־האָלפען דורכצולעכערען און ענדליך צו צושטערען דעם משונה'די־גען בונדישען „מקום מקלט פאַר עם־הארצות", ווי באָראָכאָוו האָט עס טרעפליך אָנגערופען.

דאָ האָבען מיר פאַר זיך דעם עיקר־חטא, וואָס דער בונד האָט געזינדיגט: זיין אָפּאָרטוניסטישע בעציאונג צו דעם נאַציאָנאַלען פראָבלעם, זיין אומפייהיגקייט אַוועקשטעלען זי אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער קלאָר, בעשטימט. דער בונד האָט זיך נאָך נישט אינגאַנצען בעפרייט פון דער אַלטפרענקישער קאָסמאָפּאָלי־טישער טראַדיציע צו שטעמפּלען יעדען מין נאַציאָנאַליזם, ווי עט־וואָס אַזוינס, וואָס איז רעאַקציאָנער, בורזשואַז, אוטאָפּיש, און פון דער אַנדערער זייט האָבען אים די רעאַלע אינטערעסען פון די יודישע מאַסען געצוואונגען אַריינצונעמען אין זיין פּראָגראַם־מיני־מום אויך נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. פילט זיך מהאי טעמא אין אַלע בונדישע דיבורים מכּח דער נאַציאָנאַלער פראַגע ווי עפּיס איז נישט דערזאָגט, אַ מין האַלבקייט, האַלב פון אַסימילאַציע, האַלב פון נאַציאָנאַליזם. די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע דאַרף ביים בונד דינען „על כּל צרה שלא תבא", אויף יעדען פאַל. זי דאַרף לייכטער מאַכען פאַרן פאָלק דעם וועג צו אַסימילאַציע, אויב אים איז בעשערט צו פערשווינדען, און לייכטער מאַכען דעם וועג פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג, אויב אים איז באַשערט צו בליי־בען לעבען. דער בונד אַליין ווייס נישט, מיט וועלכען וועג וועט גיין די אַנטוויקלונג פון יודישען פאָלק די נאָענסטע צייט. און דאָ ווייזט אָן באָראָכאָוו, ווי אומגעלומפּערט ס'איז אַרויסצושטעלען אַ פּאָליטישע פאָדערונג „אויף יעדען פאַל", בעת מען ווייס אַליין נישט צו זי וועט צונוץ קומען אָדער נישט. און אודאי איז שוין גאָר משונה'דיג און קאָמיש, ווען מען שטעלט זיך פאָר, אַז איין און דיזעלבע פּאָליטישע פאָדערונג קאָן אויסגענוצט ווערען פאַר צוויי דורכאויס געגנזעצליכע צוועקען. „ס'איז אפשר גאַנץ פּראַקטיש

צו בעזאָרגען זיך מיט אַ רעגען־שירעם, ווען מען ווייס נישט, אויב עס וועט רעגענען, אָדער נישט. עס איז אָבער גאָרנישט פאָליטיש צו פאַרזאָרגען זיך מיט אַ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ווען מען ווייס נישט, אויב זי וועט צונויץ קומען, אָדער נישט". „מען קאָן זיין גלייכגילטיג צו דער פראַגע וועגען דער אויפהאַלטונג פון דער נאַציע און איר פאַרשמעלצונג מיט אַנדערע; מען קאָן זיך נישט נעמען צום האַרצען איר פאַרשווינדונג און מען קאָן זיך נישט פרייען מיט איר אויפהאַלטונג. דאָס איז שייך דעם *געפיל*, און פועלי־ציון, נישט עס פרייט זיי, נישט עס איז זיי מצער. ס'איז אָבער גאָר עפּיס אַנדערש די *דערקענטניש*." „מען קאָן נישט, זיך *נישט אינטערעסירען* מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע", ווי דאָס פרעדיגט דער בונד.

„דער רעוואָלוציאָנערער פראָלעטאַרישער געדאַנק ליידט נישט קיין אָפּאָרטוניזם אין קיין שום זאַך", „אויף דער קאַרדינאַלער פראַגע: וואוהין גייט די יודישע נאַציאָנאַליטעט אין איצטיגער צייט, וואוהין ריכטען זיך די טענדענצען פון איר אַנטוויקלונג אין די ראַמען פון דער צוקונפט, צו וועלכע עס גרייכט אונזער פראָגנאָז — מוז דער רעוואָלוציאָנערער געדאַנק געבען אַ קלאָרען, נישט אויסמיידנדיגען ענטפער. און אויב דער פראָלעטאַרישער אַנאַליז וועט קומען צום אויספיר, אז די יודישע נאַציאָנאַליטעט שטרעבט צו פאַרשווינדען, איז די פאַרטיי פון רעוואָלוציאָנערען פראָלעטאַריאַט מחויב אינגאנצען און ענדגילטיג איבערצורייסען מיט אלע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס פון דער ארבייטער־מאַסע און פירען געגען זיי אַ אומברחמנותדיגען קאַמף; די פאַרטיי דאַרף אָפען גיין אויפן וועג פון אַסימילאַציע אָן מורא פאר די פאָרוואורפען מצד די נאַציאָנאַליסטען". דאָ קאָן מען נישט, ווי דער בונד, מאַכען אַ קינסטליכען חילוק צווישען אסימילאַציע און „אַסימילאַטאָרישקייט" ס'הייסט, „מיר זענען נישט געגען אַסימילאַציע; מיר זענען אָבער געגען דער אַסימילאַטאָרישקייט", געגען מיטהעלפען איר.

ווי באַלד מען ווייס אויף זיכער דעם גאַנג פון געשיכטליכער אַנטוויקלונג, איז דער רעוואָלוציאָנער מחויב אים מיטצוהעלפען. „ווען מיר האָבען אויסגעפונען דורכן וויסענשאַפטליכען פראָגנאָז, אז די טענדענץ פון דער יודישער דינאַמיק איז צו קאָנסאָלידירען די יודען־פראַגע און דאס יודישע פאָלק, נאַציאָנאַליזירען דאס יודישע לעבען, האָבען מיר אויך געשלאָגען כפרות מיט אלע קאָסמאָפאָליטישע טראַדיציעס פון דעם אומרייפען פראָלעטאַרישען געדאַנק און זענען מחויב צו פאָרמולירען באמת רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען". און באָראָכאָוו האט שוין

דאן די דרייסטקייט צו דערקלערען אומצווייִדייטיג און ענערגיש: אונז קימערט לגמרי נישט די בייזע אָנפאַלען פון דרדקי־חברה; „מיר ווייסען, אז אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע זענען זיי רעאַקציאָנערען און דאָן־קיכאָטען, וואָס בעמיען זיך אָן הצלחה, מיטן זייערע אומקאָנטראָלירטע דאָגמעס צו פאַרשפאַרען דעם וועג פאַר דער אַלמעכטיגער היסטאָרישער אנטוויקלונג".

כדי צו בעקומען אַ רעוואָלוציאָנערען ענטפער אויף דעם נאַציאָנאַלען פראָבלעם מוז מען אָבער קודם כל אנאַליזירען נישט בלויז די אויסערליכע און באַשיימפערליכע פאָלגען פון נאַציאָנאַלען קאָנפליקט, ווי ס'טוט דער בונד, נאָר אויספאָרשען זיינע טיפע און באהאלטענע יסודות.

מען טאָר נישט בלייבען שטיין ביי זיינע גייסטיג קולטורעלע אויסדרוקען, נאָר מען מוז אריינבליקען טיפער אין סאַמע דעק פון דער עקאָנאָמישער באַזע. אָבער דאָ פאַרראַטען די בונדישע טעאָרעטיקער זייערע אייגענע מאַטעריאַליסטישע פרינציפען און ביי זיי קומט אויס, אז וואו מען קערט זיך און וואו מען ווענדט זיך האט מען כסדר צו טון נאָר מיט שפראַך, דערציהונג, און בכלל קולטור. ס'איז פשוט צום שטוינען ווי אזוי די בונדיסטען נעמען אָן, אַז דער נאַציאָנאַלער סכסוך און אונטערשייד אַנטשטייט אויסשליסליך אויפן באָדען פון שפראַך און דערציהונג. ממילא איז ביי זיי די נאַציאָנאַלע קולטור־אויטאָנאָמיע די איינציגע תרופה און אין דעם פרט שטייען זיי אויף איין ברעט מיט אזעלכע רעאַקציאָנערען, ווי אחד העם, דובנאָוו און אַנד.

ס'איז די טיפּישע קליין־בירגערליכע מאַניער: אין דער גייסטיגער קולטור צו זוכען דעם מהות און זינען פון טיפע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען. ביי דער קליין־בורזשואַזיע איז די גייסטיגע קולטור אַ ביז גאָר וויכטיגער געוועער אין קאַמף פאַרן מאַרק. די שפראַך — און אַלץ, וואָס האָט מיט איר אַ שייכות — גילט, ווי דער נאָענטסטער טעכנישער פאַרבינדונגס־מיטעל צווישען קונה און סוחר. דער יודישער ארבייטער האָט ערשט נישט לאַנג בעקומען זיין גאַנצע דערציהונג אין דער פאַטריאַרכאַלער קליין־בירגערליכער יודישער פאַמיליע און ביי אים זענען נאָך ביז אויף היינט פאַרבליבען געוויסע שטריכען פון דער קליין־בירגערליכער פסיכאָלאָגיע. דאָס ווייזט זיך ארויס סיי אין דעם, וואָס ער איז צוגעבונדען צו גייסטיגע קולטור־פאָרמען, ווי אויך אין דעם, וואָס ער פאַלט אזוי לייכט אונטער יעדער קולטוריסטישער אַגיטאַציע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ ווירקט אויך דער פאַקט, וואָס די ברייטע יודישע מאַסע געפינט זיך אין אַ ווירטשאַפטליך איזאָלירטער ספערע, פון וואָס עס ציען זייער יניקה די יודישע גייסטיגע קולטור און

זשאַרגאָן, פונקט ווי די צוגעבונדענקייט פונ׳ם יודישען אַרבייטער צו די דאָזיגע ווערטען.

פון דעם דרינגט בּאָראָכאָוו אַרויס, אַז „די עצם צוגעבונדענקייט פון יודישען אַרבייטער צום זשאַרגאָן און צו דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור איז לחלוטין ניט רעאַקציאָנער. אדרבא, זי וואָרצלט אין די רעאַלע בעדינגונגען פון זיין עקזיסטענץ און קאָן בשום אופן נישט גילטען ווי אַ טראַדיציאָנעלע איבערבלייבעניש״; „אָבער די נטיה קולטוריסטיש אויפצופאַסען די יודען פראַגע, ווי מיר טרעפען עס ביים בונד, איז אומבעדינגט רעאַקציאָנער און ווייזט אַרויס אַלע סימנים פון קליין־בירגערליכער אפשטאַמונג״.

דער יודישער פראָלעטאַריאַט ליידט פון נאַציאָנאַלען דרוק — דאָס מיינט אין ערשטער ריי, אַז ער ליידט מאַטעריעל, ווירטשאַפטליך־עקאָנאָמיש; די נישט גענוגענדע אַנטוויקלונג פון זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין קאָן מען אויסטייטשען נאָר ווי אַ פועל־יוצא פון די מאַטעריעלע אַנאָמאַליעס. ס׳איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַרן בונד און זיין אופן צו בענעמען פראַגען, אַז אפילו דאָ הינקט ער אויך אונטער און זעט נישט, אין וואָס ,אייגענטליך, דריקט זיך אויס די אומנאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון קלאַסען־בעוואוסטזיין ביים יודישען פראָלעטאַריאַט. לויטן בונד קומט אויס, אַז מחמת ס׳פעלט אַ געזונדע נאַציאָנאַלע קולטור, איז דעם יודישען אַרבייטער שווערער צו פאַרדייען און אויפצונעמען די סאָציאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג; זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין איז ווינציג, קוואַנטיטאַטיוו אַנטוויקעלט. אין אמת׳ען איז די לאַגע אַנדערש. דער קלאַסען־בעוואוסטזיין איז ביים יודישען אַרבייטער אַנטוויקעלט נישט ווינציגער, אויב נישט מער,ווי ביי די אַרבייטער פון אַנדערע פעלקער. די צרה בעשטייט נאָר אין דעם, וואָס אַ דאַנק דער אומבעפרידיגענדער פאָליטישער און עקאָנאָמישער בעדייטונג פון דער יודישער פראָלעטאַרישער סטראַטעגישער באַזע אַנטשטייען קוואַליטאַטיווע, איכותדיגע אַנאָמאַליעס: אומצופרידענשטעלענדע רעזולטאַטען פון קלאַסען־קאַמף, אַן איבערטריבענע רעוואָלוציאָנערע פראַזעאָלאָגיע און אַן אַבנאָרמאַל פאַרשפרייטע נויגונג פון יודישע אַרבייטער צום אַנאַרכיזם.

דער בונד, וואָס איז אַליין געווען פאַרשיכּורט פון די ערפאָלגען, וואָס זיין רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע האָט געהאַט ביי די מאַסען, איז נישט געווען פעהיג צו פאַרטיפען זיך אין די אַלע אַנאָמאַליעס און זוכען פאַר זיי אַ רעוואָלוציאָנערע לעזונג. איז זיין גאַנצע פאָליטישע חכמה געווען קאָנצענטרירט אין דעם כּלל: „דאָ שטייען מיר און דאָ בלייבען מיר״. האָט ער גערופען צום

קאַמף פאַר דעם, וואָס ס'איז געוועזן אויבן-אויף, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן און וואָס מ'האָט געקאָנט יעדן איינעם אפילו דעם אומרייפן פּאָליטישן שכל מסביר זיין. אין דעם פּרט האָט די ערשטע פּאַרטיי פון יודישן פּראָלעטאַריאַט גרויסע פאַרדינסטן, וועלכע באָראָכאָוו שטרייכט אונטער מיט פולער אָפנהערציגקייט. דער בונד „האָט אַנטוויקלט דעם קלאַסן-בעוואוסטזיין פון יודישע אַרבייטער, ער האָט זיי צוגעוואוינט צו אַן אָרגאַניזירטן קאַמף פאַר זייערע אינטערעסן; ער האָט ביי זיי דערצויגן דעם גייסט פון דיסציפּלין און קולטיווירט זייערע דעמאָקראַטישע בעגריפן". „אין דער געשיכטע פון דער יודישער אַרבייטער בעוועגונג וועט דער נאָמען פון בונד פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות, און אַ פּראַכטפולן מאָנומענט פאַרן בונד אין פּאַלעסטינא וועלן אויפשטעלן די קומענדיגע דורות פון יודישן פּראָלעטאַריאַט".

אָבער די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון „בונד" מאַכט אַלץ קאַליע און גראָבט אונטער פון אינעווייניג די יסודות פון זיין קיום. דער „בונד" קאָן עקזיסטירן נאָר ווי אַ קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האַלט אירע מיטגלידער איזאָלירט פון דער געגנערישער קריטיק און די שטרענגע פּאַרטייאישע דיסציפּלין לאָזט נישט צו קיין שום שאלות און ספקות און בעוואָרנט זיך פאַר יעדער „קראַמאָלע".

„מ'קאָן אָבער, שרייבט באָראָכאָוו, דרייסט פאָרויסזאָגן, אַז אין קומענדיגן פרייען רוסלאַנד וועט דער בונד נישט לאַנג בליען". „אונזער אַגיטאַציע און דער בונד וועלן ארויס פון אונטער דער ערד, פאַרלאָזן די „פּאָדפּאָליע" און זיי וועלן זיך צונויפשטויסן אויף דער פרייער פּאָליטישער-טריבונע". „די אינערליכע צופאָרענקייט, וועלכע מערקט זיך שוין איצט ביים בונד, און די פרייע דרויסנדיגע קריטיק פון די געגנער וועלן גיך פאַרענדיגן דעם צופאַלונגס פּראָצעס פון בונד".

די דאָזיגע ווערטער זענען געשריבן געוואָרן אין 1906 יאָר, באַלד נאָך דער קורצער ערפאַרונג פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע פון 1917 יאָר און איר ערפאַרונג האָבן פולשטענדיג בעשטעטיגט דעם פּאָליטישן פּראָגנאָז, וואָס באָראָכאָוו האָט פאָרויסגעזאָגט וועגן ווייטערדיגן גורל פון בונד. אינם בעפרייטן רוסלאַנד איז נישטאָ קיין נויטיגקייט אין בונדישער רעוואָלוציאָנערער פּראַזעאָלאָגיע און אין זיינע קולטור-קמיעות. אין בעפרייטן רוסלאַנד איז נישטאָ קיין שפור פון דעם אַמאָל „מעכטיגן" „איינציגן פאָרשטייער" פון יודישן פּראָלעטאַריאַט.

---

## XV

די פּראָגראַם פון די "ציוניסטען־סאָציאַליסטען" (ס. ס.) איז אַ סאַך אַנטוויקעלטער און קאָמפּליצירטער, ווי די בונדישע. די ס. ס. פּרובירען שוין אויפנעמען די מאַטעריעלע אינטערעסען פון יודישען ארבייטער און מאַכען אַ מאַטעריאַליסטישען אַנאַליז פון זיין נאַציאָנאַלען פּראָבלעם. זיי קענען זיך, בכן, נישט צופרידענשטעלען מיט יענער פּרימיטיווער רעאַגירונג, אויף וועלכער דער בונד האָט זיך פאַרשטייפט. זיי פאַרשטייען שוין, אַז ס'איז נויטיק ראַדיקאַל אומצואַנדערשען דאָס לעבען פון יודישען פאָלק — זיי זענען אויסגעשפּראָכענע טעריטאָריאַליסטען. אָבער גראָד זייער טעריטאָריאַליזם, אויך וויפל זיי קומען מיט אים צום פּראָלעטאַריאַט, ווערט אָפּגעפרעגט דורך באָראָכאָוון.

ווי אזוי איז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט, פרעגט באָראָכאָוו, פאַראינטערעסירט אין טעריטאָריאַליזם, וואָס איז דאָ זיין אויסגאַנגס־אינטערעס אַלס קלאַס? און דאַן, אין שייכות דערמיט, וועלכע קלאַסען־וועגען און וואָסערע קלאַסען־מיטלען ווייזען אָן די ס. ס. ביי דער רעאַליזירונג פון פּראָלעטאַרישען טעריטאָריאַליזם? לכתחילה, גאָר פון אָנהויב, האָבען די ס. ס. זיך פאַררופען אויף דער „נישט־פּראָלעטאַריזאַציע"; די יודישע קליין־בירגערליכע מאַסען ווערען אין פּראָצעס פון קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג רואינירט מחמת זיי האַלטען נישט אויס די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ. זיי האָבען נישט קיין צוטריט אויך צו דער פּראָדוקציע, זיי איז פאַרשפּאַרט דער וועג צו ווערען לוין־אַרבייטער, ווערען זיי געשטויסען אין די שורות פון דער רעזערוו־אַרמעע פון לומפען־פּראָלעטאַריאַט. נישט האָבענדיג קיין מעגליכקייט איינצואָרדענען זיך אויפ'ן אָרט, זוכען זיי אַ רעטונג אין עמיגראַציע. אין די נייע לענדער, וואוהין זיי עמיגרירען, חזרט זיך איבער די זעלבע געשיכטע; זיי קאָנען נישט צוקומען צו די העכערע פּראָדוקציאָנס געביטען און פּראָלעטאַריזירען זיך נישט. פון דאַנען איז שוין איין שפּאַן צום געדאַנק, אַז ס'איז נויטיג צו קאָנצענטרירען די יודישע עמיגראַציע אויף איין טעריטאָריע, וואו עס זאָל געשאַפען ווערען אַן אויטאָנאָמע יודישע געזעלשאַפט. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט, דער אַם מייסטען אונטערדריקטער קלאס פון יודישען פאָלק ליידט מער פון אלע פון דער נישט־פּראָלעטאַריזאַציע און פון די אומגינסטיגע עמיגראַציאָנס־בעדינגונגען און נויטיגט זיך דעריבער מער פון אלע אין אַ טעריטאָריע. אויפן וועג צום סאָציאַליסטישען אידעאַל שטרעבען די ס. ס. צו נאָך אַ אידעאַל: צום

טעריטאָריאַליזם. דער טעריטאָריאַליזם וועט זיי געבען יענע מעגליכקייט צו קעמפען פאַרן סאָציאַליסטישען אידעאַל, וועלכע פעלט זיי אין גלות, אַ דאַנק דער „נישט-פּראָלעטאַריזאַציע".

די דאָזיגע טעאָריע וועגען „נישט פּראָלעטאַריזאַציע", איז בשעתּה אָנגענומען געוואָרן אויך ביי די פּועלי-ציון, ווען זיי איז אויסגעקומען צו פאַרווענדען די גאַנצע ענערגיע אויף פעסטצושטעלען די אייגנאַרטיגע פאַקטען און ערשיינונגען פון דער יודישערווירקליכקייט, וועלכע דער בונד האָט איגנאָרירט. די אַנאָמאַליעס פון יודישען לעבען בכלל, די משונה'דיגע פאַקטען אין דער אַנטוויקלונג פון אַנדערע קלאַסען האָבען זיי אָבער על פּי טעות אָנגענומען פאַר אויסגאַנגס-אינטערעסען פון יודישען פּראָלעטאַריאַט. די פּועלי ציון האָבען זיך שפּעטער טאַקע אָפּגעזאָגט פון דער אויבענגעבראַכטער אַרגומענטאַציע, אָבער די ס. ס. זענען באַ איר געבליבען ביז דעם לעצטען מאָמענט פון זייער עקזיסטענץ. זיי האָבען זי נאָר געהאַלטען אין איין אויסבעסערען און קאָרעגירען. אָנשטאָט „נישט – פּראָלעטאַריזאַציע" האָט מען גענומען רעדען וועגען „אומנאָרמאַלער פּראָלעטאַריזאַציע". דאָס איז שוין געווען מער קרוב לאמת, ווייל די יודישע מאַסען האָבען זיך פאָרט „פּראָלעטאַריזירט". והראיה – די ס. ס. גופא האָבען כּסדר גערעדט וועגען אַ יודישען פּראָלעטאַריאַט און זיין קאַמף – מען האָט אָבער גאַנץ ריכטיג אָנגעוויזען, אַז דער פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזאַציע איז אַ אומנאָרמאַלער; די יודישע אַרבייטער געפינען זיך בלויז אין די נידעריגע פּראָדוקציאָנס-צווייגען, אפילו אין די נידעריגסטע (מאַנופאַקטור) פאָרמען פון די נידעריגסטע געביטען. זיי האָבען נישט קיין צוטריט אין די העכערע געביטען און מ'קאָן אַפילו פאָראויסזאָגען, אַז זיי וועלען אַרויסגעשטויסען ווערען אויך פון די צוריקגעשטאַנענע געביטען. ווי אַ פּועל יוצא דערפון קומט די עמיגראַציע און די נויטיגקייט אין אַ טעריטאָריע.

ווערען מיר אָבער אַלץ נישט קליגער וועגען דעם, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס מיטן יודישען פּראָלעטאַריאַט, וואו איז דאָ ז י י ן אינטערעס? אין בעסטען פאַל קאָן דאָך דאָ זיין אַ רייד וועגען אַ אינטערעס ביים ע מ י ג ר י ר ע נ ד ע ן פּראָלעטאַריאַט, אָבער בשום אופן נישט ביים ק ע מ פ ע נ ד י ג ע ן. דער לעצטער ליידט דאָך נישט פון די אַנאָמאַליעס, וועלכע די ס. ס. רעכענען אויס.

ס'האָט נישט לאַנג גענומען און די ס. ס. האָבען פון דאָס ניי אַריינגעבראַכט אַ קאָרעקטיוו און גענומען רעדען וועגען „נישט-אינדוסטריאַליזאַציע". ס'איז טאַקי יאָ פאַראַן אַ יודישער פּראָלעטאַריאַט, אָבער דער דאָזיגער פּראָלעטאַריאַט איז נישט קיין נאָר-

מאַלער. ער איז בעשעפטיגט אין דער קליין-אינדוסטרי און ביי האַנד-ווערקעריי, נישט ווי דער קעמפענדיגער פראָלעטאַריאַט ביי אַנדערע פעלקער, וואָס איז קאָנצענטרירט אין דער גרויס-אינדוסטרי. פון דאַנען דרינגען די ס. ס. אַז ביים יודישען פראָלעטאַריאַט פעלט דער רעאַלער עקאָנאָמישער באָדען פאַר דער אַנטוויקלונג פון זיין סאָציאַליסטישען בעוואוסטזיין. אין גלות קאָן זיך די לאַגע נישט בייטען. אָבער „וואָס געדיכטער און קאָמפּאַקטער עס ווערט די קאָנצענטראַציע פון דער עמיגרירענדער יודישער אַרבייטער מאַסע אין די אימיגראַציאָנס-לענדער, אַלץ שטאַרקער ווערט איר צוריקווירקונג אויף דער יודישער אַרבייטער בעפעלקערונג אין די לענדער פון עמיגראַציע. ביסלעכוויז אַנטוויקעלט זיך אַ געגענזייטיגע ווירקונג פון אימיגראַציע און עמיגראַציע און אין דער קלאַסען-אידעאָלאָגיע פונם יודישען אַרבייטער הויבט די עמיגראַציע אָן צו פאַרנעמען דעם פלאַץ פון אַ פאַקטאָר, וואָס פאַרגרעסערט זיין ענערגיע אין קלאַסען-קאַמף".

פון דער געבראַכטער ס. ס.'שער ציטאַט איז צו זען, אַז דער אויסגאַנגס-מאָטיוו פאַר זייער טעריטאָריאַליזם איז ביי די ס. ס. די ע מ י ג ר אַ צ י ע. אויף דעם סמך דערקלערט באָראָכאָוו: „די זינד פון אַלע זינד ביי די ס. ס. איז זייער טעריטאָריאַליזם אין דער א י ד ע אָ ל אָ ג י ע פונם יודישען פראָלעטאַריאַט, בעת ער פעלט אין דעם ל ע ב ע ן און אין דעם ק אַ מ ף פון אַרבייטער קלאַס".

און וויבאַלד די ס. ס. האבען נישט קיין קלאַסען-פראָלעטאַרישען אויסגאַנגס-א י נ ט ע ר ע ס, איז פאַרשטענדליך, אַז זיי קאָנען אויך נישט האָבען קיין פראָלעטאַרישען ו ע ג צום טעריטאָריאַליזם. דאָ שטעלט זיך באָראָכאָוו אָפּ גענוי אויף דער טעאָריע וועגען צוויי פלאַנען, פון סאָציאַליזם און טעריטאָריאַליזם. „קלאַסען קאַמף איז איין זאַך און דער טעריטאָריאַליזם איז ווידער א זאַך פאַר זיך". די ס. ס., זאָגט באָראָכאָוו, זענען אין זייער אַנאַליז דערגאַנגען נאָר צו דעם, אַז דאָס יודישע פאָלק דאַרף אַ טעריטאָריע. ביי זיי פעלט אָבער די ה י ס ט אָ ר י ש ע נויטווענדיגקייט פון דער טעריטאָריע, ס'פעלען היסטאָרישע וועגען און מיטלען, זיי ווייסען נישט און זאָגען זיך אָפּ פּרינציפּיעל צו קאָנקרעטיזירען דעם טעריטאָריאַלען פּרינציפּ, אָנצוווייזען פּינקטליך די טעריטאריע כל זמן מען האָט זי נישט אָפּגעזוכט און אויסגעפאָרשט. דער אַבסטראַקטער טעריטאָריאַליזם מוז נאַטירלעכערהייט אויסשליסען יעדע אָנווייזונג און אַפילו פאָראויסזאָגונג פון קאָנקרעטע וועגען. בלייבט איין וועג, און אַרבייט—ל אַ נ ד ז ו כ ע ר יי.

פ'איז נישטאָ קיין שום פּראַקטישע טעריטאָריאַליסטישע

ארבייט, אחוץ שיקען עקספעדיציעס אויסצוזוכען א טעריטאָריע און אויספאָרשען, אויף וויפעל זי טויג פאַר דער יודישער עמיגראַציע. איז דאָס אַן עסק פאַרן פּראָלעטאַריאַט? און בכלל, איז דען מעג־ליך אויספאָרשען אַ לאַנד דורך עקספּעדיציעס אזוי ווייט, מען זאל קאָנען אַנטשיידען, אויב דאָרט קאָן געשאפען ווערען אַן אויטאָנאָ־מע יודישע געזעלשאפט? דאָס איז דאָך אַ פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע פראַגע, און זי הענגט נישט אָפּ בלויז פון געאָגראַפישע און קלימאַטישע בעדינגונגען. דערצו זענען נויטיג מעטאָדען פון סאָציאָלאָגישען אַנאַליז און פּראָג־נאָז. כדי אויסצופאָרשען אַ לאַנד ווי עס בעדאַרף צו זיין, דאַרף מען עס קאָלאָניזירען, זיך באַזעצען דאָרט און כסדר, פּלאַנ־מעסיג, אין פּראָצעס פון טאָג־טעגליכען לעבען דערגיין פאַרשיי־דענע פּרטים און איינצעלהייטען. אַבסטראַקטער טעריטאָריאַליזם פירט דירעקט צו אידעען־אַוואַנטוריזם, וועלכער באַנוצט זיך מיט צופעליגע קאָמבינאַציעס פון אינטערעסען און מעגליכקייטען אנ־שטאָט צו אָנשפאַרען זיך אויפן געזעלשאַפטליכען פּראָצעס און אויף די דויערנדע אַנטוויקלונג פון היסטאָרישע טענדענצען. עס פעלט דאָ דער בעגריף וועגען אַ סטיכישער אָנזאַמלונג און וואוקס פון כחות, וואָס זאָלען פירען אומפאַרמיידליך צו דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם.

דערפאַר זענען די ס. ס. נישט בכח צונויפצובינדען אין איין גאַנצקייט זייערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. „אין דער געגענוואַרט האָבען זיי נישט קיין נאַציאָנאַלע פאָדערונ־גען; פאַר דער צוקונפט האָבען זיי נישט קיין קלאַסען־וועגען.” „די רעוואָלוציאָנערע נאַציאָנאַלע צוקונפטס־פּראָגראַם — דער טערי־טאָריאַליזם גייט ביי די ס. ס. האַנט אין האַנט מיטן מערדערלי־כען אָפּאָרטוניזם אין דער געגענוואַרט”. דאָ אויפן אָרט, אין גלות זעהען די ס. ס. בלויז צופוילעניש, ירידה, אונטערגאַנג און פון זייער בליק אויף דער יודישער געגענוואַרט ווייעט אַ שרעקליכער פעסימיזם. זייערע וויטסטע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אין גלות האָבען דערגרייכט ביז צו די „פרייע נאַציאָנאַלע שול־פאַרבאַנדען”, „דאָס מפיל־קינד פון דער בונדישער קולטורעלער אויטאָנאָמיע”.

„די בלאַסקייט און צושוואומענקייט פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם אין גלות און דער אומדורכגעטראַכטער אָפּגרונד צווישען די פּראָלעטאַרישע און טעריטאָריאַליסטישע אינטערעסען, צווישען דעם קלאַסען־קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט און דער רעאַליזי־רונג פון טעריטאָריאַליזם, צווישען דער בעוועגונג און דעם אידע־אַל, צווישען דעם היינט, דעם מאָרגען און איבערמאָרגען, צווישען „דאָ” און ”דאָרט„ בקיצור, די אומפאַרמיידליכע צוריסענקייט וואָס

גראָבט אונטער פון אינעווייניג דאָס פּראָגראַם פון ס. ס. רויבט אַוועק יעדען זין פאַר דער עצם עקזיסטענץ פון דער דאָזיגער פּאַרטיי.

מיר האָבען זיך שוין פריער צונויפגעטראָפען מיט דעם חילוק, וואָס באַראָכאָוו מאַכט צווישען צווייערליי אינטערעסען פונם אַרבייטער. אַזעלכע, וואָס זענען פאַרבונדען מיטן אַרבייטס-פּלאַץ, מיט זוכען אַרבייט, מיט קאָנקורענץ צוליבן פּלאַץ און מיט עמיגראַציע; און אַזעלכע, וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער סטראַטעגישער באַזע. מיטן עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קאַמף, וואָס דער אַרבייטער פירט געגען עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג, מיט דער אַלוועלטליכער פּראָלעטאַרישער סאָלידאַרישקייט. די אינטערעסען פונם אַרבייטס פּלאַץ פאַרבינדען דעם אַרבייטער מיט די מאסען, וואָס זוכען זיך ערשט צו פּראָלעטאַריזירען; די אינטערעסען פון דער סטראַטעגישער באזע בינדען צונויף די אַרבייטער פון איין און דערזעלבער נאַציע, ווי אַלע אַרבייטער פון אַלע נאַציעס, אין איין קלאַס — פּראָלעטאַריאַט, הגם ער אָרגאַניזירט זיך אין בעזונדערע נאציאָנאַלע פּאַרטייען און מלוכה-פעדעראַציעס.

„די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון די ציוניסטען סאָציאַליסטען איז דער אויסדרוק פון דער פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסען, וואָס האַלטען זיך ערשט אין פּראָלעטאַריזירען און האָבען זיך נאָך נישט אַנטוויקעלט צו דער מדרגה פון אמת'ן פּראָלעטאַריאַט. די „נישט-פּראָלעטאַריזאציע" אָדער—וואָס איז איינס און דאָסזעלבע—די „נישט אינדוסטריאַליזאַציע" און עמיגראַציע זענען אומצווייפעלהאַפטע פאקטען און אפילו פאַקטאָרען פון יודישען לעבען; זיי קאָנען אָבער נישט גילטען, ווי אינטערעסען און מאָטיוועך פונם קעמפענדיגען פּראָלעטאַריאַט". דאָט זענען נאָר אָנרעגענדע מאָטיוועך פון די זיך פּראָלעטאַריזירענדיגע און עמיגרירענדיגע מאַסען. די „טעריטאָריע-זוכעניש" איז פשוט א אידעלאָגישע אָפּשפּיגלונג פון דער רעאַלער ערשיינונג, וואָס די זיך פּראָלעטאַריזירענדיגע יוד. מאַסען בלאָנדזשען אַרום איבער דער גאַנצער וועלט און זוכען אַן אַרבעטס-פּלאַץ. די דאָזיגע מאַסען פאַרמאָגען נישט קיין שום געשיכטליכע השפעה, זיי שטעלען מיט זיך פאָר בלויז אַ פּאַסיוועך מאַטעריאַל פאַר די שאַפענדיגע געשיכטליכע פּראָצעסען; און איבער דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע פון די ס.ס. הענגט טאַקי דעריבער די קללה פון אומפּרוכטבאַרקייט, פון אויסערסטע אומבעהאָלפענקייט, פון אומפייהיגקייט צו זאָגען אַ ניי וואָרט און צו עפענען נישט-געזעהענע ברייטע וועלטען". דער פּעסימיזם בנו-

גע דער נאַצ. ווירקליכקייט אין גלות כאַראַקטעריזירט די אידעאָלאָ-
גיע פון יודישען עמיגראַנט, וועלכער איז שוין אָפּגעריסען פון
לעבען דאָ און אַלע זיינע האָפענונגען ווענדעט ער אַהין און נור
אַהין.

אָבער בנוגע דעם דאָרט האָבען די ס.ס. אָפּגעגעבען דעם
אויבען אָן דער בורזשואַזיע: אין אַוואַנגאַרד פון דער רעאַליזירונג
פון טעריטאָריאַליזם האָבען זיי אַוועקגעשטעלט די בורזשואַזיע. זי
וועט שיקען עקספּעדיציעס, זי וועט פאָרשען, זי וועט פירען דיפּ-
לאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען מיט די פאַראינטערעסירטע מלוכות
וועגען דער טעריטאָריע פאַר יודען און, ענדליך זיך וועט בעקוממען
דעם „טשאַרטער”, די גאַראַנטיע אויף טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע
און ערשט נאָכדעם וועט מען זיך קאָנען נעמען פאַר קאָלאָניזאַציע.
איז נישטאָ די מינדסטע שייכות צווישען קלאַסען-קאַמף פון יוד.
פּראָלעטאַריאַט אין גלות און צווישען דער אַקציע צו קריגען אַ
„טשאַרטער” אויף דער טעריטאָריע. דאָ דריקט זיך ווידער אויס די
פּאַטאַלע הילפלאָזיגקייט פון די זיך פּראָלעטאַריזירינדיגע און זיי-
ער אָפּהענגיגקייט פון דער בורזשואַזיע.

די דאָזיגע אַלע גרונט-פעלערען בעווייזען קלאָר, אַז די ס. ס.
דריקען מיט זיך אויס אַזאַ צופּאַסונג פונם פּראָלעטאַרישען געדאַנק
צום נאַציאָנאַלען קאָנפליקט, וואָס האָט נישט קיין זעלבשטענדיגען
ווערט און איז נאָר אַ צווישען-שטופע, אַן איבערגאַנגס-
שטופע צו אַן אַנדערע, מער קאָאָרדינירטער, מער אַנטוויקעל-
טער און רעוואָלוציאָנערער צופּאַסונג”. באָראָכאָוו איז עס מסביר
אויף פאָלגענדען אופן: „דער סאַמע דעק פון דער יודישער פּראָלע-
טאַרישער פּסיכיק איז אויסגעבעטט מיט אַ שיכט קליין-בירגערלי-
כער איבערלעבונגען; פון אויבען איז פונאַנדערגעלעגט אַ שיכט
איבערלעבונגען פון די זיך פּראָלעטאַריזירענדיגע מאַסען; און הע-
כער פון אַלע, ארויסשטויסנדיג כסדרביידע אנדערע שיכטען און
אָפּמעקענדיג זיי בהדרגה'דיג, געפינען זיך די סאַמע קאָמפּליצירטע
און לעבענס-פייהיגע פאָרמאַציעס פון דעם שיכט איבערלעבונגען
פון קעמפּענדיגען קלאַס פון פּראָלעטאַריאַט. די ווידערשפּרוכען,
וואָס צורייסען דעם צווישען-שיכט און זיין פּראָדוקט — די נאַציאָ-
נאַלע פּראָגראַם פון ס. ס. זוכען אַן אויסגאַנג אַהער אָדער אַהין,
אַראָפּ אָדער אַרויף, צוריק אָדער פאָראויס”.

שוין דענסטמאָל האָט באָראָכאָוו פאָרויסגעזעהן, אַז די ס. ס.
וועלען זיך נישט אויפהאַלטען לאַנג ווי אַ זעלבשטענדיגע פּאַרטיי
פון יודישען פּראָלעטאַריאַט, הגם זיי האָבען געהאַט זייער אייגענס
אַזאַ וויכטיגע רעוואָלוציאָנערע ערגאָבערונג, ווי דער טעריטאָריאַ-
ליזם און זיי האָבען שוין איינגעזעהן, אַז „די אייגענאַרטיגקייט פון

יודישען נאַציאָנאַלען לעבען לעגט אַוועק איר שטעמפּעל אויפן קלאַסען־קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט". ס'איז ריכטיג, זאָגט באָראָכאָוו, אַז „די צוקונפט פון יודישען פּראָלעטאַריאַט איז ענג פאַרבונדען מיט דער צוקונפט פון יודישען פאָלק, פונקט ווי זיין געגענוואַרט איז אויך אַ פּראָדוקט פון דער אַליודישער ווירקליכקייט; און אַז וויבאַלד די צוקונפט פונם יודישען פאָלק איז אין טעריטאָריאַליזם, גייט אויך דער יודישער פּראָלעטאַריאַט צום טעריטאָריאַליזם". די שאלה איז נאָר, ווי מען פאַרשטייט דאָס און ווי מען דערווייזט דאָס.

„מען דאַרף צוערשט אַנאַליזירען די אינטערעסען פון יעדען קלאַס פון דער יודישער נאַציע און די אינטערעסען פון יודישען פּראָלעטאַריאַט בעזונדער און פאַר זיך. ווען עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזען, אַז הגם די אינטערעסען פון דער יודישער בורזשואַזיע און פון די זיך פּראָלעטאַריזירנדיגע מאַסען פירען זיי צום טעריטאָריאַליזם, דערפאַר אָבער זענען די אינטערעסען פון יודישען פּראָלעטאַריאַט נישט פאַרבונדען מיטן טעריטאָריאַליזם, וואָלט נישט געקאָנט זיין קיין שום רעד וועגען דעם, אַז די צוקונפט פון גאַנצען יודישען פאָלק איז אויך די צוקונפט פון יודישען פּראָלעטאַריאַט. מען טאָר נישט אַרויסגיין פון דער אַלנאַציאָנאַלער צוקונפט און פון דאַנען אַרויסברייען די צוקונפט פון פּראָלעטאַריאַט; פאַרקערט, מען דאַרף אַרויסגיין פון די אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט און פון דאַנען קומען צו דער צוקונפט פון דער גאַנצער נאַציע. די ס. ס. האָבען אָנגענומען דעם ערשטען פון די צוויי שטאַנדפּונקטען, דעם אַנטיפּראָלעטאַרישען". „פּועלי ציון האַלטען זיך ביים צווייטען, ביים קלאַסען־וועג: אַרויסגעהענדיג פון די אינטערעסען פונם קעמפענדיגען יודישען אַרבייטער קלאַס און אַוועקשטעלענדיג אים אין אַוואַנגאַרד פון דער יודישער צוקונפט, קומען זיי צום טעריטאָריאַליזם פאַרן גאַנצען יודישען פאָלק".

---

## VXI

אין זיין קריטיק פון די „סיימיסטען" (יוד. סאָצ. אַרב. פּאַרטיי) באַשעפטיגט זיך באָראָכאָוו, אייגענטליך, נישט בלויז מיט זייער שטעלונג צום נאַציאָנאַלען פּראָבלעם פון יודישען פּראָלעטאַריאַט און צום טעריטאָריאַליזם; ער האָט גראָד אַ סאַך איינצוווענדען געגען זייער גאַנצער היסטאָריש־פילאָזאָפישער שיטה, וועלכער ווייכט אָפּ זייער שטאַרק פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, וואָס איז אָנגענומען דורכ'ן בונד און די ס. ס. פונקט ווי

דורך די פּועלי ציון. באָראָכאָװ טרעט אויף זײער שאַרף געגען דער „אָריגינעלער" סײמיסטישער אויפפאַסונג פון דער סאָציאַליסטישער בעװעגונג װי אַ „פּאָרמעלע פעראײניגונג פון דרײ בעזונדערע אויטאָנאָמע פרײהײטס-אידעאַלען, אַן עקאָנאָמישער, אַ פּאָליטישער און אַ נאַציאָנאַלער, װאָס אויף צו רעאַליזירען יעדען אײנעם פון זײ מוזען זײן געריכטעט זעלבשטענדיגע אָנשטרענגונגען פונם סאָציאַלען שאַפען און אויפגעשטעלט ספּעציעלע קאָמבינאַציעס פון געזעלשאַפטליכע כחות". דאָס מײנט, אין אמת'ען, אַז עס זענען פאַראַן דרײ בעזונדערע סאָציאַליזמען, אַ עקאָנאָמישער סאָציאַליזם, אַ פּאָליטישער סאָציאַליזם און אַ נאַציאָנאַלער סאָציאַליזם. פון דאַנען בעט זיך דער אויספיר, אַז ס'קאָן גרײליך געמאָלט זײן, דער עקאָנאָמישער סאָציאַליזם זאָל רעאַליזירט װערען און דאָך זאָל מען נאָך האַלטען װײט מיטן פּאָליטישען סאָציאַליזם; און פונקט אזוי זאָל מען ערשט נאָך דער פאַרװירקליכונג פון די צװײ סאָציאַליזמען דאַרפען אָנהױבען אײנצוקנעלען מיטן עולם הלכות נאַציאָנאַלען סאָציאַליזם.

פאַר אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט איז די דאָזיגע גאַנצע סאָציאָלאָגיע אַ װײטע און פּײנטליכע. פאַר אים איז „דער סאָציאַליזם קודם כל אַ איבערקערעניש אינם עקאָנאָמישען לעבען פון דער געזעלשאַפט און ערשט אַלס דירעקטע רעזולטאַטען פון אַט דער איבערקערעניש װעלען קומען גינסטיגע ענדערונגען אויך פּאָליטישע און קולטורעלע. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט װעט באַזײטיגט װערען יעדע אונטערדריקונג, װאָס קומט פון עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און קאָנקורענץ, אין דעם אויך די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג; אָבער גרײליך דערפאַר, װאָס עס װעט פאַרשװינדען די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג". לגבי אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, ערקלערט באָראָכאָװ, איז קלאָר, אַז די ענדליכע סיבה פון דער יודען-פראַגע איז נישט, װי די סײמיסטען מײנען, דאָס װאָס זײ פעלט אַ טעריטאָריע, נאָר די אָרדנונג, װאָס איז געבויט אויף קאָנקורענץ און עקספּלואַטאַציע, דאָס הײסט אויפן פּריװאַט-אײגענטום פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען. פּריװאַט אײגענטום איז די ענדליכע סיבה פון דער יודען-פראַגע, פונקט װי פון אַלע ברענענדיגע פראַגען פון הײנטיגער צײט. מיטן פאַלן פון פּריװאַט אײגענטום און פון די קאַפּיטאַליסטישע אײגענטום-פערהעלטענישען װאָלט געלעזט געװאָרען אויך די יודען-פראַגע. מיר טעריטאָריאַליסטען, בעהויפּטען אָבער, אַז זי װעט געלעזט װערען ביז צו אַ געװיסען גראַד נאָך פאַרן אָנהויב פון דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, נאָך אין דער קאַפּיטאַליסטישער װירטשאַפט, װען עס װעט געשאַפען װערען אַן אוי-

טאַנאָמע יודישע געזעלשאַפט, ווייל מיט איר שאַפונג פאַלט־אַוועק די נ אָ ע נ ס ט ע סיבה פון דער יודישער אונטערדריקונג — ד. ה. די עקסטעריטאָריאַליטעט פון יודישען פאָלק".

דעם הויפט־געוויכט פון זיין קריטיק, לעגט אָבער באָראָכאוו אויך ביי די „סיימיסטען" אויף זייער אויפפאַסונג פונם יודישען נאַציאָנאַלען פראָבלעם, און בפרט אויף זייער „סיימיזם", ד. ה. אויף יענעם בעזונדערען וועג צום טעריטאָריאַליזם וואָס די סיימיסטען האָבען „אַנדעקט". וואָס שייך דעם א ו י ס ג אַ נ ג ס־אינטערעס ווייזט באָראָכאָוו, אַז ביי די סיימיסטען איז ער דערזעלבער, וואָס ביי די ס. ס. אויך זייער גאַנצע אַרגומענטאַציע דרייט זיך אַרום די אַנאָמאַליעס פון יודישען לעבען, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין דער לאַגע פון די זיך פראָלעטאַריזירנדיגע מאַסען און ארום די ערשיינונגען פון עמיגראַציע. אמת, זיי זעגען אַוועק אביסל ווייטער און זיי רעדען שוין אויך וועגען די אַנאָמאַליעס אין ק ל אַ ס ע ן־לעבען פון יודישען אַרבייטער־קלאַס, זיי ווייזען אָן אויף „אייגענאַרטיגע קאָליזיעס, וואָס מאַכען שווערער און קאָמפּליצירטער דעם קלאַסען־קאַמף פון יודישען פראָלעטאַריאַט". אָבער גראָד דאס איז ביי די סיימיסטען זעהר אומקלאָר. אַזוי, אַ שטייגער, קומט אויס, אַז די דאָזיגע „קאָליזיעס" שטאַמען פון דעם אונטערשיד אין דער אַנטוויקלונגס־מדרגה פון יודישען און נישט יודישען פראָלעטאַריאַט. דער וואוקס פון אָט דעם סאָציאַלען אונטערשיד, מיינט באָראָכאָוו, איז טאַקי אַ פאַקט, אָבער ער איז נישט קיין מ אָ ט י ו ו פון קאַמף. אַלס מאָטיוו וואָלט ער געמיינט נישט מער און נישט וועניגער, ווי ק נ א ה. און ארויסברענגען דעם סאָציאַליזם, צו דעם טעריטאָריאַליזם פונ'ם געפיל פון קנאה בעווייזט נאָר ק ל י י ן־ב ו ר ז ש ו אַ ז ע נייגונגען פון געדאַנק און געפיל. מיט די קלאַסן־מאָטיווען פון קעמפענדיגען פראָלעטאַריאַט האָט עס נישט די מינדסטע שייכות. ס'פעלט ביי די סיימיסטען דער אַלגעמיינער פראָלעטאַרישער גרונד־פרינציפּ, וואָס זאָל בעשטימען זייער טעריטאָריאַליזם און זאָל בעלייכטען אַלע אַנאָמאַליעס פון יודישען אַרבייטער לעבען.

„דער פראָלעטאַריאט, זאָגען זיי, מוז אומאָפּהענגיג פון זיין ווילען ווערען נאַציאָנאַל, שעפענדיג זיינע כחות פון דער וואַקסענדער קאָמפּאַקטקייט, אַקטיוויטעט און מאַסען־פאַרמערונג". און ווייטער: „דער קלאַסען־קאַמף, נישט געקוקט אויף זיין אינטערנאַציאָנאַלען מהות, גיסט זיך דאָך אומפאַרמיידליך אויס אין בעשטימטע נאַציאָנאַבע פאָרמען. פ ר אָ ל ע ט א ר י אַ ט ב כ ל ל, אַ פראָלעטאַריאַט אָן וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע פאָרמען עקזיסטירט נאָר אין דער סאָציאָלאָגישער אַבסטראַקציע; ע מ פ י ר י ש אָבער עקזיס־



באראבאוו און דער יודישער ארבייטער
(צייכנונג פון יוסף טשייקאוו)

טירט אַ יודישער פּראָלעטאַריאַט, אַ רוסישער, אַ פּוילישער און אַזוי ווייטער". ס'איז טאַקי ריכטיג ביז גאָר, טענהט באָראָכאָוו, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז נאַציאָנאַל; דערמיט איז אָבער נאָך פאָרט נישט אויפגעקלערט דאָס וויכטיגסטע: אויף וואָס פאַר אַן אופן שטעלט זיך פאַרן פּראָלעטאַריאַט די נאַציאָנאַלע פראַגע. אמת טאַקי, אַז ס'עקזיסטירט אַ יודישער פּראָלעטאַריאַט; מיר ווילען אָבער וויסען, אין וועלכע פאָרמען עקזיסטירט בײַ אים די יודען-פראַגע? צי האָט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט נאַציאָנאַלע אינטערעסען און וועלכע זענען זיי? די סיימיסטען רעדען וועגען נאַציאָנאַלע אינטערעסען בכלל, וועלכע פאַראייניגען אַלע מיטגלידער פון דער נאַציע, הגם אין דער נאַציע גופא זענען פאַראַן טיפע קלאַסען-סתירות. דאָס איז אַ שטאַנדפּונקט פון כלל-ישראל, פאַרפּוצט מיט פּראָלעטאַרישער פראַזעאָלאָגיע. ס'איז פאַלש אנצונעמען צוערשט דעם כלל, אַז עס עקזיסטירען סאָלידאַרע נאַציאָנאַלע אינטערעסען בײַ אַלע קלאַסען פון פאָלק און דערפון מאַכען דעם אויספיר וועגען דער פאַראינטערעסירטקייט פון פּראָלעטאַריאַט. פאַרקערט, „פון דער פאַראינטערעסירטקייט פון פּראָלעטאַריאַט און אַנדערע קלאַסען מאַכט מען דעם אויספיר וועגען „סאָלידאַרע" נאַציאָנאַלע אינטערעסען. דאָס איז נאָך נישט אַלץ. דער עיקר איז, אַז די דאָזיגע נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט אַלס קלאַס זענען קודם כל זיינע קלאַסען אינטערעסען, און אַלס אַזוינע שיידען זיי זיך טיף אונטער פון סאַמע אנהויב ביזן סאַמע סוף פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסען בײַ אַנדערע קלאַסען פון דער נאַציע".

נאָך ערגער האַלט עס מיט די אַנדעקטע „אמת-פּראָלעטאַרישע וועגען צו דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם", מיט דער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע („סיים") אין גלות. די „סיימיסטען" פלעגען אָנווייזען, אַז „דורכן קלאַסען-קאַמף אין די גלות לענדער וועט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט בעקומען פאַרן יודישען פאָלק אַ סיים" און אין סיים וועט דער יודישער פּראָלעטאַריאַט פירען אַ קלאַסען-קאַמף אין דריי ריכטונגען: ערשטענס וועט ער דורכן קלאַסען-קאַמף צווינגען די יודישע בורזשואַזיע אנצונעמען די טעריטאָריאַליסטישע לעזונג פונם עמיגראַציאָנס פּראָבלעם, צווייטענס, אויסצוקלויבען די און נישט קיין אַנדערע טעריטאָריע און ,דריטענס, וועט ער קעמפען פאַרן מעטאָד פון קאָלאָניזאַציע, דאָס הייסט, אַז דער מעטאָד זאָל שטימען מיט די אינטערעסען פון די פאָלקס-מאַסען.

באָראָכאָוו ווייזט אָן די אַבסורדישקייט פון אַזאַ מין „קלאַסען-קאַמף". דער בעגריף קאַמף קאָן אָנגעווענדעט ווערען נאָר דאָרט,

וואו דער צווייטער קלאַס איז געגען אַ בעשטימטער זאַך צוליב זיינע קלאַסען־אינטערעסען. דער פּראָלעטאַריאַט קעמפּט פאַר זיינע פאָדערונגען, ווייל יעדע פון זיי איז אין תוך אַזאַ, וואָס די הערשענדע בורזשואַזיע קאָן זי נישט נאָכגעבען מיטן פרייען ווילען. קאָן מען דען זאָגען, אַז די פאָדערונג פון טעריטאָריאַליזם איז פון זעלבען מין? אַז זי איז אין תוך אַ פּראָלעטאַרישע און אַז די בורזשואַזיע וועט זי קיינמאָל נישט נאָכגעבען פרייווילליג? דאָס זעלבע איז שייך צום אויסקלייבען די און נישט קיין אַנדערע טעריטאָריע, וואָס איז נוגע דעם מעטאָד פון קאָלאָניזאַציע, האָבען מיר דאָ צו טון מיט צוויי זאַכען. ערשטענס מיט דער עקאָנאָמישער און טעכנישער אָרגאַניזירונג פון די קאָלאָניזאַציאָנס־אונטערנעמונגען און, צווייטענס, מיט די פּאָליטישע רעכט און נאָרמען, וואס די קאָלאָניזאַציע וועט מיט זיי אַרומגעשטעלט. קיינעם וועט נישט איינפאַלען, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט קאָן מען אַוועקנעמען ביי דער בורזשואַזיע די פאַרוואַלטונג פון וועלכען עס איז געביט פון טעכנישער און עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע פון ווירטשאַפטליכע אונטערנעמונגען. און וואס שייך די פּאָליטישע נאָרמען, וועלען זיי, אויף וויפיל די רעד איז וועגען טעריטאָריאַליזם, אָפּהענגען נישט פון דער יודישער בורזשואַזיע, נאָר פון יענער רעגירונגס־מאַכט, ביי וועלכער מען וועט אויספּועלען די טעריטאָריע.

און אויסער אַלעמען איז לעכערליך, זאגט באָראָכאָוו, צו דענקען, אַז אין יודישען סיים וועט דער קלאַסען־קאַמף זיין בכח זיך צו אַנטוויקלען אין דער גאַנצער ברייט און ברענגען בעדייטענדע רעזולטאַטען. דער קאַמף פונם אַרבייטער קלאַס בעקומט נאָר דאַן אַן אָנגעזעהענע געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע בעדייטונג, ווען ער איז געריכטעט געגען יענער פאָרם פון קאַפּיטאַליזם, וואס הערשט אין בעשטימטען לאַנד. אין די גלות לענדער געהערט די מאַכט צום גרויסען מאַשין קאַפּיטאַל. ביי די יודען איז ס׳רוב פאַרשפּרייט דער טיפּ פון מיטעלען און קליינעם קאַפּיטאַל; אבער איבער דעם יודישען לעבען הערשט דערזעלבער גרויס־קאַפּיטאַל, וואס האט אַרויפגעלעגט זיין לאַפּע אויף דער גאַנצער ווירטשאַפט פון די גלות לענדער. וועט דען אט דעם גרויס־קאַפּיטאַל טרעפען דער קאַמף, וואס דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט פירען אין סיים?!

איין מאָל פאַר אַלע מאָל מוז מען פאַרשטיין, אַז מיט פּאָליטישע איינריכטונגען קאָן מען נישט פאַרריכטען און אויסהיילען דאס, וואס איז קרענקליך אויפגעבויט אין די עצם עקאנאמישע

יסודות. די אַנאָמאַליעס פון דער יודישער פּראָלעטאַרישער סטראַ־טעגישער באַזע האבען זייער ווארצעל אין די בעדינגונגען פונם יודישען עקאנאמישען לעבען און כל־זמן די דאזיגע בעדינגונגען ווערען נישט געענדערט, וועלען קיין שום דעמאקראטישע און פּאַליטישע אינסטיטוציעס נישט ענדערען די לאַגע. דער יודישער פּראָלעטאַריער איז נישט בעשעפטיגט אין די פאַבריקען פון די יודישע גרויס־קאַפּיטאַליסטען און ביי אַ בעדייטענדען טייל פון דעם מיטעלען קאַפּיטאַל; ממילא איז ער נישט אים שטאַנד צו פירען מיט זיי קיין קלאַסען־קאַמף; זיין קלאַסען־קאַמף איז געווענ־דעט דירעקט געגען דער קליינער בורזשואַזיע און יענעם טייל פון דער מיטעלער, וועלכע האבען נישט קיין בעדייטענדען איינ־פלוס אויפן פּאַליטישען לעבען; די אומפאַלקאמענהייט פון דער סטראטעגישער באזע פון יודישען פּראָלעטאריאט מוז זיך אין פּו־לער מאס אפשפיגלען אויך אין סיים; די אומפייהיגקייט פון יודי־שען פּראָלעטאריאט צו ענדערען גרינדליך זיין רעאלע לאגע מיט דער הילף פון קלאסען־קאמף, מוז זיך ארויסווייזען אויך אין דעם, וואס ער איז אומפייהיג צו צווינגען די בורזשואזיע צו בעדייטענדע הנחות אויך אין נאציאנאלען סיים. נעמט מען דאס אלץ אין אכט, קומט מען צום אויספיר, אז דער סיים איז נישט קיין פּראָלעטא־רישער קלאסען־וועג צו דער פארווירקליכונג פון טעריטאריאליזם. אבער בעראכאוו טרעט ארויס אויך געגען דעם געדאנק, אז דער סיים איז ב כ ל ל א וועג צו דער רעאליזירונג פון טערי־טאריאליזם. מיר בעהויפּטען, זאגט בעראכאוו, אז דער סיים קאן נאר פ א ר ג ר י נ ג ע ר ע ן דאס דערגרייכען די טעריטאריאלע אויטא־נאָמיע, אבער נישט ער פ י ר ט צום טעריטאריאליזם. דער סיים איז א מעכטיגער מיטעל צו א ר ג א נ י ז י ר ע ן די יודישע מאסען; ער איז אבער לגמרי נ י ש ט ג ע נ י ג ע נ ד אויף צו פארווירקלי־כען דעם ציוניזם.

דער סיים, מיינען די סיימיסטען, וועט, ערשטענס, איבערציי־גען דאס גאנצע פאלק אין דער נויטווענדיגקייט פון טעריטאריאלער אויטאנאמיע; צווייטענס, וועט נאר דער סיים זיין ביכולת אנצו־זאמלען אלע יענע אינערליכע פינאנציעלע און ארגאניזאציאנס־כחות און אויסנוצען אלע אויסערליכע כחות, וואס זענען נויטיג פאר דער פארווירקליכונג פונם טעריטאריאליזם. אבער ווי אזוי וועט עס דער סיים א י ב ע ר צ ײ ג ע ן דאס גאנצע פאלק אין דער נויטיגקייט טעריטאריאל צו לעזען די יודען־פראגע? דערצו וואלט דאך נויטיג געווען א לאנגע אגיטאציע און פראפאגאנדע פון א פארטיי אויסער דעם סיים. האבען מיר אבער א קימא לן, אז כדי די אגיטאציע זאל האבען ערפאלג, טאָר זי זיך נישט בעשרענקען

נאר מיט ווערטער. נאר זי מוז זיך אויסדריקען אין רעאלער ארבייט אויף דער טעריטאריע. קיין פארטיי, קיין אידעע האט קיין רעכט נישט זיך צו ריכטען אויף א געזיכערטען ערפאלג, אויב זי פירט אָן נאָר א פראפאגאנדע פון ווארט און עס פעלט איר דער בעסטער און איינציג-ריכטיגער מיטעל — די פראפאגאנדע פון טאט. די ברייטע מאסען מוזען זעהן טעריטאריאליסטישע ארבייט און אַליין טון די ארבייט. ביי די סיימיסטען עקזיסטירט אָבער דער טעריטאריאליזם, פונקט ווי ביי די ס. ס., בלויז אין דער אידעאלאגיע אבער נישט אין לעבען. זייער כאראקטעריסטיק איז: דרייסטקייט פון ווארט און פחדנות פון טאט. כדי דער סיים זאל עמיצען איבערצייגען אין דער נויטיגקייט פון טעריטאריאלער אויטאנאמיע, און כדי ער זאל זיך אנהויבען בעשעפטיגען מיט דער ארבייט אויף דער טעריטאריע, מיט דער פארווירקליכונג פון טעריטאריאליזם, מוז נאך פאר דעם געטון ווערען עפיס ממשותדיקעס אויף דער טעריטאריע, מוזען געשאפען ווערען יענע קאנקרעטע רעאלע טעריטאריאליסטישע פאַקטען, דורך וועלכע דער סיים זאל קאנען אילוסטרירען די ריכטיגקייט פון זיינע טעריטאריאליסטישע לאזונגען. די פאדערונג פון נאציאנאל פאליטישער אויטאנאמיע אין גלות איז טאקי א וויכטיגער טייל פון דער נאציאנאלער בעפרייאונגס-בעוועגונג. אבער אויב דער אידעאל פון דער דאזיגער בעוועגונג איז טעריטאריאלע אויטאנאמיע, דארף די בעוועגונג פארמאגען אין זיך אויך טעריטאריאליסטישע עלעמענטען, און די גראד פעלן אינגאנצען ביי די סיימיסטען. ס'איז, אויב אזוי, אויך פאלש זייער ארויסרוקען דעם סיים געגען דעם ציוניסטישען קאנגרעס. אָן דער לכתחילהדיגער ארבייט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אויף דער טעריטאריע, קאָן זיך דער סיים אפילו נישט פארנעמען מיט דער טעריטאריאַלער לעזונג פון דער יודען-פראגע. און וואס איז נאך אנטשיידענדיגער: דער סיים איז נישט אזא אינסטיטוציע, וואס זאל קאנען פירען אינטערנאציאנאלע פאליטיק, בעת דער טעריטאריאליזם איז אן אויפגאבע פאר די יודען פון אלע לענדער. דאס הייסט אַז אָן דער פארמיטלונג פון דער אַלוועלטליכער ציוניסטישער פאראייניגונג, וואָס איר אָרגאן איז דער קאָנגרעס, וועלען קיינע נאַציאָנאלע סיימען נישט קאָנען זיך פאַרנעמען מיט דער טעריטאָריאַלער לעזונג פון דער יודען-פראַגע. אַן אַלוועלטליכער בונד פון סיימען וואָלט שוין דערפאַר אַליין געוועזן אוממעגליך, ווייל ער וואָלט געוועזן אין ווידערשפרוך מיט דעם פרינציפ פון דער אייניג-

קייט און אומצוטיילבאַרקייט פון די פעדעראַטיווע מלוכות. דאָס וואָלט געמיינט צו שאַפן אַן אַלוועלטליכע אָרגאַניזאַציע מיט סוּווערענע רעכט, וואָס וואָלט זיך געמישט אין די אינערליכע אָנגעלעגנהייטען פון אַלע יענע מלוכות, וואו עס וואוינען יודען.

דאָס איינציגע, וואָס מען קאָן דערגרייכען ביי דעמאָקראַטישע אינטערנאַציאָנאַלע בעציהונגען, וואָס עקזיסטירען אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע לעגאַליזירונג פונם ציוניזם, ד. ה. די גרויסמאַכטען זאָלען מסכים זיין אונטערצושטיצען גראָד די קאָלאָניזאַציאָנס-פּאָליטיק און בכלל די טעריטאָריאַליסטישע פּאָליטיק פון דער אַלוועלטליכער ציוניסטישער פאַראייניגונג דורך דער פאַרמיטלונג פון דער ציונ. אָרגאַניזאַציע וועלען אויך די בעזונדערע סיימען קאָנען שטאַרק משפיע זיין אויף דער קאָלאָניזאַציע; אָבער דאָס וועט מעגליך זיין ערשט נאָך דעם, ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע איינשטימיגקייט פון די גרויסמאַכטען וועט געבען די איינצעלנע סיימען דאָס רעכט אונטערצוהאַלטען די קאָלאָניזאַציאָנס-פּאָליטיק פון ציוניסטישען קאָנגרעס. דער קאָנגרעס, ווי אַ פרייע פאַראייניגונג, קאָן פירען זיין אַרבייט אויך אָן דער הסכמה פון די גרויסמאַכטען. אַ פאַראייניגונג אָבער פון די יודישע סיימען קאָן נישט אָנהויבען אַפילו פונקציאָנירען אָן דער פריערדיגער סאַנקציע פון אַלע יענע מלוכות, וואָס אין זייער בעשטאַנד קומען אַריין די איינצעלנע יודישע סיימען.

אויף אַזאַ אופן איז קלאָר: 1) די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין גלות איז נישט דער איינציגער, נישט דער גענוגענדער און נישט דער דורכאויס נויטיגער וועג צו דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע; 2) די איינציגע איינריכטונג, וואָס דינט דירעקט און אוממיטעלבאַר די טעריטאָריאַליסטישע צילען איז דער אַלוועלטליכער ציוניזם; 3) דער קאָנגרעס קאָן פירען אַן אַלוועלטליכע יודישע קאָלאָניזאַציאָנס-פּאָליטיק נאָך איידער ער ווערט אינטערנאַציאָנאַל לעגאַליזירט; 4) די בעזונדערע יודישע סיימען קאָנען בלויז אונטערהאַלטען די קאָלאָניזאַציאָנס-אַרבייט פון קאָנגרעס, און דאָס אויך ערשט נאָכדעם, ווי זיי וועלען בעקומען אַ אינטערנאַציאָנאַלע צושטימונג פון די גרויס-מאַכטען צו זייער טעריטאָריאַליסטישער טעטיגקייט.

דאָס איז גערעדט געוואָרען אויפן פאַל, אויב די נאַציאָנאַל פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין גלות זאָל פאַרווירקליכט ווערען איידער

עס וועט געשאַפֿן ווערן אַן אויטאָנאָמע יידישע געזעלשאַפֿט אויף אַ טעריטאָריע. דאַן, נאַטירלעך, גיט צו באָראָכאָוו, אַז די סיימען, וועלכע קאָנען אָן דעם קאָנגרעס גאָרנישט נישט אויפֿטון אין דעם פּרט, וועלן אָבער יאָ זיין בכּח אים צוגעבן אַזעלכע זאַכן, וועלכע ער אַליין וועט קיינמאָל נישט בעוויזן צו שאַפֿן: אַן איינפֿלוסרייכן פֿינאַנציעלן אַפּאַראַט, אַ זיכערע קרעדיט-באַזע, אַ מעכטיקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פֿון די יידישע מאַסן אין גלות. אָפּגערעדט דערפֿון, אַז אָן שייכות צום טעריטאָריאַליזם וועט דער סיים האָבן אַ אומגעהויערע בעדייטונג דערמיט, וואָס ער וועט דערציען פּאָליטיש די יידישע מאַסן און זיי וועלן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין שמידן זייער אייגענעם גורל.

די סיימיסטן, וועלכע האָבן אַלע זייערע טעריטאָריאַליסטישע האָפֿנונגען אַריפֿגעוואַלגערט אויפֿן קומענדיקן סיים, האָבן אין זייער אָפּאָרטוניזם, פּראַקטיש זיך געמוזט אָפּזאָגן צוליבן סיים פֿון יעדער טעריטאָריאַליסטישער טאַט, אפֿילו פֿון יעדן טעריטאָריאַליסטישן פּראָגנאָז. אַלץ דאַרף טון דער סיים. זיי אַליין זענען צו יענע פֿראַגן „נייטראַל", פּונקט ווי דער בונד איז „נייטראַל" צום פּראָגנאָז פֿון דער יידישערווירקלעכקייט און צוקונפֿט. סוף כּל סוף האָבן זיי זיך דעררעדט, אַז היינט צו טאָג איז דער פּראָגנאָז פֿון די טעריטאָריאַליסטישע וועגן און מיטלען אַ פּריוואַט-זאַך פֿון יעדן איינצעלנעם. און דאָס איז דער עקסטרעמסטער און אויסגעהאַלטענסטער אָפּאָרטוניזם, אויף וויפֿל אָפּאָרטוניזם קאָן זיין אויסגעהאַלטן און עקסטרעם.

די פֿאַרדינסטן פֿון די סיימיסטן זעט באָראָכאָוו אין זייער אויסגעהאַלטענעם און דרייסטן נאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָניזם; אָפּאָרטוניסטן אין שייכות צום קלאַסן-קאַמף און טעריטאָריאַליזם, צו דער סאָציאַלער פֿראַגע און צו דער יידישער צוקונפֿט, האָבן זיי אָבער בנוגע דעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם אין גלות געזאָגט אַ מונטערנדיקס וואָרט, אויב אפֿילו נישט קיין אייגנס און נישט קיין נייעס, און אים פֿאַרשפּרייט צווישן די מאַסן; דאָס דאָזיקע וואָרט איז נאַציאָנאַל פּאָליטישע אויטאָנאָמיע. זיי האָבן מגזם געווען דעם ווערט פֿון דער פֿאָדערונג, אומגעלונגען זי אַרומגעשטעלט. ס'זענען געווען איינצעלנע פּועלי-ציון טעאָרעטיקער, וואָס האָבן איינציקווייז אויפֿגענומען די דאָזיקע פֿאָדערונג אין זייער פּראָגראַם; אָבער נאָר די סיימיסטן, אנערקענט באָראָכאָוו אָפֿנהערציק און ערלעך, האָבן די דאָזיקע פֿאָדערונג אַרויסגערוקט אויפֿן סדר-היום. פּונקט אַזוי איז אויך זייער פֿאַרדינסט דאָס, וואָס זיי האָבן אומברחמנותדיק אַ תּל-געמאַכט פֿון די ס. ס.-ישע און בורזשואַזי-ציוניסטישע וועגן צו רעאַליזירן

די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, הגם זיי איז לגמרי נישט געלונגען אָנצוווייזען אויף אַנדערע, פּראָלעטאַרישע, ווירקליכע וועגען. מיט זייער קאַמף געגען דעם אויטאָפּיזם פון די ציוניסטען און דעם פּע-סימיזם פון די ס. ס. בנוגע די פּאָטענצען, וואָס יודישע לע-בען פאַרמאָגט שוין איצט, האָבען די סיימיסטען, לויט באָראָכאָווס בעשטעטיגונג, נישט ווינציג מיטגעהאָלפען אַריינצוטראָגען קלאָר-קייט אין דער פּועלי-ציוניסטישער וועלט-אָנשויאונג און זי אָפּריי-ניגען פון אַלע מינים צומישעניש.

די סיימיסטען פאַרטרעטען אַ אינטעליגענטישע אידעאָלאָגיע, וועלכע איז אין דער יודישער אַרבייטער-בעוועגונג אריינגעבראַכט געוואָרען פון דרויסען. דעריבער טאַקי בלייבט אומפּרוכטבאַר אויך זייער ריכטיגע קריטיק, ווייל זיי זענען נישט בכח צוליב זייער סאָציאַלען מהות און סאָציאָלאָגישער ליניע אויפצודעקען די אַנטי-פּראָלעטאַרישקייט פון די אויסגאַנגס-מאָטיוען ביי די ס. ס. און קאָנען אין זייער קריטיק נישט גיין ווייטער ווי ביז צו די ס. ס.-שע וועגען און מיטלען. זיי אַליין פאַרמאָגען נישט, ווי געזאָגט, קיין פּראָלעטאַרישען קלאַסען-פּרינציפּ — פּארטייטשען זיי און דערקלערען דעם ס. ס.-ישען אויטאָפּיזם דערמיט, וואָס דער פּראָלעטארישער ציוניזם איז אַ דירעקטער „יורש" פונם בורזשואַזען ציוניזם און זיי זוכען די גענעאַלאָגיע פון דער ציוניסטיש-סאָציאַ-ליסטישער וועלט-בענעמונג אין דער וועלט-בענעמונג פון די ביר-גערליכע ציוניסטען.

„דאָס איז פאַלש, ערקלערט קאַטעגאָריש באָראָכאָוו. דער פּראָלעטאַרישער ציוניזם איז דער יורש פון די פריערדיגע אַנט-וויקלונגס-שטופען פון פּראָלעטאַרישען און נישט בורזשואַזען גע-דאַנק; די גענעאַלאָגיע פון פּראָלעטאַרישע פּראָגראַמען האָט קיין שום שייכות נישט מיט דער גענעאַלאָגיע פון בורזשואַזע פּראָג-ראַמען. דער ציוניזם איז נישט איין בעוועגונג, נאָר צוויי בע-וועגונגען; די אַנטוויקלונג פונם בורזשואַזען ציוניזם גייט פון דער השכלה, דורך חיבת ציון און אחד-העמיזם צום פּאָליטישען ציוניזם; די אַנטוויקלונג פונם פּראָלעטאַרישען ציוניזם, אַ דורכאויס זעלב-שטענדיגע, גייט פונם פּרימיטיוועם קאָסמאָפּאָליטיזם, דורכן בונדי-שען אויטאָנאָמיזם און טעריטאָריאַליזם פון די ציוניסטען סאָצ. צו דעם רעאַליסטישען, קאָנקרעטען טעריטאָריאַליזם פון פּועלי-ציון".

## XVII

אַזוי האָט באָראָכאָוו דורכגעריי‌ניגט דעם וועג פאַר זיין פּראָגראַם פון דער יודישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אויסגעזוכט אין דער אַנטוויקלונג פונם יודישען פּראָלעטאַרישען געדאַנק אַלע ריינ-

געלעך, וועלכע ער האָט שפעטער צונויפגעפלאָכטען אין איין גאַנצקייט. ביי יעדער פאַרטיי האָט ער געפונען נישט דוקא חסרונות; אדרבא, ער ווייס אָפצושאַצען די געזונטע, פרוקטבאַרע עלעמענטען אויך אין די פראָגראַמען פון בונד, ס. ס. און סיימיסטען. ער שעמט זיך כלל נישט מודה צו זיין אין דעם, וואָס די געגנער האָבען געשאַפען פונדאַמענטאַלעס סיי אין פרט פון אָרגאַניזאַציע און קאַמף, סיי אין הינזיכט פון טיפערען אַנאַליז און אידעען בערייכערונג. ער נעמט דאָס אַלץ אויף גערן ווי נויטיגע ציגעל צו זיין בנין, און דער פועל-ציוניזם קומט ביי אים אַרויס, ווי די אַם מייסטען קאָאָרדינירטע און אַם מייסטען רעוואָלוציאָנערע פראָלעטאַרישע רעאַגירונג אויפן נאַציאָנאַלען קאָנפליקט.

„דער אויסגאַנגס-אינטערעס פון די פועלי-ציון שליסט נישט אויס די בונדיסטישע און ס. ס.-ישע אויסגאַנגס-אינטערעסען, נאָר פאַרקערט, אַנטהאַלט אין זיך און פאַראייניגט זיי אין אַ העכערען פראָלעטאַרישען סינטעז. מיר פאַרטיידיגען אונזערע אינטערעסען, די אינטערעסען פון יודישע פראָלעטאַריער; הייסט עס, מיר פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון יודישע ארבייטער; מיר פאַרטיידיגען אויך אונזערע גייסטיג-קולטורעלע בעדערפענישען און אונזערע נאָענסטע עקאָנאָמישע נויטען דאָ, וואו מיר געפינען זיך איצט און בעת דער איבערוואַנדערונג אין אַנדערע לענדער; מיר קעמפען אי פאַר די פאָליטישע, אי פאַר די נאַציאָנאַלע, אי פאַר די פשוט מענשליכע רעכט פון יודישען אַרבייטער, און דעריבער שטעלען מיר אַרויס אויך נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אינאיינעם מיט אַלגעמיינע פאָדערונגען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פראָגראַם-מינימום". אָבער אויך דאָ דאַרף מען מאַכען אַ חילוק צווישען די נאָהענטערע און ווייטערע פונקטען פונם פראָגראַם-מינימום.

„מיר וואָלטען, זאָגט באָראָכאָוו, געהאַלטען די יודען-פראַגע אינגאַנצען פאַרענטפערט און די אייגענאַרטיגע אַנאָמאַליעס פון יודישען פראָלעטאַריאַט פולשטענדיג בעזייטיגט — אויף וויפיל דאָס איז בכלל מעגליך אין די גרעניצען פון בורזשואַזער ווירטשאַפט — ווען עס וואָלט דערגרייכט געוואָרען אַ טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע פאַרן גאַנצען יודישען פאָלק, ווען ער אינגאַנצען וואָלט זיך קאָנצענטרירט אויף אַ בעזונדער טעריטאָריע און דאָרט געשאַפען אַ זעלבשטענדיגען געמיינוועזען, אַ בשלמות'דיגען נאַציאָנאַל-ווירטשאַפטליכען אָרגאַניזם. דאַן וואָלטען ראַדיקאַל אויסגעהיילט געוואָרען אַלע קרענקליכע אָפנייגונגען פון דער סטראַטעגישער באַזע פון יודישען פראָלעטאַריאַט. דעריבער איז איינע פון די ענדליכע פאָדערונגען פונם נאַציאָנאַלען טייל פון אונ-

זער פּראָגראַם מינימום — די טעריטאָריאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פאַרן גאַנצן יודישן פאָלק.

דאָ מוז מען אָבער נעמען אין אַכט צוויי זאַכען. ערשטענס, אַז די רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם איז אַ לאַנג דויערנדער פּראָצעס און אין משך פון אָט דער צייט מוזען מיר קעמפען פאַר אונזערע פאָדערונגען און נויטען אין גלות. צווייטענס, וויבאַלד דער טעריטאָריאַליזם ווערט אַרויסגערוקט אַלס פּונקט אין פּראָגראַם־מינימום, זאָגען מיר דערמיט גופא, אַז זיין פאַרווירקליכונג דאַרף פאָרקומען נאָך אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, און דאָס הייסט, אַז ער קאָן בשום אופן נישט מקוים ווערען פול, אין זיין גאַנצען אומפאַנג. נמצא, אַז אין גלות וועט שטענדיג בלייבען אַ בעדייטענדער טייל פון יודישען פאָלק, ממילא אויך פון יודישען פּראָלעטאַריאַט און זיי וועלען מיט זיך פאָרשטעלען אַ געוויינליכע נאַציאָנאַלע מינדערהייט. מוז, דעריבער, אין זעלבען פּראָגראַם־מינימום פיגורירען נאָך אַ פּונקט, וואָס זאָל אויסען זיין צו גאַראַנטירען דעם יודישען פאָלק און דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט די מאַקסימאַלע, מעגליכע אין גלות, פאַרטיידיגונג פון זייערע בעדערפענישען. דער דאָזיגער פּונקט איז די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פאַר די יודען אין די גלות־לענדער.

די נאַציאָנאַל פּאָליטישע אויטאָנאָמיע איז נישט קיין רעוואָלוציאָנערע, דאָס הייסט, נישט קיין ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישע לייזונג פון דער יודען־פראַגע און דעריבער קאָן זי נאַטירליך נישט אויסהיילען אַלע פעלערען פון דער יודישער סטראַטעגישער באַזע; פונדעסטוועגען גיט זי יאָ צו יענע אוממיטעלבאַר־פּאָליטישע פאָרמען, וועלכע פעלען דעם קלאַסען־קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט און זי שטעלט אים אַוועק אויף דער פּאָליטישער אָרענע פנים אל פנים מיט דער יודישער בורזשואַזיע. אמת טאַקי, די נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע איז נישט בכח דורכצופירען די טיפע איבערקערעניש אין די בעדינגונגען פונם קלאַסען־קאַמף און פאַרמאָגט נישט צו געבען דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט אַ כלי־זיין צום קאַמף געגען דער הערשענדער פאָרם פון קאַפּיטאַל; מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסען, אַז נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע — דאָס איז דער מאַקסימום פון די רעכט, וואָס די יודען קאָנען צו זיי צוקומען אין גלות. די פעלערען פון דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע שטעקען נישט אין איר גופא, נאָר אין די גלות'דיגע לעבענס־בעדינגונגען.

אין דער בעציאונג פון די סיימיסטען צום סיים שטעקט אַ סאַך אוטאָפּיזם, ווייל זיי לייגען אויף אים אַרויף אַלע זייערע

האָפּנונגען און ער דאַרף זיי אויסלייזען ממש פון אַלע צרות. צוליב זייער אויטאָפּיזם גיבען זיי זיך אויך לחלוטין נישט אָפּ מיט דער האַרבער פראַגע וועגען יענע פאָרבעדינגונגען און פאָראויסזעצונגען, וועלכע זענען נויטיג צוליב דער רעאַליזירונג און גאַראַנטירונג פון דער נאַצ. פּאָליטישער אויטאָנאָמיע.

„געוויס איז מעגליך, שרייבט באָראָכאָוו, אַז צוליב גינסטיגע צופעליגע קאָמבינאַציעס אין דעם כאַאָטישען מאָמענט, ווען אין רוסלאַנד וועט ענדגילטיג פאַלען די זעלבסטהערשאַפט און מען וועט האַלטען אין צונויפרופען די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, זאָל געלונגען צו בעקומען נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פאַרן יודישען פאָלק און פאַר איינינגע אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען. אָבער די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע, וואָס מען וועט בעקומען אין אַזאַ רעוואָלוציאָנערען מאָמענט, וועט קיין אַריכת ימים נישט האָבען, הגם זי וועט אויף אַ געוויסע צייט פאַרדרייען די קעפּ די יודישע מאַסען און זיי אַריינוואַרפען אין די שוואַכע אָרעמס פון די סיימיסטען"

ווי בנוגע אַ סאַך אַנדערע פּונקטען, האָט זיך באָראָכאָווס גאונישער פּראָגנאָז אויך אין דעם פּונקט בעשטעטיגט אין 11 יאָר שפּעטער אין אוקראַינע. באָראָכאָוו האָט נישט געוואָלט בויען אויף אַזאַ מאָמענטאַליזם, און דעריבער ווערט ער נישט מיד איבערצוחזורען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, אַז די זיכערע און פעסטע נאַצ. פּאָליט. אויטאָנאָמיע וועלען מיר בעקומען ערשט דאַן, ווען עס וועלען רייף ווערען די נויטיגע פאָרבעדינגונגען: עס דאַרפען רייף ווערען די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטען צווישען די פאַרשידענע פעלקער, וואָס גייען אַריין אין בעשטאַנד פון דער נאַציאָנאַליטעטען-מלוכה, פּונקט אַזוי פאָדערט זיך דערצו די הויכע דעמאָקראַטיזאַציע פון דער געזעלשאַפט. דאַן וועט עס ווערען אַ דרינגענדע בעדערפעניש און נויטווענדיגקייט פאַר די ברייטע מאַסען פון אַלע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטען.

אויך דאָ מוז מען די זאַך אויפפאַסען רעאַל. „פולשטענדיג אויסנוצען זייער נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע קאָנען נאָר יענע פעלקער, וועלכע זענען ערגיץ וואו אויף אַ טעריטאָריע אַליין אַ מערהייט. ווייל דאַן האָבען זיי תמיד די מעגליכקייט אויף אונטערדריקונג ענטפערען מיט אונטערדריקונג. די אויסערליכע גאַראַנטיע פאַר דער נאַצ. פּאָליט. אויטאָנאָמיע, ווי בכלל פאַל אַלע פּאָליטישע אינסטיטוציעס און נאָרמען איז אין די רעאַלע געגענזייטיגע בעציאונגען פון די געזעלשאַפטליכע כחות. קראַפט איז פּאָטענציעלע געוואַלט:

דעריבער איז די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, ווי די בעקוועמסטע אויסדרוקס-פאָרם פון געגענזייטיגער פאַרגוואַלטיגונג, אין דער-זעלבער צייט אויך די וויכטיגסטע גאַראַנטיע פאַר דער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער אויטאָנאָמיע.

און דאָ ברענגט באָראָכאָוו אַזאַ כאַראַקטעריסטישען ביישפּיל: „די פּאָליאַקען, למשל, זענען אַ מערהייט אין קרוין-פּוילען און ווען מען זאָל אין קרוין-פּוילען בעקומען פּראָווינץ-אויטאָנאָמיע, וועט שוין די פּאָליטישע בורזשואַזיע זיך בעמיען צו פאַרוואַנדלען די דאָזיגע געגענט-אויטאָנאָמיע אין אַ קוואַל פון אונטערדריקונג פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען, וואָס וואוינען אין פּוילען (יודישע, ליטווישע, דייטשע און אוקראַינישע). וואָלטען אַלע פּאָליאַקען גע-וואוינט אין קרוין-פּוילען, וואָלטען זיי בכלל נישט בעדאַרפט די נאַצ. פּאָליט. אויטאָנאָמיע, און אַזאַ אינסטיטוציע וואָלט נאָך פאַר זיי געווען שעדליך. דעריבער וועלען די פּאָליאַקען, ווי אַלע פעל-קער, וועלכע הערשען אין אַ וועלכע עס איז געגענט, אַ לאַנגע צייט זיך אַנטגעגענשטעלען דער איינפירונג פון אַזאַ אינסטיטוציע. אָבער ווי אַ געגענגעוויכט דערצו וועלען די פּאָליטישע מינדערהיי-טען אין אַנדערע אויטאָנאָמע געגענטען — אין אוקראַינע, ווייס-רוסלאַנד און ליטע — ליידען אונטערדריקונגען מצד די דאָרטיגע מערהייטען. אָט די דאָזיגע געגענזייטיגע אונטערדריקונג, די שטענ-דיקע מעגליכקייט צו פאַרגוואַלטיגען זיך געגענ-זייטיג וועט טאַקי שטויסען די אַנטוויקלונג און פאַרשאַרפונג פון די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטען צו דער רעאַליזירונג פון דער נאַצ. פּאָליטישער אויטאָנאָמיע. פון דעם איז קלאָר, אַז די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע קומט נישט במקום דער טעריטאָריאַלער אַרבייט, זי קומט ממלא צו זיין, דערגאַנצען די טעריטאָריאַלע און איז אַ נויטיגע הוספה צו דער לעצטער.

אויב די יודען זאָלען בעקומען די נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע איידער זיי וועלען ערגיץ וואו האָבען אַ טעריטאָ-ריאַלע אויטאָנאָמיע, וועלען זיי זי נישט קאָנען אויסנוצען אין דער מאָס, ווי די אַנדערע מינדערהייטען. אין אַזאַ פאַל וועט דער סיים בלייבען נישט מער ווי אַ פּאָליטישע אינסטיטוציע מיט בעשרענקטע מעגליכקייטען. ער וועט נישט געבען די יודען דאָס, וואָס ער איז לויט זיין עצם יאָ בכּח צו געבען. דער סיים קאָן בדרך כּלל בע-זייטיגען די אַנטאַגאָניזמען צווישען די נאַציעס, אפשוואַכען די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, פאַרלייכטערען דעם פרידליכען אויסגלייך צווישען פיינטליכע אינטערעסען. ביי די יודען וואָלט ער געגאָלטען נאָר אויף צו רעגולירען דאָס איינערליכע פאָלקס-לע-בען און וואָלט געווען לגמרי אָנמעכטיג צו פאַרגלעטען די אויסער-

ליכע אַנטאַגאָניזמען, ווייל אַלע אַנדערע מינדערהייטס פעלקער זענען נאָר פאַרהעלטניסמעסיג עקסטעריטאָריאַל; די יודען אָבער זענען אַבסאָלוט עקסטעריטאָריאַל. דעריבער מוז מען איינגיין אויף דעם, אַז ביז די יודען וועלען נישט בעזיצען קיין טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, וועט די נאַצ. פּאָליטישע אויטאָנאָמיע בערך ווינציג געבען פאַר דער לייזונג פון דער יודען-פראַגע.

באָראָכאָוו טרייסעלט זיך אָפּ פונם ראָמאַנטיזם, מיט וועלכען די סיימיסטען בעציִען זיך צום סיים; אָבער פּונקט אַזוי איז ער ווייט פון דעם ס. ס.-שען פּעסימיזם צו דער דאָזיגער אינסטיטוציע. ער בעציט זיך צו איר רעאַליסטיש, זי פאַרבייט טאַקי נישט די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, זי איז בלויז אַ פּאַליאַטיוו; אָבער אַ פּאַליאַטיוו אַ מאַקסימאַלער, זי וועט מאַכען אַ סוף צו דער שתדלנות-פּאָליטיק, שאַפען אַ נאָרמאַלע, בעפולמעכטיגטע רעפּרעזענטאַנץ פון יודישען פאָלק, דערציִען פּאָליטיש די מאַסען, צוגעוואוינען זיי שוין אין גלות, אויב אַפילו אין אַ געקירצטער פאָרם, מאַכען אייגענע געשיכטע און שאַפען יענע אַרענע פאַרן אינערליכען פּאָליטישען קאַמף, וועגען וועלכע מיר האָבען שוין פריער גערעדט.

ס'איז ווינציג, זאָגט באָראָכאָוו, אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס עס וועט זיין דאָרט, אויף דער טעריטאָריע; ס'איז אָבער אַ סאַך, אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מיר פאַרמאָגען איצט אין רעכטלאָזען גלות.

דער וועג צו דער רעאַליזירונג פון סיים איז שוין אנגעצייכענט אין מאָמענט, ווען ס'איז אָנגעוויזען געוואָרען ביי וועלכע פאָרבעדינגונגען און פאָראויסזעצונגען אַזאַ נאַציאָנאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע קאָן דערוואָרבען ווערען. פּונקט ווי די רעאַליזירונג פון סאָציאַליזם, אונזער פּראָגראַם-מאַקסימום, קומט פאָר אויפן באָדען פון סטיכישען פּראָצעס פון קאָנצענטרירען די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און ווערט דורכגעפירט דורכן קלאַסען-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט אין פאַראייניגונג מיט דער ברייטער פּעריפעריע פון אונטערדריקטע האָראָפּאַשנע מאַסען, וואָס שטייען צו אים צו; פּונקט אַזוי ווי דאָס פאַלען פון דער זעלבסטהערשאַפט קומט פאָר אויפן באָדען פון סטיכישען פּראָצעס פון קאַפּיטאַליזירען די רוסלענדישע ווירטשאַפט און ווערט פאַרווירקליכט דורכ'ן קלאַסען-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט אין פאַראייניגונג מיט זיין פּעריפעריע; גראָד אַזוי קומט פאָר די רעאַליזירונג פון דער נאַציאָנאַל פּאָליטישער אויטאָנאָמיע אויפ'ן באָדען פונ'ם סטיכישען פּראָצעס פון נאַציאָנאַליזירען די געזעלשאַפט און ווערט דורכגעפירט דורכ'ן

קלאַסען-קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט אין פאַרבינדונג מיט אַלע פאַראינטערעסירטע קלאַסען פון דער נאַציע.

און גראַד אַזוי ווערט דערגרייכט אויך די וויכטיגסטע פאָדערונג פונ'ם פּראָגראַם-מינימום — די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע — דורכ'ן קלאַסען-קאַמף פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט אויפ'ן באָדען פון סטיכישען פּראָצעס פון קאָנצענטרירטער וואַנדערונג. אויסוואַנדערענדיג, שטעלט באָראָכאָוו פעסט, גייט דאָס יודישע פאָלק נישט אונטער, ווי עס קלאָגען די ס. ס., עס גייט אויך נישט אויף, ווי עס יובלען די סיימיסטען; ער ווערט איבערגעבאָרען, ער ווערט אַן אַנדערער.

---

## XVIII

וואוהין זשע גייט דער סטיכישער פּראָצעס פון דער קאָנצענטרירטער יודישער וואַנדערונג? פאַר באָראָכאָוון איז עס די עיקר-פראַגע; נאָר דאַן, ווען מיר וועלען מיט איר פאַרטיג ווערען, וועלען מיר קאָנען קלאָר מאַכען אויך אַ צווייטע קאַרדינאַלע פראַגע, נעמליך, די ראָל פון אונזער בעוואוסטזיניגער טעטיגקייט אין דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם. מיר האָבען געזעהן, אַז עס קאָן לחלוטין נישט זיין קיין רעד וועגען וואָסער עס איז טעריטאָריאַליסטישער אַרבייט, כל-זמן מיר האָבען אין אונזער פּראָגנאָז נישט פעסטגעשטעלט דעם קאָנקרעטען, געאָגראַפישען פונקט, די טעריטאָריע, וואו די יודישע וואַנדערונג וועט זיך קאָנצענטרירען, דערצו זענען נישט נויטיג קיין עקספּעדיציעס; אין דעם פּרט קאָן מען זיך איינגאַנצען פאַרלאָזען אויפן אַנאַליז פון יענע אַלגעמיינע כללים, וואָס בעשטימען די ריכטונג פון איבערוואַנדערונגען בכלל אין דער קאַפּיטאַליסטישער צייט. אויפן סמך פון אַזאַ אַנאַליז וועט שוין זיין גאַנץ לייכט אויסצוגעפינען די ריכטונג פון דער יודישער וואַנדערונג.

דער וויכטיגסטער כלל איז, לגבי באָראָכאָוון, דאָס, וואָס אין דער קאַפּיטאַליסטישער תקופה איז די ריכטונג פון דער איבערוואַנדערנדער אַרבייט אָפּהענגיג פון דער ריכטונג, וואוהין עס גייט דער איבערוואַנדערענדער קאַפּיטאַל. דאָס איז בפרט גילטיג בנוגע קאַפּיטאַל און אַרבייט אין דער קליינער און געוויסער מאָס מיטעלער פּראָדוקציע. דאָרטען טרעפען מיר דעם אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַרבייט און איר אויספירער גאַנץ נאָענט איינער צום צווייטען. די טעכנישע פאַרבינדונג — די שפּראַך — איז ביי זיי דיזעלבע און מהאי טעמא איז פאַראַן אַ גרויסע ענליכקייט אין זייער אַרט דענקען, וועלט-

בענעמונג און ד. גל. אין דער דאָזיגער פּראָדוקציע עקזיסטירט בכלל אַ קנאַפּער מהלך צווישן די אָרגאַניזירענדע און אויספירענדע פונקציעס. מען אַרבייט דאָך צוזאַמען און מען איז זיך וועגן אַלץ צוזאַמען מישב. אויך דאָ האָבן מיר צו טון מיטן קלאַסן־אונטערשיד און קאָנפליקטן; ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז אין דערזעלבער צייט זענען פאַראַן אַ סך בערירונגס־פונקטן אין דער אידעאָלאָגיע פון ביידע עלעמענטן אויף וויפיל דאָס איז נויטיג, כּדי איינער דעם אַנדערן זאָל פאַרשטיין ביי דער טעכנישער אָרגאַניזירונג פון דער אַרבייט. פון דעם דרינגט באָראָכאָוו, אַז צווישן קאַפּיטאַל און אַרבייט אין דער קליינער און טיילווייז מיטלער פּראָדוקציע איז פאַראַן אַ פעסטע נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג.

דאָסנעמליכע טרעפן מיר אויך ביים סוחר און קונה, וואו די טעכנישע פאַרבינדונג צווישן ביידע איז ווידער אַמאָל די שפּראַך. פונקט ווי דער גרויסער פאַבריקאַנט, איז אויך דער גרויסער הורט־סוחר אָפּגעטיילט פון דעם קאָנסומענט דורך אַ גאַנצער מחנה פאַרמיטלער און אָנגעשטעלטע. די גרויס־פּראָדוקציע, ווי דער גרויס־האַנדל זענען טאַקי דערפאַר, לויט זייער גאַנצן כאַראַקטער, אינטערנאַציאָנאַל. די שפּראַך, ווי אַנדערע נאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען גילטן באַ זיי גאָרנישט. די קליינע פּראָדוקציע און דער קליינער מסחר צוזאַמען מיט יענעם טייל פון קאַפּיטאַל, וואָס שטייט נאָך נאָענט צו זיי, זענען אויסגעשפּראָכן נאַציאָנאַל סיי אין דעם זין, וואָס זיי האָבן צו טון נאָר מיטן נאַציאָנאַלן מאַרק, סיי אין דעם זין, וואָס זיי עקספּלאָאַטירן בלויז די אַרבייטער פון דער זעלבער נאַציאָנאַליטעט.

ביי יודען קומט נאָך צו דאָס, וואָס די פּלאָג פון אויסערליכער איזאָלאַציע און באָיקאָט טרעפט נישט דעם גרויסן קאַפּיטאַל, וועלכער פאַרשטעקט זיך הינטער צענדליגער שפּאַנישע ווענטלעך, נאָר לאָזט זיך אויס אינגאַנצן צו דער קליינער פּראָדוקציע. דאָס האַלט נאָך מער אויף דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער יודישער ווירטשאַפט, מאַכט שווער ביז גאָר פאַר די יודישע אַרבייטער אויסצולערנען זיך אַנדערע שפּראַכן און ס'ווערן אויף אַזאַ אופן אויפגעהיט די טעכנישע פאַרבינדונג פון שפּראַך און אייניגע אַנדערע אַלגעמיינע עלעמענטן פון דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע ביי די יודישע אונטערנעמער, קאָנסומענטן און אַרבייטער.

„דער דאָזיגער גרונד־פּרינציפּ פון דער פּראָדוקציאָנס־סטאַטיק קומט אַרויס נאָך בולטער אין די פאַקטן פון איבערוואַנדערונג פון קאַפּיטאַל און אַרבייט. דער קליינער קאַפּיטאַל

און די אַרבייטער, וואָס זוכן בעשעפטיגונג אין דער קליין-פּראָדוקציע וואַנדערן צוזאַמען און היטן-אויף אויך אין דער עמיגראַציע זייער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער".

איצט איז די פראַגע וואוהין גייט זייער עמיגראַציע, דורך וואָס ווערט בעשטימט איר ריכטונג? נאָך אין זיין פריערדיגער אַרבייט „וועגן ציון און טעריטאָריע" האָט באָראָכאָוו ברייט אַרומגערעדט דעם דאָזיגן ענין. איצט פירט ער נאָר אַריין עטליכע נייע עלעמענטן, וועלכע דערגענצן די פריערדיגע כללים. אַזוי שטרייכט ער אונטער, אַז די עמיגראַציע וועט קיינמאָל זיך נישט ווענדן אין אַזעלכע לענדער, וואו צו דער דינסט פון קאַפּיטאַל שטייען גרייט די רעזערוו-אַרמייען פונם אָרטיגן פּויערטום, וואָס האַלט זיך אין פּראָלעטאַריזירן. דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליען וועלן קיינמאָל נישט ווערן קיין איינוואַנדערונגס לענדער. אויך רוסלאַנד, מיינט באָראָכאָוו, וועט נישט ווערן קיין אויפנעם-פונקט פאַר אַ גרעסערן עמיגראַציאָנס-שטראָם. אין בעטראַכט קאָנען קומען נאָר נייע לענדער, אומענטוויקעלטע, וועלכע פאַרמאָגן נאָך אַ יונגע ווירטשאַפט.

באָראָכאָוו לייגט אויך אַכט אויף דעם קולטור-פּאָליטישן מצב און נישט נאָר אויף דער מדרגה פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון די אויסוואַנדערונגס און איינוואַנדערונגס-לענדער. ס'איז אַ כלל, אַז די מאַסן-וואַנדערונג גייט אין דער ריכטונג, וואו זי טרעפט אַ קלענערן ווידערשטאַנד, וואו זי בעגעגנט ווינציגער מניעות. טאָר מען אָבער, וויבאַלד אַזוי, נישט פאַרגעסן, אַז געוויסע קולטור-פּאָליטישע געוואוינהייטן זענען געוואָרן דער קנין פון כל-ערליי עמיגראַנטן פון די דעמאָקראַטישע לענדער פון אייראָפּע, אומאָפּהענגיג צו וועלכן סאָציאַלן שיכט די דאָזיגע מאסן געהערן. און בעת זיי וועלן דאַרפן אויסקלייבן צווישן עטליכע לענדער, וואָס זענען עקאָנאָמיש גלייך פּאַסיג פאַר זיי, וועלן זיי זיכער זיך אָפּשטעלן אויף יענער טעריטאָריע, וואו מען קאָן זיך דערשלאָגן צו אַ העכערן קולטור-פּאָליטישן לעבענס-מצב. דאָס איז נוגע אין עיקר דער איבערוואַנדערונג פון גרויס-קאַפּיטאַל און אין שייכות דערמיט דער איבערוואַנדערונג פון די זיך פּראָלעטאַריזירענדע פּויערים-מאַסן, וואו דער טרייב-מאָטיוו איז אַ דויערענדער עקאָנאָמישער דרוק. דער גרויס-קאַפּיטאַל גייט נאָר אין אַזעלכע לענדער, וואו ער האָט געוויסע גאַראַנטיעס פאַר זיך. די זיך פּראָלעטאַריזירענדע עלעמענטן פון דאָרף גייען, ווידער, נאָר אַהין, וואו ס'קאָנצענטרירן זיך גרויסע קאַפּיטאַלן. דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון זייער עמי-

גראַציע דריקט זיך אויס נאָר אין דעם, וואָס צוזאַמען מיט דעם פויער פאָרען אַריבער אין די נייע פונקטען אויף דער קליינער סוחר און פאַרמיטלער.

אַנדערש איז מיט דער עמיגראַציע פון דער שטאָטישער בעפעלקערונג, וועלכע איז געווען בעשעפטיגט אין דער קליין־פּראָדוקציע. דער אַרבייטער וועט עמיגרירען אַהין, וואוהין ס'האָט עמיגרירט יענער קאַפּיטאַל, מיט וועלכען ער איז נאַציאָנאַל צונויפגעבונדען. כל־זמן אָט דער קאַפּיטאַל וועט זיך נישט רירען פון אָרט, וועט אויך די אַרבייט נישט מאַכען קיין איין שריט, ווי גרויס עס זאָל נישט זיין דער עקאָנאָמישער דרוק. דער קליינער קאַפּיטאַל הויבט אָבער אָן עמיגרירען נאָר דאַן, ווען ס'איז לית ברירה, ווען ס'איז אויבען אויף די סכנה פון שטענדיגע רדיפות. מיר האָבען דעם בעסטען בעוויז דערויף טאַקי אין די פאַקטען פון דער יודישער עמיגראַציע, וואו פּאָגראָמען און פּאָליטישע רדיפות האָבען תמיד געשפּילט אַ אַנטשיידענדיגע ראָל נישט נאָר ביים אויפהייבען די ברייטע יודישע מאַסען פון אָרט, נאָר אין אַ געוויסער מאָס אויך ביים בעשטימען די ריכטונג פון דעם יודישען וואַנדערשטראָם. מ'איז געפאָרען גיכער אַהין, וואו מ'איז געווען בעוואָרענט פאַר רדיפות, וואו ס'האָבען זיך נישט פאָראויסגעזעהן קיין פּאָגראָמען. דער קולטור־פּאָליטישער מצב פונם איינוואַנדערונגס־לאַנד איז גראָד נישט אַזוי נויטיג לגבי דער וואַנדערונג פון קליינעם קאַפּיטאַל.

ביז דער לעצטער צייט פלעגט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל אין זיין פּראָדוצירענדער פאָרם גיין אין די נייע גרויס־קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער אָנשטראָם פון קאַפּיטאַלען האָט פאַרגיכערט די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־כוחות אין די דאָזיגע לענדער, אויסגענוצט זייער נאַטור־רייכטימער און פאַרגרעסערט די נאָכפראַגע אויף אַרבייטער־הענד. איז טאַקי אַהין געגאַנגען די אינטענסיווע איינוואַנדערונג פונם זיך פּראָלעטאַריזירענדעם פויערטום פון אַלע פעלקער פון דער אַלטער וועלט. און היות, ווי די יונגע גרויס־קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט רופט־אַרויס אַ בעדערפעניש אין נייע צווייגען פון קליין־האַנדווערקעריי און מאַנופאַקטור, האָט זיך דאָרט געפונען גענוג פּלאַץ אויך פאַר דער יודישער איינוואַנדערונג. די יודען האָבען זיך גערוקט אינם אַלגעמיינעם עמיגראַציאָנס־שטראָם.

די דאָזיגע לאַגע הויבט זיך אָן ענדערען אין דעם מאָמענט, ווי ס'מערקען זיך אָן נייע טענדענצען אין דער ריכטונג פון דער אַלגעמיינער וואַנדערונג. די איבעראָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַלען אויפן וועלט־מאַרק האָט געבראַכט דערצו, עס זאָל זיך אויסטיילען אַ קאַ־



שושנה׳לע און דודל—באראבאוו׳ס קינדער אין יאר 1920

פּיטאַליסטישער רעזערוו-פאָנד, וועלכער זוכט פאַר זיך פאַרוועגדונג דורך באַנק-קרעדיטען אין פאָרם פון גראַנדיעזע הלוואות. דאָס האָט אים געטריבען צו די אומבעריִרטע סטעפּעס און וועלדער פון אַרגענטינאַ, בראַזיליע און קאַנאַדע; דיזעלבע מאָטיוון טרייבען אים אויך צו דער ברייטער לאַנדווירטשאַפטליכער קאָלאָניזאַציע, וועלכע קומט פאָר, געוויינליך, לויט דער איניציאַטיוו פון רעגירונגס-אינסטיטוציעס.

אויך די אַרבייטער, וואָס זענען צו ענג צונויפגעדריקט אין די פריערדיקע גרויס-קאַפּיטאַליסטישע אימיגראַציאָנס-לענדער, קאָנען שוין נישט מער דאָרט אָנווענדען זייערע כחות און אַלץ גרעסערע מאַסען גייען איבער אין נייע לענדער פון ברייטער לאַנדווירטשאַפט. די רעגירונגס-אינסטיטוציעס שטעלען צו לאַנג-טערמיניגע קרעדיטען און געבען אויס געלטער אויף צו פאַרבעסערן די בעדינגונגען פונם תבואה-האַנדעל. די אַלע געוועזענע פּויערים, וואָס האָבען אָקאָרשט עמיגרירט אין די גרויס-קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַלס אומקוואַליפיצירטער פּראָלעטאַריאַט, ווענדען זיך איצט אין אַרגענטינאַ, קאַנאַדע און בראַזיליע מיט דער כוונה צו ווערען דאָרטען זעלבשטענדיגע באַלעבאַטים אויף אַ אייגענער לאַנדווירטשאַפטליכער נחלה. זיי זענען אי זעלבשטענדיג, אי אָפּהענגיג פונם גרויסקאַפּיטאַל, וועמען זיי דאַרפען אויסצאָלען די בעקומענע הלוואות. זיי זענען געצוואונגען אויסצובייטען זייערע לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען אויף געלט — וואַרפען זיי ארויס אויפן וועלט-מאַרק אַ אומגעהויערען סכום תבואות און אין דער קאָנקורענץ מיט זיי מוזען געשלאָגען ווערען יענע עלעמענטען, וועלכע זענען נישט פון קדמונים ביי דער ערד-אַרבייט. אין דערזעלבער צייט העלפט דער לאַנג-טערמיניגער קרעדיט די פּויערים איינצופעסטיגען זייער באַלעבאַטישקייט און לאָזט נישט צו דעם פּראָצעס פון פּראָלעטאַריזאַציע. אין איינעם מיט די פּויערים וואַנדערען אויך אַהער אַריין, ווי פריער דערמאָנט, קליין-הענדלער פון דערזעלבער נאַציאָנאַליטעט, וועלכע בעפרידיגן דעם פּרימיטיווען פּויערישען געברויך.

די לענדער פון ברייטער לאַנדווירטשאַפט, ווי בכלל די אומבעריִרטע לענדער זענען אָבער לחלוטין נישט צוגעפּאַסט פאַר דער נייער ריכטונג פון דער יודישער וואַנדערונג. באָראָכאָוו מאַכט דאָ אַ חילוק צווישען סטיכישער איינוואַנדערונג און אָביעקטיווער, בכיוונדיגער קאָלאָניזאַציע. די סטיכישע יודישע אימיגראַציע קאָן נישט גיין אין די אומבעריִרטע לענדער, ווייל זי וועט דאָרטען נישט קאָנען זיך נעמען פון דאָס ניי צו אירע אַלטע האַנדווערקערישע און האַנדעלס-פונקציעס; אָבער נאָך ווינציגער וועט זי זיין אים שטאַנד אויסצוהאַלטען די קאָנקורענץ אויפן געביט פון לאַנד-

ווירטשאַפטליכער טעטיגקייט. אָפּגערעדט, אַז ס'איז אינגאַנצען אויסגעשלאָסען, די יודען זאָלען זיך אונטערנעמען בכיוון פּלאַנמעסיג צו קאָלאָניזירען אַ נײַ לאַנד. אַזאַ קאָלאָניזאַציאָנס-אָרגאַניזאַציע מוז היינטיגע צייטען גלייך אָננעמען אַ גרויס-קאַפּיטאַליסטישען און קאָמערציעלען כאַראַקטער. וועט זי זיך אַ לאָז טון אויפֿן וועלט מאַרק מיט די יודישע לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען, וועט זי שנעל פּלאַצען. פאַרקערט, וועט זי זיך אַ נעם טון פאַר דער באַאַרבייטונג פון די רוי-מאַטעריאַלען אויפֿן גרויסען שטייגער, — וועט זי זיך ווענדען צו דער עקספּלאָאַטאַציע פון נישט-יודישער אַרבייט אין ווידערשפּרוך מיט אירע אייגענע אויפגאַבען.

די יודען זענען נישט צוגעפּאַסט, אָבער טאַקי לגמרי נישט דערצו, אַז ביי די קאַפּיטאַליסטישע קאָנקורענץ-פאַרהעלטנישען, זאָלען זיי מיט אַמאָל, ראַפּטום איבערגיין צו אַגראַר-ווירטשאַפט; די ווירטשאַפטליכע טעטיגקייט פון די יודישע עמיגראַנטען האָט די טענדענץ צו פאַרלירען איר פריערדיגען ריין-אינדוסטריעלען און האַנדעלס-כאַראַקטער און זיך אַריבערטראָגען פון די ענד-סטאַדיעס פונם פּראָדוקציאָנס-פּראָצעס צו די ערשטע גרונד-סטאַדיעס, צו דער פּראָדוקציע פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען און צו לאַנדווירטשאַפט; אָבער דער איבערגאַנג קאָן נישט פאָרקומען מיט אַמאָל.

„דעריבער איזאָלירט זיך די יודישע וואַנדערונג פונם אַלגעמיינעם שטראָם פון די אַלוועלטליכע איבערוואַנדערונגען און מוז פאַר זיך זוכען גאַנץ באַזונדערע וועגען". אין דער יודישער עמיגראַציע, שטעלט פעסט באָראָכאָוו, ווערט רייף אַ נייע טענדענץ זיך צו ריכטען נאָך אַזאַ לאַנד, וואו די יודישע קליינע קאַפּיטאַלען און די יודישע אַרבייט זאָלען קאָנען פאַרווענדעט ווערען אין אַזעלכע פּראָדוקציעס, וועלכע שטעלען מיט זיך פאָר אַן איבערגאַנגס פאָרם פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט צו דער לאַנדווירטשאַפט און פון דער פּראָדוקציע פון געברויכס-אַרטיקלען צו דער פּראָדוקציע פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען. צום ערשטען מין געהערען סעדערייַ, גערטנערייַ, וויינטרויבן-קולטור, מילך-ווירטשאַפט; צום צווייטען מין — איז שייך די פּראָדוקציע פון מאַטעריאַלען און האַלב פאַבריקאַטען. די ווירטשאַפט פון יענעם לאַנד, וואוהין די יודען וועלען זיך ווענדען, איז נישט קיין גרויס-קאַפּיטאַליסטישע און נישט קיין ברייט-לאַנדווירטשאַפטליכע, נאָר אַ האַלב-אגראַרע, אַן איבערגאַנגס-ווירטשאַפט. די יודען וועלען זיך ווענדען איינע אַליין, אָפּגעזונדערט פונם אַלגעמיינעם עמיגראַציאָנס-שטראָם. דאָס וועט זיין אַ לאַנד, וואו פאַר אַנדערע פעלקער וועלען די עקאָנאָמישע מעלות פון דער איינוואַנדערונג צושטערט ווערען דורך

אַנדערע אומבעקוועמליכקייטען. דאָס דאָזיגע לאַנד וועט זיין דאָס איינציגע צוגענגליכע פאַר יודען, און פון אַלע לענדער, וואָס זענען צוגענגליך פאַר עמיגראַנטען פון אַנדערע פעלקער, וועט עס ליגען אויף דער ליניע פון גרעסטען ווידערשטאַנד. דאָס וועט זיין אַ לאַנד מיט אַ נידעריגען קולטור־פּאָליטישען לעבענס־שטייגער. דאָס וועט זיין אַ לאַנד, וואו גרויסע קאַפּיטאַלען געפינען מיט מאַטערניש פאַר זיך אַ געניגענדע פאַרווענדונג, טאַקי צוליב דער אָפּגעשטאַנענקייט פון פּאָליטישען לעבען, און וואו קליינע און מיטעלע קאַפּיטאַלען וועלען געפינען אַ געהעריגען אָפּזאַץ פאַר זייערע פּראָדוקטען סיי אין לאַנד גופא, סיי אין די באָענט־ליגענדע שכנות׳ע געגענדען.

„טעריטאָריאַליזם מיינט נישט נאָר אַ סטיכישע עמיגראַציע פון יודען, נאָר אויך די סטיכיש פאָרקומענדע קאָנצענטרירטע אימיגראַציע. דער טעריטאָריאַליסטישער פּראָגנאָז קאָן בעטראַכט ווערען, ווי פאַרענדיגט ערשט דאַן, ווען עס ווערט אויך אָנגעוויזען דאָס לאַנד וואוהין ס׳וועט זיך ווענדען די סטיכישע אימיגראַציע". „דער טעריטאָריאַליזם, ווי אַ דויערענדע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אינם יודישען פאָלק קאָן זיך אָנשפּאַרען נאָר אויף די סטיכישע פּראָצעסען אינם יודישען לעבען." דער גענויער אַנאַליז פון די וואַנדערונגס־פּראָצעסען אין אַלגעמיינעם און אין יודישען לעבען האָט געבראַכט באָראָכאָוון צום אויספיר, אַז „דאָס לאַנד פון דער סטיכיש זיך קאָנצענטרירענדער יודישער אימיגראַציע וועט זיין פּאַלעסטינאַ".

די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע פאַרהעלטענישען פון פּאַלעסטינאַ האָט שוין באָראָכאָוו אויספירליך בעהאַנדעלט אין זיין דערמאָנטער גרעסערער אַרבייט; איצט קלערט ער אָבער אויף מער און גרינדליכער די סאָציאַל־עקאָנאָמישע בעדינגונגען, אין וועלכע ס׳וועט פאָרקומען די איינוואַנדערונג און איינוואָרצלונג פון די יודישע מאַסען אין פּאַלעסטינאַ. די אָרטיגע בעפעלקערונג פאַרמאָגט נישט קיין אייגענעם זעלבשטענדיגען קולטורעלען און עקאָנאָמישען טיפּ. פּאַלעסטינאַ איז דאָס איינציגע לאַנד, וואו די יודען וועלען נישט אָנטרעפען קיין אָרגאַניזירטע געגנערשאַפט און אַרויסשטויסונג. זיי וועלען דאָ נישט האָבען אויסצושטיין קיין נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ. די אָרטיגע בעפעלקערונג איז דערצו נישט פייהיג און ברויך עס נישט צו בענוצען, ווייל זי וועט, אַדרבא, קאָנען פּראָפיטירען פון דער יודישער איינוואַנדערונג, וועלכע וועט אויף זיך נעמען די אויפגאַבע צו אַנטוויקלען די פּראָדוקטיוו־כחות פון לאַנד.

באָראָכאָוו גיט צו אַ גרויסע חשיבות דעם פאַקט, וואָס פּאַלעסטינאַ איז בבחינת אינטערנאַציאָנאַלע אכסניה, וואו

דער גרויסער קאַפּיטאַל קאָן זיך נישט אַנטוויקלען און ס׳הערשט דאָרט הויפּטזעכליך די קליין־פּראָדוקציע. אין דעם מין לענדער פּעלט תּמיד זעלבשטענדיגע קולטור, הגם מיר טרעפען דאָרט געוויינליך אַ הויכע קולטורעלקייט. די איינוואוינער נאַשען פון יעדער קולטור אַ ביסעל, כאַפען עפּיס פון יעדען טוריסט; דאָס איז אָבער אַלץ אויבערפלעכליך און גרייכט נישט טיף. מ׳רעדט אַ סאַך שפּראַכען און מ׳איז אָרגאַניש נישט פאַרבונדען מיט איינער, אַ בעשטימטער. אין פּאַלעסטינאַ איז שוין פאַראַן אַ געוויסער יודישער ישוב, אַהין גייט אָן אויפהער די יודישע אימיגראַציע נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען מצדן סולטאַן. וואָס ווייטער וועט די טערקישע רעגירונג אַלץ מער זיך געגענשטעלען דער איינוואַנדערונג פון אַזאַ בעוואוסטזיניגען און רעוואָלוציאָנערען עלעמענט ווי די יודישע אַרבייטער. אָבער אין דערזעלבער צייט איז פּאָרויסצוזעהן אַלץ אַ גרעסערע פּאַראינטערעסירטקייט אין דער לעזונג פון דער יודען־פראַגע ביי יענע מלוכות וואו עס וואוינען קאָמפּאַקטע יודישע מאַסען און דאָס הייסט אויך, אַז ס׳וועלען אפּגעראַמט ווערען אַלע מניעות אויפן וועג פון דער יודישער אימיגראַציע אין פּאַלעסטינאַ. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט קעמפט פאַר דער דעמאָקראַטיזאַציע פון די מלוכות און דורך זיין קלאַסען־קאַמף העלפט ער צו שאַפען יענע פאָרבעדינגונגען פאַר דערוואַרבען יענע רעכט, וואָס זענען אַזוי נויטיג פאַר דער קאָנצענטרירטער וואַנדערונג.

מ׳דאַרף געדענקען, אַז אין יענע יאָרען, 1905 און 1906 פלעגען קיין פּאַלעסטינאַ אריינקומען עטליכע הונדערט יודישע אימיגראַנטען אין משך פון קיילעכדיגען יאָר. אָבער באָראָכאָוו ווייס אָפּצושאַצען אויך די דאָזיגע צאָל איינוואַנדערער ביי די דענסטמאָלדיגע אַריינפאָר־בעגרענצונגען און ביי דער פאַרביסענער אַגיטאַציע געגען דער איינוואַנדערונג נישט נאָר מצד אַנטיציוניסטען, נאָר אַפילו ציוניסטען, וועלכע האָבען געוואָלט נישט אַנדערש פריער האָבען דעם טשאַרטער. „מ׳קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען, זאָגט באָראָכאָוו, וואָס פאַר אַ ברייטען פאַרנעם ס׳וועט בעקומען די סטיכישע איינוואַנדערונג פון יודען קיין פּאַלעסטינאַ, ווען פון איין זייט וועלען איר צו הילף קומען די אַלגעמיין ציוניסטישע אַנשטאַלטען און די גאַראַנטירטע פרייהייט פון אַריינפאָר און פון דער אַנדער זייט וועלען אינגאַנצען פאַרמאַכט ווערען אַלע פריערדיגע איינגעפאָרענע וועגען פון יודישע איבערוואַנדערונגען.״

פונדעסטוועגען זעהט פאָרויס באָראָכאָוו מאָמענטען, ווען דער וואוקס פון דער יודישער איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינאַ וועט זיך אָפּשטעלען. די וואַקלונגען פון דער יודישער אימיגראַציאָנס־

כוואַליע וועלן זיין אָפּהענגיג פון די וואַקלונגען פונם וועלט-מאַרק. ס'וועלן אַפילו זיין אַזעלכע מאָמענטען, ווען צוליב עקאָנאָמישע קריזיסען אָדער פּאָליטישע פאַרוויקלונגען וועט פאָרקומען אַן אויסוואַנדערונג פון פּאַלעסטינאַ. אָבער די אַלגעמיינע טענדענץ פון דער יודישער דינאַמיק פירט דורכאויס צו דעם אַלץ גרעסערען וואוקס פון דער יודישער סטיכישער אימיגראַציע קיין פּאַלעסטינאַ. און אויך דער דאָזיגער נביאישער פּראָגנאָז באָראָכאָווס אין שייכות מיט דער פּאַלעסטינאַ-וואַנדערונג קומט אָפּט אַרויף אויפן געדאַנק אין אונזערע טעג, ווען חודש נאָך חודש פאָרען אַריין אין פּאַלעסטינאַ 4000 יודישע אימיגראַנטען און ווען ס'ווייזט זיך אַרויס אַזוי בולט פאַר אַלעמען די נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג צווישען אַרבייט און קליינעם ווי מיטעלען קאַפּיטאַל סיי ביי אויסוואַנדערונג, סיי אויך ביים אויסוויילען, פאַר זיך אַ בעשטימטע ריכטונג פאַר איינוואַנדערונג.

באָראָכאָוו שילדערט די מעגליכע קאַפּיטאַליזירונג פון פּאַלעסטינע, וואו די יודען וועלען שפּילען די הויפּט-פידעל און וואו זיי וועלען זיין די אָרגאַניזאַטאָרען פון דער פּראָדוקציע אין לאַנד. דאָס ערשטע מאָל אין זייער געשיכטע וועלען די יודישע מאַסען נישט זיין אָנגעוויזען אויף זייער „נוצליכקייט" פאַר דער אָרטיגער בעפעלקערונג, נאָר אויף זייערע בעציהונגען מיטן אויסערליכען מאַרק, צוערשט אין די שכנות'ע לענדער און שפּעטער אויפן וועלט-מאַרק. די יודען אין פּאַלעסטינאַ וועלען זיך בעשעפטיגען מיט יענע פונקציעס, וואָס זענען דער איבערגאַנג פון שטאָטישע צו לאַנדווירטשאַפטליכע און פון דער פּראָדוקציע פון געברויכס-אַרטיקלען צו דער פּראָדוקציע פון פּראָדוקציאָנס-מיטלען. אין אַ געוויסער מאָס וועלען זיי זיין בעשעפטיגט אויך אין דער פּראָדוקציע פון פּראָדוקציאָנס-געצייג.

און ווידער קערט זיך באָראָכאָוו אום צו זיין טעאָריע וועגען דער אַסימילאַציע פון די פּאַלעסטינער פעלאַכען מיט די יודען. „די נאַציאָנאַלע קאָמפּאַקטקייט פון דער יודישער עמיגראַציע וועט שאַפען אַ באָדען פאַר אַ עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיגער געזעלשאַפט." די אָרטיגע געזעלשאַפט וועט אין איר אויפגעלעזט ווערען און ס'וועט בכן נישט זיין קיין פּלאַץ פאַר דער אנטשיידענדער פונאַנדערטיילונג פון נאַציאָנאַליטעטען. ס'וועלען זיך מיט דער צייט אויסבילדען „אַ נאַציאָנאַלע מערהייט (פון יודען און אַסימילירטע פעלאַכען) און אומבעדייטענדע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען, און די בעציהונגען צווישען זיי וועלען רעגולירט ווערען אויף אַ דעמאָקראַטישען אופן לויט די פּרינציפּען פון נאַציאָנאַל-פּאָליטישער

אויטאנאמיע. עס פארשטייט זיך, אז אזא רעגולירונג וועט ערשט זיין דער רעזולטאט פון פארצויגענע קאנפליקטען". דאס איז נישט אויסצומיידען. „אויטאפיסטען זעגען יענע, וואס דענקען, אז אזא טיפע און עיקרדיגע איבערקערעניש אינ'ם יודישען לעבען זאל פארקומען אן א ביטערען קאמף, אן גרויזאמקייטען און אומגערעכטיגקייטען, אן יסורים פאר די גערעכטע און פאר די שולדיגע. אזעלכע רעוואלוציעס ווערען געשריבען נישט מיט טינט און נישט מיט שענקלינגענדיגער מליצה; זיי ווערען געשריבען מיט שווייס, טרערען און בלוט".

פאראלעל מיט דער ווירטשאפטליכער אויטאנאמיזירונג פון יודישען לעבען אין פאלעסטינא וועט קומען אויך איר פאליטישע אויטאנאמיזירונג און דער אידעאל פון דער פאליטישער אויטאנאמיזירונג איז די פאליטישע טעריטאריאלע אויטאנאמיע פאר די יודען אין פאלעסטינע. דער דאזיגער פאליטישער ציל וועט דערגרייכט ווערען דורך פאליטישען קאמף.

באראכאוו גלידערט פונאנדער דאס פראבלעם פון דעם נאציאנאליטעטען קאמף אין טערקיי און קומט צום אויספיר, אז די פונאנדערפאלונג פון טערקיי איז אומפארמיידליך, וואס עס איז אגב, גראד געוואונשען פאר איר קאפיטאליזירונג און דעמאקראטיזירונג. ער זעהט פאראויס, אז פאלעסטינא זאל אפגעטיילט ווערען פון דער טערקישער אימפעריע. די רעאליזירונג פון דער טעריטאריאלער פאליטישער אויטאנאמיע אין פאלעסטינא וועט פארקומען הויפטזעכליך מיט דער הילף פון קלאסען-קאמף און אין אוואנגארד פון דער בעפרייאונגס בעוועגונג וועט זיך געפינען דער פראלעטאריאט. אין דעם זעהט באראכאוו דעם חילוק צווישען דער רעאליזירונג פונ'ם טעריטאריאליזם אין פאלעסטינא און דער נאציאנאלער בעפרייאונגס-בעוועגונג אין אנדערע טיילען פון דער טערקישער אימפעריע; דארטען האבען מיר בראש דוקא די בורזשואזיע, ווייל דארט האבען מיר צו טון נור און אויסשליסליך מיט א נאציאנאלען קאמף פון דער ארטיקער אויפשטייענדיגער בורזשואזיע געגען פרעמדען אריינדרינגענדען און הערשענדען קאפיטאל.

די יודישע איינוואנדערונג קיין פאלעסטינא פארמאגט אלע נויטיגע בעדינגונגען, כדי עס זאל זיך אין לאנד פונאנדערפלאקערען דער שארפסטער קאמף צווישען ארבייט און קאפיטאל. מערקווירדיג! פאראנען נאאיווע פאליטיקער, וואס ווילען אויך היינט צו טאג נישט זעהן קיין שום קלאסען-סתירות אינ'ם יודישען ישוב אין פאלעסטינא. א פשיטא מיט צוויי צענדליג יאר צוריק האט

מען בפירוש אויסגעלאַכט יעדען איינעם, וואס האט געפרובט, דערווייזן, אַז אויך ארץ־ישראל וועט נישט אויסמיידען דעם ענין קלאַסען־קאַמף, נישט געקוקט אויף דער גאנצער כלל־ישראל־קדושה אין וועלכער די אויפריכטונג פון דער יודישער נאַציאָנאַלער היים אין פאַלעסטינאַ איז איינגעוויקעלט. באָראָכאָוו האט אבער זיך געהאַלטען פעסט ביי זיין מאַרקסיסטישען מעטאד אויך דאַן, ווען ער האט געפרובירט פעסטשטעלען די טענדענצען פון דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון פאַלעסטינאַ. האָט ער זיך אין זיין פראָגנאָז געמוזט אָנשטויסען אויף די בעזונדערע אַנטוויקלונגס־וועגען פונם קאַפּיטאַל און פון דער אַרבייט אינם ווירטשאַפטליך אויפוואַכענדיגען לאַנד, און שוין דאַן, ווען די נאַציאנאַליסטישע מליצה האָט נאָך געהאַט די פולע שליטה איבער מוחות און הערצער, וואו ס'איז נאָר נוגע געווען ארץ־ישראל, האָט באָראָכאָווס שאַרף אויג בעמערקט די אומפאַרמיידליכקייט פונם קלאַסען־קאַמף ג ר אָ ד אין שייכות מיט די אויפבוי־פּראָצעסען פונם נייעם קאָנצענטרירטען יודישען ישוב.

ערשט נישט לאַנג צוריק האָט באָראָכאָוו בעטראַכט די ציוניסטישע בעוועגונג, ווי אַ א ו נ ט ע ר נ ע מ ו נ ג, וואו ס'ווירקען די מער נאַציאָנאַל־עמפינדליכע יחידים אָדער גרופּען, און אין דעם, אגב, האָט ער געזעהן אויך דעם אונטערשיד צווישען דעם ציוניזם און סאָציאַליזם, וועלכער שטיצט זיך דורכאויס אויף די סטיכישע פּראָצעסען פון געשיכטליכער אַנטוויקלונג. איצט אָבער, ווען באָראָכאָוו טיילט נישט מער אויס די יודענפראַגע פון גאַנצען קאָמפּלעקס פראגען, וועלכע שטייען פאַרן פּראָלעטאַריאַט, איז פאַר אים אויך דער ציוניזם „נישט קיין קינסטליכער עקספּערימענט, נאָר אַ סטיכישער פּראָצעס". פאַרלאָזט ער זיך נישט אויף די אידעאַליסטען, וואָס וועלען לויפען קיין ארץ־ישראל צוליב נאַציאָנאַליסטישע חלומות און וועלען זיך מקריב זיין „פאַרן פאָלק און פאַרן פאָטערלאַנד"; ער האַלט נישט פון אַלע יענע סאָציאַל־נאַציאָנאַלע אוטאָפּיעס, וועלכע דרשענען, אַז פאַלעסטינאַ וועט נישט נאָר איבעראַנדערשען די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון יודישען לעבען, נאָר אַז דאָרט וועט בטל ווערען דער קלאַסען־חילוק בכלל, ס'וועלען אויפהערען שוין איצט די איינטיילונג אויף בעלי־בתים און פּראָלעטאַריער און ד. ג. אדרבא, באָראָכאָוו זעהט פאָראויס די איינוואַנדערונג פון יודישע פּראָלעטאַריער קיין פאַלעסטינאַ, וועלכע וועלען אויך דאָרטען פאַרבלייבען פּראָלעטאַריער. „ס'וועט זיך בייטען זייער פּ ר אָ פ ע ס י ע אָבער נישט זייער ק ל א ס ע ן־ל אַ ג ע". סיי די אונטערנעמער און סיי די אַרבייטער וועלען ביידע מיטברענגען מיט זיך קיין פאַלעסטינאַ זייער קלאַסען־ערציהונג, זיי־

ער קלאַסען-בעוואוסטזיין און אויך די ערפאַרונג פון זייער קלאַסען-קאַמף. און דאָס, וואָס אין פּאַלעסטינאַ וועלען די יודישע אַרבייטער זיך איבערוקען צו די ערשטע עיקרדיגע סטאַדיעס פון דער פּראָדוקציע וועט ערשט רעכט אויסברייטערען פאַר זיי דאָס פעלד פון קלאַסען-קאַמף, פאַרגרעסערן די אויסזיכטען אויף ערפאָלג. „שוין גאָר ביים אָנהויב פון דער סטיכישער אימיגראַציע פון יודען קיין פּאַלעסטינאַ וועט זיך דאָרט פונאַנדערפלאַקערען אַ פאַרביסענער קאַמף צווישען יודישער אַרבייט און קאַפּיטאַל, אַ קאַמף אויף אַלע געביטען: עקאָנאָמישען, קולטורעלען און פּאָליטישען".

באָראָכאָוו זעהט פאָראויס די אַריינמישונג פון דער טערקישער רעגירונג. לכתחילה וועט זי זיין אויפן צד פון די אונטערנעמער, אָבער מיט דער צייט וועט זיך די יודישע בורזשואַזיע געפינען אין אַ משונה'דיגער קיצעלדיגער לאַגע צווישען צוויי פייערען; דער סוף וועט זיין, אַז די טערקישע גראָדליניגע ביוראָקראַטיע וועט אַריבערטראָגען איר כעס אויף דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג, ווייל זי וועט ביסלעכווייז איינזעהן די סכנה, וואָס דראָהט מצדן גאַנצען יודישען ישוב, אַ דאַנק דער אַלץ וואקסענדער איינוואַנדערונג ווי אויך צוליב דעם, וואָס אַלץ גרעסערע מחנות פון די אָרטיגע פעלאַכען וועלען אַריינדרינגען אין דער ספערע פון יודישען קולטורעלען און עקאָנאָמישען איינפלוס. צוזאַמען דערמיט וועט שטייגען די חשיבות און די בעדייטונג פונם קאַמף, וואָס דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט פירען אין ענגען בונד מיט די איבעריגע אונטערדריקטע עלעמענטען פון לאַנד געגען דער טערקישער רעגירונג. אין הסכם מיט זיין דענסטמאָלדיגען בליק אויף דער געשטאַלטונג פון אינטערנאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישען אין טערקיי פירט אויס באָראָכאָוו, אַז סוף כל סוף וועלען זיך אינ'ם דאָזיגען קאַמף אַריינמישען אויך אַנדערע מלוכות. סיי די, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין דער לעזונג פון דער יודען פראַגע, סיי די, וואָס האָבען אַ שייכות צו טערקיי און איר פּאָליטיק אויפן מזרח. דערצו וועט טרייבען דער קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינאַ; ער וועט, נאַטירליך, נישט זיין איינזאַם; אים צו הילף וועט קומען דער יודישער פּראָלעטאַריאַט פון גאָר דער וועלט און מיט דער צייט אויך דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער קלאַס. די מלוכות וועלען מוזען גיין אויף הנחות הן בנוגע די פּאָליטישע און הן בנוגע די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון יודישען פּראָלעטאַריאַט. אודאי וועט אין די אַלע פּראָצעסען נעמען אַ אַנטייל אויך די יודישע בורזשואַזיע, ווייל אויך זי איז פאַראינטערעסירט, אַז פּאַלעסטינאַ זאָל זיך בעפרייען

פון אונטערן טערקישען יאָך, און צו דעם מאָמענט וואלט דאָך אט דער פונקט געדארפט זיין דער וויכטיגסטער אין די נאַציאָנאַלע פאדערונגען פון יודישען פראָלעטאריאַט. די יודישע בורזשואַזיע וועט אָבער שטעלען אירע טריט אומזיכער, אומאַנטשיידען מורא האָבענדיג פאַרן אויסגאנג. זי וועט איבערלאָזען דעם אַרבייטער-קלאַס אויף אייגענעם בעראַט אין די געפערליכע מאמענטען און וועט זוכען יעדע געלעגענהייט כדי אויסנוצען פאר זיך און פאר די אייגענע קלאַסען-אינטערעסען די דערגרייכונגען פון יודישען פראָלעטאריאַט.

אין סך הכל שטעלט באָראָכאָוו פעסט, אַז די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פירט דירעקט דערצו, אַז די טעריטאָריאַל-פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פאַרן יודישען פאלק אין פאלעסטינאַ זאָל רעאַליזירט ווערען דורכן קלאַסען-קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט.

מיר דערמאָנען זיך, ווי, נאָך דאָ נישט לאַנג האט באָראָכאָוו אין דער בעגרינדונג וועגען „ציון” אדער „סתם טעריטאָריע” אפערירט מיט אַ גאנצען בינטעל אידעאלאָגישע און פסיכישע מאָטיוען, וואס האָבען געדאַרפט אַוועקשטעלען ארץ-ישראל העכער איבער אלע אַנדערע טעריטאריעס און אויסשליסען יעדע מעגליכע קאָנקורענץ צווישען זיי. דארט האָבען מיר געהאַט צו טון מיט דער „דרייאייניגקייט” פון פאָלק און לאַנד און שפראַך, וואָס מ'האָט נישט געטארט אָפּטיילען איינעם פון די אַנדערע צוויי. באָראָכאָוו האָט בעגרינדעט דעם פאַלעסטיניזם פון כפל-שמנהדיגע ציוני-ציון, וואָס זיי קאנען אפילו אין געדאַנק נישט צולאָזען קיין פארגלייך צווישען ציון און עפּיס א טעריטאָריע. ס'איז דער פּרינציפּיעלער פאלעסטיניזם, וואָס וויל פּרינציפּיעל נאָר פאַלעסטינאַ און דוקא פאַלעסטינאַ. איצט אָבער האָט באָראָכאָוו אַוועקגעלעגט אָן אַ זייט אַלע יענע פּרינציפּיעלע מאָטיוען. ער האָט אויסגעוויילט אַלס כלי זיין דעם וויסענשאַפטליכען פאָרשונגסמעטאָד. עס קאָנען קיין אַנדערע מעטאָדען נישט גילטען דאָרט, וואו ס'גייט וועגען אָנצייכנען אַ קאַמפּס-ליניע פאַרן פּראָלעטאַריאַט. דאָ קאָנען גענומען ווערען אין חשבון נאָר מאַטעריעלע מאָמענטען, ווייל זיי און נור זיי בעשטימען דעם קלאַסען אינטערעס און ממילא אויך דעם קלאַסען-וועג פון דער אַרבייטערשאַפט.

„דער פאַלעסטיניזם האָט זיך געשטעלט העכער פון יענער מאָס, מיט וועלכער די אוטאָפּיסטען טרעטען צו צו פאַלעסטינאַ”. מען פלעגט ביז אַהער מאַכען אַ אונטערשייד צווישען פּרינציפּיעלען און פּראַקטישען פאַלעסטיניזם. באָראָכאָוו איז ווייט

פון ביידע. „מיר זאָגען נישט, אַז מיר ווילען האָבען פּאַלעס-
טינאַ, ווייל זי איז אונז טייער צוליב די היסטאָרישע ערינע-
רונגען, אָדער ווייל זי איז פּאַסיג פאַר קאָלאָניזאַציע". די אַלע
מאָטיוון קאָנען שפּילען אַ ראָל באַ דעם אָדער יענעם יחיד. „זיי
האָבען אָבער גאָרנישט צו טון מיט דעם פּראָגנאָז און מיט
דער היסטאָרישער נויטווענדיגקייט — האָט גאָרנישט
צו טון מיט דער איינציגער זאַך, וואָס אינטערעסירט אונז, ווען עס
אַנדעלט זיך וועגען אַ פּראָגראַם פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי"
„אונזער פּאַלעסטיניזם — שרייבט באָראָכאָוו — איז נישט
קיין פּרינציפּיעלער, ווייל ער איז לחלוטין נישט פאַרבונדען מיט
אַלטע טראַדיציעס; אונזער פּאַלעסטיניזם איז נישט קיין פּראַקטי-
שער, ווייל אין אונזער פּראָגנאָז איז נישטאָ קיין טעריטאָריע בכלל
איידער ס'איז דאָ פּאַלעסטינאַ. „פאַראַן אַזעלכע, וואָס דערקלערען,
אַז פּרינציפּיעל זענען זיי טעריטאָריאַליסטען, פּראַקטיש זענען זיי
פאַר פּאַלעסטינאַ, ווייל אין פּאַלעסטינאַ איז מעגליך קאָנקרעט
צו רעאַליזירען דעם טעריטאָריאַליזם. באָראָכאָוו מיינט, אַז אַזאַ
צוגאַנג איז אין תּוך פאַלש. „אונזער געדאַנקען-גאַנג איז אַזאַ:
עמיגראַציע-פּראָצעסען אין דער יודישער דינאַמיק; פּאַלעסטינאַ —
דער צוקונפטיגער צענטער פון דער סטיכישער עמיגראַציע, ובכן:
טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינאַ". „מיר זאָגען נישט,
אַז פּאַלעסטינאַ איז די בעסטע אָדער איינציגע טעריטאָריע; מיר
ווייזען אָן, אַז פּאַלעסטינאַ איז די טעריטאָריע, וואו עס וועט
עראָבערט ווערען טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע. אונזער פּאַלעסטיניזם
איז נישט קיין פּרינציפּיעלער און נישט קיין פּראַקטישער,
נאָר אַ פּראָגנאָסטישער".

ס'איז, וויבאַלד אַזוי, קלאָר, אַז מיר האָבען נישט די נויטיג-
קייט צו זוכען אַ טעריטאָריע, אויף וואָס די ס. ס. ווילען אויסגע-
בען זייער גאַנצע ענערגיע; פּונקט אַזוי קאָן נישט זיין קיין רייד
וועגען דעם, אַז מיר וועלען זיך דערשלאָגען אַ טעריטאָריע. אָט די
אַלע אויפגאַבען טרעטען מיר אָפּ די סטיכישע פּראָצעסען פון
דער יודישער וואַנדערונג. פאַרן פּראָלעטאַריאַט קאָן שטיין נאָר
די איין איינציגע אויפגאַבע: ווי צו דערשלאָגען זיך צו טעריטאָרי-
אַלע אויטאָנאָמיע אויף דער טעריטאָריע.

אָבער דאָ קאָן מען געשטרויכעלט ווערען דורך אַ קלאָץ-קשיא:
וויבאַלד מיר פאַרלאָזען זיך אויף די סטיכישע עמיגראַציע-פּראָצע-
סען, איז אפשר אַ סברא, מיר זאָלען טאַקי אָפּוואַרטען אַביסעל
און זען, וואוהין זיי וועלען זיך ווענדען און ערשט דאַן אָנ-
הויבען רעדען וועגען דער קאָנקרעטער טעריטאָריע? מוז מען
אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל אויפקלערען, אַז ס'איז אין תּוך

און אין עיקר פֿאַלש אַזוי צו שטעלן די פֿראַגע. ווייל „כּל זמן מיר ווייסן נישט בפּירוש וואו ס׳וועט זיך קאָנצענטרירן די סטיכישע איינוואַנדערונג, אַזוי לאַנג ווייסן מיר אויך נישט, צי זי וועט זיך בכלל ערגיץ־וואו קאָנצענטרירן”. אַזוי לאַנג קאָן זיין אַ רעד וועגן דעם, אַז ס׳וואָלט גוט געווען די אימיגראַציע זאָל זיך קאָנצענטרירן אויף איין אָרט. מ׳קאָן, הייסט עס, אויפֿווייזן די סוביעקטיווע נויטיגקייט דערפֿון; אָבער דערפֿון קאָן מען נאָך כּלל נישט אַרויסברייען, אַז אַזאַ קאָנצענטראַציע איז טאַקי אַ היסטאָרישע נויטווענדיגקייט.

פֿון דעם שטאַנדפּונקט שטעמפּעלט באָראָכאָוו דעם אַבסטראַקטן טעריטאָריאַליזם, ווי אַ אוטאָפּיע, וואָס אין בעסטן פֿאַל האָט זי צו טון מיט עקספּערימענטן און פּראָיעקטן, אָבער נישט מיט קיין פּראָגראַמען. די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט איז קיינמאָל נישט אַבסטראַקט; זי איז תּמיד קאָנקרעט. נאָר דאַן, ווען ס׳איז פֿאַראַן די טעריטאָריע, קאָנען מיר רעדן וועגן די פּאָליטישע אויפֿגאַבן אויף אָט דער טעריטאָריע. ביי די אוטאָפּיסטן קומט אויס פּונקט דער היפּוך. צוערשט מוז מען אַרויסקריגן דאָס פּאַפּירעל, דעם טשאַרטער, און דערנאָך וועט קומען די רעאַלע ווירקליכקייט, פֿריער די אויטאָנאָמיע און דערנאָך די טעריטאָריע.

ס׳איז איבעריג צו זאָגן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט קיין שום שייכות נישט אויך צו די אַלע דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען, וואָס לגבּי די ס. ס. און די סיימיסטן זענען עס די הויפּט־זיילן פֿון דער רעאַליזירונג פֿונם טעריטאָריאַליזם. „די דיפּלאָמאַטיע האָט אַ ממשות נאָר דאָרט, וואו אַלץ וואָלט געקאָנט געטאָן ווערן אויך אָן איר”. באָראָכאָוו האַלט נישט פֿון דעם פּרינציפּ „Do ut des” פֿון אָפּמאַך דאָרט וואו ס׳גייט וועגן אַ רעוואָלוציע. דער טעריטאָריאַליזם איז אַ דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אינם יודישען לעבען. אין דער תּקופה פֿון עקספּלאָטאַציע און קאָנקורענץ ווערן רעוואָלוציעס רעאַליזירט נישט דורך חשבונות און דיפּלאָמאַטיע, נאָר דורך דעם געראַנגעל פֿון כּחות. וואַרשיינליך וועט זיך אויך די דיפּלאָמאַטיע אַריינמישן אין דער רעאַליזירונג פֿונם טעריטאָריאַליזם; אָבער, אַלץ, פֿון אָנהויב און ביזן סוף, קאָן זיך דאָ באַגיין אויך אָן איר.

באָראָכאָוו רעדט אַרום אויספֿירליך די פֿראַגע, וואָס איז צו יענער צייט געווען זייער אַקטועל, נעמליך, אויף וויפֿיל די פֿאַראינטערעסירטקייט פֿון אַנדערע פֿעלקער אין דער לעזונג פֿון דער יודען־פֿראַגע וועט מיטהעלפֿן צו דער רעאַליזירונג פֿון טעריטאָ-

ריאַליזם און ווייזט אָן, אַז רעאַלע פּאָליטיק קאָן באַזירען נאָר אויף געצוואונגענקייט, דאָס הייסט נאָר אויף דעם, וואָס די אָרומיגע פעלקער ווילען נישט סתם פון גוטסקייט וועגען זיך פאַראינטערעסירען מיט דער יודען-פראַגע, נאָר זיי וועלען זיין געצוואונגען זי צו לעזען ראַדיקאַל און דעמאָקראַטיש.

די אָנהענגער פון טשאַרטער זענען זיך סומך אויף נוצען און אויסרעכענונג און פאַרגעסען דעם רעוואָלוציאָנערען תוך פון טעריטאָריאַליזם. דער טשאַרטעריזם איז אוטאָפּיש אויך דערפאַר, וואָס ער גייט איין אויף אַזאַ לעזונג פון דער יודען-פראַגע, וועלכע קאָן סאָציאַל דורגעפירט ווערען רוהיג און אָן יסורים. מען שטעלט זיך פאָר, אַז אויף דער טעריטאָריע וועט אויסקומען צו פירען אַ מלחמה געגען חיות רעות, געגען אינזעקטען און געגען כל ערליי קלימאַטישע שטערונגען. דאָרט פעלט אָבער לחלוטין דער סאָציאַלער קאַמף, דער קאַמף פון קלאַסען און נאַציעס וואָס זאָל אָנגיין ביז דער פולער פאַרווירקליכונג פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. ביי די ס. ס. און ביי די סיימיסטען ענדיגט זיך דער קלאַסען-קאַמף, אַלס וועג צום טעריטאָריאַליזם, אויפן דעק פון שיף. אַראָפּגייענדיג פון שיף וועלען די קלאַסען נאָך מעגליך, פירען אַ מלחמה צווישען זיך אויף דער טעריטאָריע; דאָס וועט אָבער שוין קיין שום שייכות נישט האָבען מיטן טעריטאָריאַליזם. די דיפּלאָמאַטיע, און נישט דער קלאַסען-קאַמף, איז ביי ביידען דער אייגענטליכער וועג צום טעריטאָריאַליזם.

אוטאָפּישקייט זעהט באָראָכאָוו אויך אין דעם, וואָס מען מאַכט חשבונות און מען פאַרלאָזט זיך מיט אַלע האָפנונגען נאָר אויף די אינערליכע כחות און מען איגנאָרירט דערביי אינגאַנצען די אויסערליכע כחות, מען נעמט נישט אין אַכט די ווירקונג פון דרויסענדיגע פאַקטאָרען. נאָך ערגער זענען יענע, וואָס נעמען אין טלוג, יאָ אין חשבון די אויסערליכע כחות, אָבער נאָר אויף וויפיל זיי ווירקען אין אַ בעשטימטען מאָמענט. ווערט מען מאָמענטאַליסטען און פון דאַנען איז איין שפרונג צום אָפּאָרטוניזם. טאָמער, חלילה, נישט איצט, איז אַלץ פאַרפאַלען, איז דאָך נישט שייך צו האַלטען זיך ביי איין גראַדער ליניע.

און שוין גאָר שלעכט איז מיט יענע, וואָס נעמען אויף דעם טעריטאָריאַליזם ווי אַ וויטען אידעאַל, וועלכער איז בלויז היסטאָריש פאַרבונדען אויך מיט דער געגענוואַרט, אָבער קיין פראַקטישע, ממשותדיגע שייכות איז צווישען זיי נישט פאַראַן. „האָבען מיר זיך איבער געשטעלט אויפן שטאַנדפונקט פון אַן אומאויפהערליכען סטיכישען פּראָצעס, וועלכער הויבט שוין אָן איצט אָדער וועט באַלד אָנהויבען איבערטראָגען אונזער לעבען אַהין אויף דער

טעריטאָריע, איז דער טעריטאָריאַליזם פֿאַר אונז שוין נישט קיין ווייטער היסטאָרישער אידעאַל, נאָר אַ טאָג־טעגליכע דרינגענדע לעבענס־בעדערפעניש".

אויב אַנומעלטען האָט באָראָכאָוו אין דעם פּרט געמאַכט אַ חילוק צווישען ציוניזם און סאָציאַליזם, שטרייכט ער שוין איצט אונטער בפירוש: „בכלל אנערקענט נישט דער פּראָלעטאַריאַט קיין היסטאָרישע אידעאַלען, וואָס זענען נישט דירעקט פֿאַרבונדען מיט זיינע נויטען. דער סאָציאַליזם ווערט פֿאַרווירקליכט יעדער שעה, אין יעדען נייעם שריט צו דער קאָנצענטראַציע פֿון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען. און דאָס נעמליכע איז אויך מיטן ציוניזם".

אונזער פּראָגנאָז, ערקלערט באָראָכאָוו איז, אַז היינט מאָרגען וועט ביי די ברייטע יודישע מאַסען, ביי די פּאָטענציעלע עמיגראַנטען, ביי די, וואָס קלייבען זיך ערשט אין וועג, פּונקט ווי ביי די, וואָס זענען שוין אין וועג, אויפֿקומען אַ דרינגענדע בעדערפעניש צו קריגען אַ פֿרייען אַריינפֿאָר אין פּאַלעסטינאַ און איינצואָרדנען און שפּעטער צו דעמאָקראַטיזירען די לעבענס־פֿאָרמען אין פּאַלעסטינאַ. און פֿאַרן יודישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער פֿילט מיט יעדען טאָג אַלץ שטאַרקער די אומבעפֿרידיגטקייט פֿון זיין סטראַטעגישער באַזע און די נויטיגקייט זי ערגיץ איבערצוטראָגען, וועלען די לעבענס־פֿאָרמען אין פּאַלעסטינאַ פֿאָרשטעלען מיט זיך נישט קיין אַבסטראַקטען, נאָר אַ ברענענדיגען דרינגענדען אינטערעס. די דאָזיגע טאָג־טעגליכע פֿאַראינטערעסירטקייט פֿון די יודישע מאַסען וועט ווערען אַלץ בולטער, וואָס מער שטערונגען און שוועריגקייטען די יודען וועלען אָנטרעפֿען ביים אַריינפֿאָר אין די פֿריערדיגע איינוואַנדערונגס־לענדער. דער פּעל־יוצא איז, אַז „לגבי אונז איז דער ציוניזם נישט בלויז אַ היסטאָרישער אידעאַל, נאָר אַ טאָגטעגליכע דרינגענדע בעדערפעניש פֿון די ברייטע יודישע מאַסען".

פֿריער נאָך, רעדענדיג וועגען סיים, האָט באָראָכאָוו אויפֿגעקלערט די הארבע פֿראַגע וועגען דער צוזאַמענאַרבייט פֿון סטיכישען פּראָצעס און דער בעוואוסטזיניגער מענשליכער רעגולירונג. דאָ רעדט ער קאָנקרעטער: שאַפֿען אַלע עלעמענטען פֿון טעריטאָריאַליזם; די קאָלאָניזאַציע און אַן עקאָנאָמיש אויטאָנאָמען ישוב אַריינגערעכענט איז אויסשליסליך די זאַך פֿונם סטיכישען פּראָצעס פֿון דער זיך קאָנצענטרירענדיגער יודישער איינוואַנדערונג. די אויפֿגאַבע פֿון דער אָרגאַניזירטער בעוועגונג איז נאָר צו רעגולירען אָט דעם דאָזיגען פּראָצעס. „געוויינליך מיינט מען, אַז פֿאַר דער רעאַליזירונג פֿון

דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע ברויך מען אַסאַך געלט; מיר, ווידער, האַלטען, אַז מען ברויך אַ סאַך פּאָליטישען קאַמף געוויינליך מיינט מען, אַז ס'וועט אויסקומען אַ סאַך צו אויפשטעלען, מיר האַלטען, אַז ס'וועט אויסקומען אַ סאַך צו בעפרייען. געוויינליך גיט מען צו די נויטוועגדיגקייט פון גראנדיעזע טעכנישע מיטלען און אַנשטאַלטען. און מיר האַלטען, אַז עס זענען אומפאַרמיידליך ברייטע היסטאָרישע וועגען. פאַר אונז איז די הויפּט-אויפגאַבע די רעגולירונג.

זאָל שוין אָבער גלייך געזאָגט ווערען, אַז פון טעריטאָריאַליסטישען שטאַנדפּונקט רעגולירען דאַרף מען די איינוואַנדערונג, וועלכע קאָנצענטרירט זיך סטיכיש. אומדירעקט וועט דורך דעם גופא רעגולירט ווערען די אויסוואַנדערונג. די אויסוואַנדערונג רעגולירען קאָן מען אויך לויט די מעטאָדען פון י.ק.א. — צוזייען און צושפּרייטען, ווי נאָר מעגליך. קוים נעמען מיר אָבער אָן, ווי טעריטאָריאַליסטען, אַז ס'איז נויטיג די עמיגראַציע זאָל זיך ערגיץ קאָנצענטרירען, מוז מען, ווידער אַמאָל, וויסען, וואו זי צו קאָנצענטרירען. וויל מען נישט אַוועקלאָזען זיך אויף די וועגען פון אומזיכערע ס'רוב אַוואַנטוריסטישע עקספּערימענטען, מוז מען בעצייטענס פּרוּווען די ריכטונג פון דער סטיכישזיך-קאָנצענטרירענדער איינוואַנדערונג. און אונזער אויפגאַבע רעדוצירט זיך צו דער רעגולירונג פון אָט דער סטיכישער איינוואַנדערונג.

נאָך דעם אַלעם, וואס באָראָכאָוו האט פעסטגעשטעלט און אויפגעקלערט הן בנוגע דעם קלאַסען-אינטערעס פון יודישען פּראָלעטאריאַט אינם טעריטאריאַליזם, הן בנוגע דעם עצם מהות פון דער רעאַליזירונג פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע, בלייבט אים איבער איין קאָנקרעטע פראַגע: פאָרמולירען די ראָל פון יודישען פּראָלעטאריאַט אין דעם רעאַליזירונגס-פּראָצעס, אנווייזען גענוי אין וואָס וועט זיך אויסדריקען זיין אָנטייל אין דער יודישער דינאַמיק. אין אַלגעמיינע קאָנטורען האָט עס באָראָכאָוו אָנגעצייכענט אויך אין די ביז איצטיגע קאַפּיטלען פון „אונזער פּלאַטפאָרם”. אָבער יעדעס מאָל פלעגט ער פאַרקריכען אין אַ זייט, וועלענדיג פאַר איין וועג בעלייכטען און אַנאַליזירען אַ בינטעל אנדערע ערנסטע און וויכטיגע פראַגען, וואָס זענען נוגע דעם זעלבען ענין. געשריבען האָט ער דאס גאַנצע ווערק נישט כסדר, סיסטעמאַטיש, נאָר שטיקלעכווייז, ברעקלעכווייז „פאַרן זעצער”, אין לעצטען מאָמענט, ווען מען האָט שוין מער נישט געקענט אָפּלייגען און אָפּציהען. האט פּאַסירט, אַז פּונקט נאכן 3-טען נומער האט מען פאַרמאַכט די „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאטשאַיאַ כראָניקאַ”, איז

ממילא איבערגעריסען געוואָרען „אונזער פּלאַטפאָרם“. מחמת באָראָכאָוו איז ארעסטירט געווארען און פון דער „פּלאַטפארם“ זענען געבליבען בלויז אַ פאר קאָרעקטור־אָפּצוגען, דער אָנהויב פון סוף, וואס האט געזאָלט קומען אין נומ. 4.

דארט האט באָראָכאָוו ערשט צוגעטראטען צו דער דערמאנטער פראגע און אין שייכות דערמיט האט ער געזאָלט אויפקלערען אויך די פראַגע וועגען ציוניסטישען קאָנגרעס און וועגען דער בעציאונג פון יודישען פּראלעטאַריאַט צו דער ציוניסטישער טעטיגקייט. ער האט עס נישט בעוויזען צו טון.

ס'האט זיך אונטערגעבראָכען דער 3־טער יוני 1906. די דומע איז פאנאנדערגעלאזט געווארען און מען האָט זיך א נעם געטון ענערגיש אויסצוראמען די „קראַמאָלע“, וועלכע האט געוועזט שוין צו הויך אויפגעהויבען דעם קאפּ און גערופען פריי און מוטיג צום קאַמף געגען גאַנצען צופוילטען רעזשים. אין דער זעלבער נאַכט וואס אין פעטערבורג זענען פארטריבען געווארען די געוויילטע שלוחים פון פאלק, זענען פאָרגעקומען איבערן גאַנצען לאַנד רעוויזיעס און ארעסטען בײַ פּאָליטישע טוער און אין אַרבעטער אינסטיטוציעס. אויך פּאָלטאַווע האט נישט אויסגעמיטען דעם גורל און צווישען אַנדערע האָט שטארק געליטען די יונגע פּועלי־ציוניסטישע מחנה. נאָך אַ לאנגער, שטרענגער רעוויזיע האָט די פּאָליצײ פארמאַכט די „יעווריסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראניקאַ“, פארחתמעט דעם לאקאַל, ארעסטירט דעם סעקרעטאר פון רעדאקציע באריס ריאבטשינסקי און גלייך דערויף ארעסטירט אויך באראכאָון. פון דער טורמע ארויס בעוויזט נאך באראכאוו דעמזעלבען טאג צושיקען אינסטרוקציעס דעם איינציגען חבר פון צ. ק. וואס איז על פי צופאַל ניצול געווארען פון אַרעסט. ער בעציט זיך ניכטער צו דער געשאַפענער לאַגע, ער איז זיכער, אַז דאס איז אעסק אויף לאַנג און דעריבער פאָדערט ער יענער איבערגעבליבענער צ. ק. מיטגליד, זאל זיך גלייך אפּטראגען פון פּאָלטאַווע און אַריבערפאָרן קיין ווילנא. פון דער נויט מאַכט ער אַ טוגענד און בעשטימט, אַז מען זאל אויסנוצען די געצוואונגענע סיטואַציע און איצט אויספירען דעם בעשלוס פון צוזאַמענפאָר וועגען בכלל איבערטראגען דעם צענטראַלען אַפּאַראַט קיין ליטאַ, אין האַרץ פון די יודישע אַרבייטער־מאסען.

די בעוועגונג האט בעקומען אומדערוואַרטעט אַ שטאַרקען קלאַפּ. מען האט אָפּגעשטעלט דעם צענטראַל ארגאַן, ס'איז איבערגעריסען געווארען דער פּאַרטיי געדאַנק גראד אין אַ צייט, ווען דער פּראלעטאַריאַט האט זיך גענויטיקט אין אויפקלערונג און ווען

די יונגע פארטיי האט געזאלט זאגען איר אייגען ווארט וועגען דעם פּאָליטישען מאמענט און די אויפגאַבען, וואס דער פּראָלעטאַריאַט האָט פאַר זיך.

---

## XIX

באָראָכאָוו איז געווען אין מיטען פון זיין פרוכטבארער אַרבייט. די „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ” האָט, נישט געקוקט אויף איר בעשיידענעם, נישט פּרעטענציעזען נאמען, ארויסגערופען אַ אומגעהויערע פאראינטערעסירונג אין די ווייטסטע קרייזען פון דער יודישער אַרבייטערשאַפט, בפרט באַ די פּועלי-ציון פון גאַנצען לאַנד. דאָס האָט דער אָרגאַן געהאַט צו פאַרדאַנקען אויסשליסליך און בלויז דער „פּלאַטפאָרם”. אויסער דעם דאָזיגען מאמר איז די כראָניק געווען אַ גאַנץ בלאַסער אָרגאַן: אַ פּאָר אומבעדייטענדע אַרטיקלען פון ג. נ אַ ס י ן (נאַסי גרינבערג) איצט אַ אָנגעזעהענער טוער אין דער יודישער „וועלט הילף קאָנפערענץ” אין פּאַריזש.] א ל כ ס נ ד ר (דער פּסעוודאָנים פון דעם שוין דערמאָנטען גרינשפּאָן פלטיאל), „בריוו צו אַרבייטער” פון חבר ז י אַ מ ע (ז. אָסטראָווסקי) און שמועסען פון ריאַדאָוואָי (באָראָכאָוו). אין ערשטען נומער געפינען זיך אויך „אַמעריקאַנער איינדריקען” פון ה ע נ ר י ב ר ו ק ס (אַ. ראובני, דער שפּעטער בעקאַנטער בעלעטריסט, וואָס האָט זיך צו יענער צייט געהאַט נאָר וואס אומגעקערט פון אַמעריקע.) דער גאַנצער זשורנאַל פלעגט מאַכען דעם איינדרוק פון אַ בייכיגער „פּלאַטפארם” אַרומגעשטעלט מיט אַ פּאר קליינע וועווריקעס-אַרטיקלעך פון פאָרענט און פון הינטען. ס'איז אבער געווען די צייט, ווען דער עולם האָט אין זיין אָרגאַן געזוכט דער עיקר אַ תשובה אויף יענע פראַגען פון פּאָליטישען פּראָגראַם, וועלכע האבען אים געמאַטערט, אַ וועג אין לעבען און אין קאַמף. און דאס האט דער לעזער געפונען אין „אונזער פּלאַטפארם”.

באָראָכאָווס נאמען איז געווארען נאך מער פּאפּולער. הגם דאס ווערק איז געווען געחתמעט „פּאסטאָיאַנני”, האבען אבער אַלע געוואוסט, אַז דער מחבר איז באָראכאָוו און מ'האט זיך אָנגעהויבען ציהען צו אים פון אַלע זייטען. אפט פלעגען קומען פון דער ווייטער פּראווינץ אין פּאלטאַווע. זיי דרייען זיך אום אין די אינעווייניגסטע צימערען פון רעדאַקציע פאַרפּירען אַ געשפּרעך און קוקען זיך אום נאָכאַנאַנד, ווען וועט שוין אַריינקומען אויך „ער” אַליין, באָראָכאָוו, כדי זיי זאָלען כאטש כאַפּען אַ קוק אויף אים. און ווי צוטומעלט פלעגען זיי ווערען שפּעטער, דערוויסענדיג

זיך, אז באָראָכאָוו האָט גאָר די גאַנצע צייט זיך געפונען צוזאַ־ מען מיט זיי אין צימער און אַקטיוו אנטייל גענומען אין די גע־ שפרעכען. זיי האבען זיך בשום אופן נישט געקאָנט פאָרשטעלען, אז אַזוי איינפאך און חבריש זאָל זיך אויפפירען אַ לידער, אַ פירער..

באָראָכאָוו האָט זיך נישט בענוגענט מיט רעדאקציע־אר־ בייט, מיט שרייבען. ער האָט נישט נאר דעם אקטיוווסטען אנטייל גענומען אין די בעראַטונגען פון צ. ק. ער האט אויך געהאַלטען כסדר אין אַרומפארען. אט איז ער אין מינסק אויף א ראיאָן־קאָנ־ פערענץ פון צפון־מערבדיגען ראיאן און העלפט דארט צו שאפען אַ ראַיאָנס־קאמיטעט, און אט איז ער אין סמילע און אין טשערקאַס, וואו עס גייט א פארביטערטער קאמף צווישען די סיימיסטען און די באָראָכאָוויסטען אין דער נאָך נישט געשפאָלטענער פועלי־ציון ארגאניזאַציע. באָראָכאָוו טרעט דא אויף אלס חבר נחמיה. נאָך לאַנג פאר זיין קומען שפרייטען זיך וועגען אים לעגענדעס און עס זענען אין גאַנג זיינע געפליגעלטע פאלעמישע ווערטלעך און חרי־ פותדיגע המצאות. און ווען ער קומט צו פארען איילען גאַנצע גרופעס יונגע סטודענטען און פארטיי־חברים פון קיעוו צו הערען תורה פון באָראָכאָוון.

אזוי אָט, אין די הפסקות צווישען איין צ. ק. זיצונג און אַ צווייטער, צווישען איין אַגיטאַציאָנס־טור און אַ צווייטען, שרייבט ער די „פלאַטפאָרם”. ער חזרט זיך אָפט איבער. דאָך איז באַ אים קיינמאָל נישט צו טרעפען סתם אַ איבערחזורונג. יעדעס מאָל איז ער עפּיס מוסיף און נוצט דערצו אויס דעם מאטעריאַל, וועלכען ער האָט נאר וואָס בעאַרבייט צו אַ רעפעראַט און בארירט שוין די פראַגען, מיט וועלכע ער האָט זיך אין לעצטען מאָמענט צונויפ־ געטראָפען בעת די צוזאַמענשטויסען מיט די געגנער.

גלייכצייטיג מיט דער טעאָרעטישער „פלאַטפאָרם” מוז באַ־ ראָכאָוו זיין וואַך אויך צו די פּאָליטישע געשעהענישען אין לאַנד. ס'איז די צייט פון דער ערשטער דומע און דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בעטייליגט זיך צום ערשטען מאָל אין דער לעגאַלער אַרבייט פון אַ מלוכה־אינסטיטוציע; די רוסישע בורזשואַזיע הויבט זיך אן צו דיפערענצירען און פּאָליטיש זעלבסטבעשטימען. די רעגירונג האָט נאָכאַנאַנד געליטען מאָראַלי־ שע קלעפּ פון דער דומע און דאס רופט אַרויס „דעמאָקראַטישע אילוזיעס” ביי דער מיטעלער בורזשואַזיע, ביי די קאַדעטען, וועל־ כע הויבען זיך אבער אָן שנעל אויסצוּוועבען אונטערן איינדרוק פון דער רעגירונגס־פאָליטיק, וואָס איגנאָרירט דעם ווילען פון די שליחי־צבור און זוכט צו פארשטארקען דעם כוח פון דער ביוראָ־ קראַטישער כנופיא. ס'ווערען אַזוי אויך צושטערט די אויפגעקומע־

נע פּאַטריאַרכאַלע אילוזיעס ביים פּשוטען פאָלק פון פויערים און שטאָטישען קליין מענשעלע, וועלכע האָבען געוואָלט געגלויבט מיט אַ אמת, אַז די דומע איז צונויפגערופען געוואָרען, כדי די רעגירונג זאָל זיך קאָנען מיישב זיין מיטן פאָלק און טאַקי פאָלגען זיינע אנווייזונגען... דער ביאַליסטאָקער מיליטערישער פּאָגראָם האָט אויפגעדעקט די קאָרטען פון דער רעגירונגס-פּאָליטיק; מען האט שוין מער נישט געברויכט, ווי אין די צייטען פון קעשענעוו, די סטאַטיסטען פון המון און זייער אויפגעברויזטען „פאָלקס-צאָרען" — מען האט אָן שום שלייער און צודעק אַרויסגעשיקט אין גאס דאָס מיליטער, דעם זיכערסטען אָנשפּאַר און שטיצפּונקט פונם צאַריזם, ער זאָל דערפילען די הייליגע שליחות, פאַרגיסענדיג אומשולדיג יודיש בלוט און אָפציענדיג ווידער אַמאָל די געזעל-שאַפטליכע אויפמערקזאַמקייט אין דער „יודישער" זייט, וואָס עס וועט אָבער לכל הדעות נישט ברענגען צו קיין ערנסטע קאָנפליק-טען אין מלוכהשען פּאָליטישען לעבען. עס צורינען די אילוזיעס און ס'ווערט דייטליכער די ראָל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע בשעת דעם דאָזיגען אויסניכטערונגס-פּראָצעס און בפרט ביים נאָ-הענסטען צוזאַמענשטויס, צו וועלכען ביידע צדדים גרייטען זיך אין דער שטיל און געהיים.

ס'איז נאָר וואָס פאָרגעקומען דער פאַראייניגונגס-צוזאַמענ-פאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואו ס'איז צו-ריק אויפגעשטעלט געוואָרען דער שלום-בית צווישען „מענשע-וויקעס" און „באָלשעוויקעס". דערזעלבער צוזאַמענפאָר האָט אויך אויסגעאַרבייט אַ פּלאַטפאָרם פאר דער געמיינזאַמער אַרבייט פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס פון רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט אין דער איין איינהייטליכער פאַרטיי און דעם פאַראייניגונגס-אָפּמאַך מיטן בונד. די פירער פון דער פאַרטיי האַלטען נאָך אַלץ און שטרייכען עס אונטער אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע, אַז זיי זענען אַנטשידען געגען דעם, דער פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך אָרגאַ-ניזירען לויט דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריגקייט. זיי מישען נאָך אַלץ צונויף די בעגריפען וועגען טעריטאָריע און נאַציע און לייקע-נען דעריבער לגמרי אין די נאַציאָנאַלע רעכט פון נישט טעריטאָריאַלע גרופּען. ס'זענען געמאַכט געוואָרען געוויסע הנחות אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע נאָר כדי צוצוגעבען אַ מער נאָרמאַלען כאַראַק-טער דעם געגענזייטיגען קאַמף פון די אָנהענגער פון די צוויי אָר-גאַניזאַציאָנס-פּרינציפּען.

באָראָכאָוו איז אין קורס פון די אַלע פראַגען; זיינע פּאָלי-טישע לייט-אַרטיקלען צייכענען זיך אויס מיט אַ קלאָרען אַנאַליז פון די כחות-פאַרהעלטענישען אין דער געזעלשאַפט, זיינע סך-הכלען

הצלפען צו אָריענטירען זיך אין די פאַרפלאָנטערסטע ערשיינונגען, און דער פּראָגנאָז אויף אַ ליכטיגען ניצחון פון פּראָלעטאַריאַט איז בעגרינדעט אויף קלאָרע אויסרעכענונגען און רעאַלע פאַקטאָרען, וואָס ווירקען אין לעבען פון דער גאַנצער מלוכה און פון די בעזונדערע סאָציאַלע שיכטען אירע.

דער אַרעסט האָט איבערגעהאַקט די פיבערהאַפטע ריזיגע אַרבייט פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט גראָד איצט געהאַלטען אין אויסברייטערען זיך. ערשט אַ קורצע צייט נאָך פאַר די דערמאָנטע אַנטשיידענדיגע געשעהענישען האָט מען אין פּאָלטאַווע דורך נאָכשפּיאָנירען אַנטדעקט ביי איינעם פון די אנפירענדיגע חברים ע ו ב ד י ה (בן-צבי) פאַרבעהאַלטענעם דינאַמיט און צוגעגרייטע באָמבעס, וואָס האָבען געהערט צו דער גלענצענד און מוסטער-האפט אָרגאַניזירטער זעלבסט-שוץ פון די פּאָלטאַווער פּועלי-ציון. די דורכגעפירטע רעוויזיע און די דערגרייכטע רעזולטאַטען האָבען אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט, בפרט די יודישע בעפעלקערונג. עובדיהן איז געלונגען אָפּצוטראָגען זיך נאָכדעם, ווי מען האָט אַרעסטירט זיינע עלטערן, שוועסטער און ברודער (דער דערמאָנ-טער שוין אַ. ראובני). מען האָט אים געזוכט ענערגיש איבערן גאַנצען לאַנד. און ס'איז געווען קלאָר, אַז ער וועט זיך מוזען גאָר גיך אַריבערפּעקלען קיין אויסלאַנד. דער פרישער אַרעסט פון באָראָכאָוון און דאָס פאַרחתמענען די „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ" האָט אָנגעזאָגט נאָך ערגערע צייטען.

אָבער גראָד באָראָכאָוו דער אַרעסטירטער וועגדעט אָן זיין גאַנצען אויטאָריטעט, כּדי צו שטאַרקען, די איבערגעבליבענע חברים און מונטערט זיי אויף פאָרטצוזעצען ווייטער די אַרבייט. דער מחבר פון דעם דאָזיקען בוך, אַלס איבערגעבליבענער אויף דער פריי מיטגליד פון צ. ק., פאָרט תיכף אָפּ קיין קיעוו, וואו ער טרעפט זיך מיט אַנדערע חברים פון צ. ק. וועלכע געפינען זיך דאָרט. דעם איבערגעבליבענעם מאַנוסקריפּט פון „אונזער פּלאַטפאָרם" שיקט מען איבער קיין סימפערעאָפּאָל אין קרים, אין רעדאַקציע „מאָלאָט" (האַמער), דער אָרגאַן פון קרימער געגענד-קאָמיטעט פון פּועלי-ציון, וואו ער ווערט אויך אָפּגעדרוקט אין נומ. 2 פאַרן חודש יולי 1906. ס'ווערט בעשלאָסען אַריבערצוטראָגען דעם פּאַרטיי-סעקרעטאַריאַט קיין ווילנע און דאָרטען טאַקי אָנהויבען די פּאַרלעגערישע פּאַרטיי-אַר-בייט אין י ו ד י ש. איך בעזוך נאָך לאָדזש, וואו ס'קומט פאָר אַ בעראַטונג מיט די חברים מוליע און וויקטאָר, און מיטן ח' עובדיה, וועלכער איז אַהין ספּעציעל דערצו געקומען, כּדי באַלד דערנאָך אָפּפאָרען קיין אויסלאַנד אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון די פּועלי-ציוניסטישע סטודענטישע ליגעס אין מערב אייראָפּע.

די דאָזיגע בעראַטונג נעמט אָן קאָנקרעטע פּראַקטישע שריט כּדי דורכצופירען דעם בעשלוס וועגען אַריבערפירען קיין ווילנע און אין עטליכע וואָכען אַרום פונקציאָנירט שוין אין ווילנע דער פּועלי־ציוניסטישער פּאַרלאַג „דער האַמער", וועלכער אַנאָנסירט אַלס ערשטע אויסגאַבע באָראָכאָווס „קלאַסען־אינטערעסען און די נאַציאָנאַלע פראַגע" אין יודישער איבערזעצונג און פּאָפּולערער בעאַרבייטונג פון ח' הילל מיימון.

באָראָכאָוו איז אין תּפיסה, דערווייטערט פון פּאָליטישען לעבען און פון פּאַרטייאישער טעטיגקייט. אָבער ער בלייבט נישט אָן אַרבייט. אין פּאָלטאַווער טורמע זענען צונויפגעשלעפּט הונ־דערטער פּויערים צוליב אַגראַר־אומרוהען און מרידות געגען פּריץ אָדער פּאָליציי. ס'איז מער געווען אַ סטיכישע עלעמענטאַרע בע־וועגונג פון אומצופרידענקייט און בונט. ס'האָט דאָ לחלוטין גע־פעלט דאָס קלאָרע בעוואוסטזיין און בעשטימטער פּאָליטישער ציל. באָראָכאָוו דערזעהט פאַר זיך אַ פעלד פון אַרבייט, פון פּאָליטישער אויפקלערונג, ווי בכלל פון וויסענשאַפטליכער פּראָפּאַגאַנדיסטישער טעטיגקייט. און די פּאָלטאַווער צאַרישע טורמע ווערט אין גיכען פאַרוואַנדעלט אין אַ פרייען פּאָלקס־אוניווערסיטעט, וואו באָראָכאָוו, דער טעאָרעטיקער און פירער פון יודישען פּראָלעטאַ־ריאַט זוכט צו העלפען דעם אוקראַינישען פּויער און האָרעפּאַשניק פונאַנדערקלייבען זיך אין זייער נאַציאָנאַלער פראַגע. ער גיט זיי איבער אין די העגט מעכטיגע כּלי זין פון וויסען און מאַרקסיס־טישער וועלט־אַנשויאונג און לערנט זיי ווי אויסצוטרעטען פאַר זיך זעלבשטענדיג מיט אייגענע כּחות אַ וועג צום פרייען אַרביי־טענדיגען און שאַפענדיגען לעבען.

באָראָכאָוו ציט צו צו דער אַרבייט אויך אַנדערע אינטעליגענטע כּחות, וואָס געפינען זיך אין תּפיסה. אין צענטער איז אָבער ער, באָראָכאָוו. נישט נאָר דערפאַר, ווייל ער אַרבייט מער, ווי אַנדערע, און ווייל ער ווייס מער פון אַנדערע. דער עיקר דערפאַר, וואָס ער פאַרמאָגט גראָד דאָס, אין וואָס עס נויטיגען זיך די אוקראַינער: די סאָציאַליסטישע אויפפאַסונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע און די סאָציאַליסטישע לעזונג אירע. באָראָכאָווס שיטה אין דער נאַ־ציאָנאַלער פראַגע ווערט אויפגענומען אייפריג דורך די אוקראַינער און זיי שטודירען זי מיט התמדה. פון טורמע טראָגען זיי זי שפּע־טער אַרויס אין שטורעם פון לעבען. פאַרשפּרייטען זי איבער די ווייטע סטעפּעס און פעלדער און אין אַ סך ערטער בילדען זיך גרויסע גרופּעס אוקראַינישע „באָראָכאָוויסטען". אין 1917 יאָר, נאָך דער גרוי־סער רוסישער רעוואָלוציע, אַז באָראָכאָוו האָט זיך בעוויזען אין אוקרא־ינע, האָט אים די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ אויפגענומען ווי

אַן אַלטען בעקאַנטען, ווי אַן אייגענעם מענשען, וואָס האָט איר אַ סאַך מיטגעהאָלפען ביים אויסאַרבייטען און פאָרמולירען אירע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אויפן יסוד פונם אַלגעמיינעם סאָציאַליסטישען קאַמפס-פּראָגראַם.

באַראָכאָוו איז נישט יוצא מיט דער פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבייט אין תפיסה גופא. ער פאַרגעסט נישט אויף איין רגע, אַז הינטער די טורמע-גראַטעס איז געבליבען אַ יונגע בעוועגונג, וועלכע נויטיגט זיך אין זיין מונטערנדען וואָרט, אין זיין אַלץ אַרומנעמענדיגען געדאַנק. האַלט ער אויף דעם קאָנטאַקט מיט דער פריי און זיצענדיג אין טורמע נעמט ער אַן אַקטיווען אַנטייל אין לעבען פון דער בעוועגונג. ער שרייבט פון טורמע בריוו און אַרטיקלען, און זוכט צו משפיע זיין אויפן גאַנג פון דער אַרבייט, בעפרוכפּערען דעם קאָלעקטיווען פּאַרטיי-געדאַנק.

די חברים זענען זיך משתדל וועגען אַרויסבעקומען באַראָכאָוון אויף ערבות. מען פאַרלאַנגט אַ גרויסע סומע, 1000 רובל. די חברים ווייסען, אַז דאָס געלד וועט שוין גיין לאיבוד. באַראָכאָוו איז אַ געוויסע צייט נישט מסכים דערויף, מען זאָל אַזאַ סומע אויסגעבען אויף „אים". „ס'לוינט נישט". מ'קאָן דערמיט אויפטון אַ סאַך וויכטיגערע אַרבייטען. ס'ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז די פּראָקוראַטור וויל צונויפמישען באַראָכאָווס ענין מיטן פּראָצעס פון עובדיה וועגען געפונענעם דינאַמיט און דאַן קאָן באַראָכאָוו זייער שלעכט אָפּשניידען. באַשליסט מען באַראָכאָוון דורכאויס אַרויסצוקריגען אויף דער פריי. ס'געבען זיך אַ לאָז שליחים אין פאַרשידענע פונקטען און די געפאָדערטע קויציע-סומע ווערט צונויפגעשטעלט. באַראָכאָוו ווערט בעפרייט אויף ערבות. דערווייל פאַרבלייבט ער אונטער פּאָליציייאישער השגחה אין פּאָלטאַווע. אין דער אָרטיגער אַרבייט קאָן ער זיך נישט בעטייליגען, ווייל פּאָליציי לאָזט אים נישט אַרויס פון אויג. דערפאַר אָבער ווערט ער צוריק אַקטיוו אויפן ליטעראַרישען געביט.

אין ווילנע דאַרף אָנהויבען ערשיינען דער יודישער צענטראַל אָרגאַן פון דער פּאַרטיי: „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק", און מען פאַרלאַנגט פון באַראָכאָוון, ער זאָל צושטעלען דעם פּראָגראַמאַטישען לייט-אַרטיקעל, וואָס דאַרף איבערגעבען בקיצור, צונויפגעפרעסט, אָבער מיט פולער קלאָרקייט דעם תמצית פון פּועלי-ציוניסטישען פּראָגראַם. ער דאַרף אויך שרייבען די פּאָליטישע אַרטיקלען. דער זשורנאַל וועט ערשיינען נישט איבעריגס פּינקטליך, איין מאָל אין 2, 3, 4 וואָכען. קאָן נאָך, הייסט עס, באַראָכאָוו בעוויזען אַפילו פון פּאָלטאַווע צושיקען די אַרטיקלען.

און באַראַכאָוו שרייבט. דער פּראָגראַמאַטישער לייט-אַרטיקעל איז קיין ווילנע אָנגעקומען צו שפּעט, ווען דער ערשטער נומער איז שוין געווען אויסגעזעצט. פאַרן צווייטן נומער האָט ער נישט געפּאַסט. א שאָד געווען, דער אַרטיקעל זאָל גיין אין ניוועץ, האָט מען זיך מיישב געווען און אַרויסגעגעבן דעם אַרטיקעל אין בראָשור-פאָרם אונטערן קעפּעל „וואָס ווילען די פּועלי-ציון?" געחתמעט מיט באַראָכאָווס פּסעוודאָנים ד א נ י ן, וועלכען ער האט שוין בענוצט אין דער „כראַניקאָ". דערפאַר אבער האט יאָ בעוויזען אנצוקומען אין צייט זיין פּאָליטישער לייט-אַרטיקעל, וועלכער איז טאָקי אַריין אין נומער, געחתמעט דורך אַ צווייטן פּסעוודאָנים: ב ר - ד ר ו מ א, אַ רמז אויף באראכאָווס געבורטס-אָרט אין דרום.

דער צ. ק. בעשליסט, באַראָכאָוו זאָל פאַרלאָזען פּאָלטאַווע און צוקומען נאָהענטער צום פּאַרטיי-אַפּאַראַט. ער דאַרף אַריבער-פאָרען קיין מינסק, וואו מען קאָן אים ווינציגער, ווי אין ווילנע, וואו ער איז אַ סאַך מאל אויפגעטרעטן און וואו די „אָכראַנקע" אינטערעסירט זיך מער מיט די, וואָס זענען נאָענט צו דער צענטראַלער פּאַרטיי-אַרבייט. ס'נעמט אַ לאַנגע צייט ביז באַראָכאָוו פירט אויס דעם בעשלוס, ווייל ער איז כסדר אַרומגערינגעלט מיט די לעבעדיגע שומרים, וואָס טשאַטעווען נאך יעדען שריט זיינעם ענדליך איז ער אין וועג. ער איז געווען אַ אָפּגעהיטענער, אַן אויסגערעכענטער, נישט זעלטען מגזם געווען ביז קאָמיזם. אים דוכט זיך, אַז פון פּאָלטאַווע אָן שפּירט אים נאָך אַ פאַרשוין און אַז אַלע קוקען אויף אים כסדר מיט פאַרדאַכט. אָט איז ער אויף דער סטאַציע ר אָ מ נ י, וואו ער דאַרף איבערשטייגען אויף אַן אַנדער צוג. ער שפּאַצירט איבערן פּעראָן; דער הויכער זשאַנדאַרם וואַרפט אויף אים שטרענגע בליקען. ס'איז אים, הפנים, פאַרדעכטיג דאָס קליין פּעקעל אונטערן אָרעם. טאָר מען נישט אַוועקגיין, סתם נעמען און ווערען, ווייל דאָס וואָלט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם חשד ביים זשאַנדאַרם. פאַרקערט, מען דאַרף צושטערען דעם חשד. איז באַראָכאָוו נישט פויל און גייט זיך דורך אַ פּאָר מאל הארט פאַרביי דעם זשאַנדאַרם און ווען יענער איז שוין, דוכט זיך, גרייט אים אָפּצושטעלען, גליטשט זיך באַ אים פלוצים, גאַנץ צופעליג, אַרויס זיין פּעקעלע פון אונטערן ארעם, פאַלט אויף דער ברוק און — ס'פּלאַצט נ י ש ט קיין באָמבע! באַראָכאָוו בויגט זיך לאַנגזאַם איין, הויבט אויף דאָס פּעקעלע און קוקט הינטערוויילכטס צום זשאַנדאַרם. יענער איז שוין בערוהיגט. איצט איז ער בעשיימפּערליך איבערצייגט, אַז דער יונגערמאַן, וואס האָט אים געוועסט אויסגעזעהן פאַרדעכטיג, איז אַ גאַנץ לאָיאַלער בירגער און האָט נישט קיין שום שלעכטע כוונות נישט בנוגע אים גופא און נישט בנוגע

דער גאַנצער עקזיסטירענדיגער אָרדנונג. ס'איז נישט ווערט מער צו קוקען אפילו אין זיין זייט. באַראָכאָוו האָט זיך זיינס דערשלאָגען, איצט זוכט ער זיך שוין אויס אַ בעקוועמען ארט אין וואַגאָן און פאָרט אַ בערוהיגטער אַזש ביז מינסק.

דאָ בעזוצט ער זיך ביי איינעם האַלפּערין. יענער קאָן אים נישט און אים פאַלט נישט איין, אַז דאס איז באָראָכאָוו, וועגען וועלכען ער, אַלס ציוניסט, האָט אַ סאַך געהערט. דער שכן אינ-טערעסירט אים פונדעסטוועגען, ווייל עפּיס זיצט ער טאָג און נאַכט על התורה ועל העבודה, נאָר ער לייענט און שרייבט. היינט איז ער בכלל אַזאַ רוהיגער, איידעלער, העפליכער. נו. און אגב קומען צו אים אריין אַ פּאָר מענשען, וועלכע מען קאָן יאָ אין שטאָט פאַר פועלי-ציון. דער בעל-הבית הויבט זיך אָן אָנצושטוי-סען, אַז מ ש ה איז אַ פויגעל, וועלכען מען מוז האַלטען אין שטיי-געלע—מאַכט ער אַ שווייג, אבער ער בעמיהט זיך שוין צו כאַפּען אַ שמועס, ער קוקט זיך צו צו זיינע מידות, צו זיין הילוך און גיט שוין, אגב, אַליין מער אַכטונג, אַז משה זאל נישט וואַרפען זיך אין די אויגען אַנדערע בעזוכער פון זיין הויז. איינמאל פּאַ-סירט אַזאַ מין צופאַל. משה גייט אין גאַס. פלוצים טרעפט אים איינער, אן אמאָליגער אלגעמיינער ציוניסט, וואס רייבט זיך איצט אַרום די פועלי-ציון און אים פאַלט-אויף באָראָכאָווס גאַנג און זיין כאַראַקטעריסטישע קערנדיגע, ברייט-פּלייציגע פיגור. באָראָכאָוו! רופט ער אויס אים גלייך אין פנים און וויל אים אָפּשטעקען אַ ברייטען שלום-עליכם. משה פארלירט זיך נישט אויף קיין רגע. ער קאָן אפילו יאָ דעם יונגענמאַן, ער ווייס אבער, אַז יענער האט אַ לאַנגע צונג און וועט, מן הסתם, באַלד דעם סוד אויספּוי-קען אין דער גאַנצער שטאָט. רופט ער זיך אָן גאַנץ ערנסט: איר וועט מיר מוחל זיין, איר זענט זיך טועה. סטייטש, מאַכט יענער, וואס הייסט איך בין מיר טועה, אז מיר האָבען זיך געטראָפען אויפן לעצטען ציוניסטישען קאנגרעס און מיר האבען צוזאַמען פארבראכט. איר דערקענט מיר נישט, חבר באָראכאָוו? אבער משה קערט זיך פון אים אָפּ: אַנטשולדיגט, איך זעה אייך דאס ערשטע מאל און כ'הויב אייך נישט אן צו קאנען. דער יונגערמאַן איז צו אים מער נישט צוגעשטאנען, ווייל ער האט זיך אָנגעשטוי-סען, אַז באראכאָוו איז דא אינקאגניטא, אבער בסוד און שטילער-הייט האט ער טאקי אַלע זיינע בעקאַנטע דערציילט וועגען דער אומ-גערירכטער בעגעגעניש, וואס ער האט געהאַט אין גאַס.

אין מינסק גופא האט חבר משה נישט גענומען קיין אנטייל אין דער ארבייט פון דער ארגאַניזאַציע, אבער פון ווילנא פלעגען אָפטער קומען צו אים גאַנץ אפט חברים פון צ. ק. אויף זיצונגען

און בעראַטונגען. אַ לענגערע צייט האבען זיך אין מינסק געפֿונען אלכּסנדר חאַשין (בּ. באָרוכסאָן). רחל גאָלדין און אויך דער מחבר פֿון די שורות. פֿלעגט מען גאַנצע טעג און נעכט פֿאַרברענגען ביי באראַכאָוון אין טעאָרעטישע שמועסען און דיסקוסיעס. באראַכאָוו ליגט אויסגעצויגען אויף דער קאַנאַפּע, די חברים — ווער אויף אַ שטול, ווער אויפֿן בעטעל און ווער אויפֿן טיש. באראַכאָוו רעדט. ס'איז נישט סתם אַזוי אַ שמועס; ס'איז אַ לעקציע איבער די גרונט-פּראָבלעמען פֿון מענשליכען דענקען, וועגען די יסודות פֿון דעם פֿילאָזאָפֿישען וועלט-בּעגעמען, וועגען פּראָלעטאַרישער עטיק און ד. ג. פֿאַרגעסט מען אין דער מינוט אַלץ און אַלעמען. ס'אַנטפּלעקט זיך אַ וועלט אַ רייכע, אַ ליכטיגע; אין מוח איז קלאָר און העל און די שטים פֿון לערער-חבר פֿליסט אַזוי זיכער און רוהיג און געלאַסען; אָט שפּרייזט מען איבער פֿאַרפּלאָנטערטע לאַבּירינטען, איבער קרומע, געהיימע און פֿארבאָרגענע שטעגען, וואו ס'זעהט זיך נישט קיין סוף און קיין אויסוועג. איין רגע, און ס'בּליצט אויף אַ פּלאַם, אַן אָריגינעלער איינפֿאַל, אַ טרעפֿליכע דעפֿיניציע, אַ געלונגענע פֿאָרמול — און ס'אָטעמט זיך ווידער לייכט. ווי גוט ס'איז צו הערען תּורה פֿון באָראָכאָוון, צו שטילען ביי זיינע קוואַלען דעם דורשט נאָך וויסען!

---

## XX

דאָ אין מינסק פֿאַרענדיגט באָראָכאָוו די „פּלאַטפֿאָרם". ער איז געבליבען שטיין ביי דער פֿראַגע וועגען דעם אַנטייל פֿון פּראָלעטאַריאַט אינם רעאַליזירונגס-פּראָצעס. איצט פֿאַרעפֿענטליכט ער אין נום. 3 פֿון „פּראָלעטאַרישען געדאַנק" און אין נומער 1 „פֿארווערטס" (1907) דעם סוף פֿון דער „פּלאַטפֿאָרם" אונטערן קעפּעל „די ראָל פֿון אַרבייטער קלאַס אין רעאַליזירונגס-פּראָצעס פֿונם טעריטאָריאַליזם". אין אונזער „פּלאַטפֿאָרם" האָט באָראָכאָוו צוגעשריבען דעם סטיכישען פּראָצעס אַ גאר אַנטשיידענדיגע ראָל און זיין פּראָגנאָז וועגען דער ווייטערער אַנטוויקלונג פֿון יודישען לעבען האט ער געשטיצט דורכאויס אויף דער אנטוויקלונג פֿון סטיכישען פּראָצעס. אין די שפּעטערע יאָרען האָבען זיינע געגנער, און אפילו אין די אייגענע פּועלי-ציון רייען, זייער גאַנצען כּעס אויסגעלאָזען צו אָט דעם סטיכישען פּראצעס; זיי האָבען געטענהט, אַז באָראָכאָוו האָט זיך פֿארלאָזען מיט האַק און פּאַק אויף דעם סטיכישען פּראָצעס, געהייסען, כּלומרשט, זיצען מיט פֿאַרלייגטע הענד און וואַרטען, וואָס וועט ברענגען דער דאָזיגער כּל-יכולדיגער פּראָצעס.

אין דער אמת'ען איז עס די גרעסטע שטות'ערײַ צוצושרײַבען באָראָכאָוון אַזאַ מין פאַטאַליזם. די טעאָריע וועגען סטיכישען פּראָצעס האָט מיט פאַטאַליזם לחלוטין, אָבער לגמרי טאַקי, קיין שום שייכות נישט. אדרבא, באָראָכאָוו, ווי יעדער מאַרקסיסט, האָלט זייער שטאַרק פון דער בעוואוסטזיניגער, אָרגאַניזירטער, מענשליכער טעטיגקייט. ער לאָזט נישט דורך קיין שום געלעגענהייט צו דערמאָנען און אונטערשטרייכען, ווי נויטיג ס'איז אַריינמישען זיך אַקטיוו אין די סטיכיש-פארקומענדע פּראָצעסען און זיי בעאיינפלוסען. וועגען וואָס זשע גייט דאָ אים, בעת ער רוקט תמיד ארויס אויפן ערשטען פּייער דעם סטיכישען פּראָצעס? פשוט און איינפאַך: באָראָכאָוו לערענט אונז, אַז וואָס שייך געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען, צי געשעהענישען, טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזען אויפן אייגענעם סוביעקטיווען פארלאַנג און ווילען, נאָר מען מוז זיך תמיד רעכענען מיט די אָביעקטיווע כחות פון דער געשיכטליכער אַנטוויקלונג, וואוהין פירען זיי און וואָס אַזוינס זאָגען זיי פאָר. דער סטיכישער פּראָצעס — דאָס איז יענער פּראָצעס פון לעבען, וואָס קומט פאר אומאָפּהענגיג פון אונזער ווילען און אפילו געגען אונזער ווילען. אָבער קוים ווייסען מיר יאָ די ריכטונג פון דער אביעקטיווער סטיכישער אַנטוויקלונג, קאָנען מיר שוין גרייליך אויך אַ היבש ביסעל אויפטון פאַרשטייט זיך, אַז אויך אין דעם פאַל קאָנען מיר זיך נישט אָוועקשטעלן געגען דעם סטיכישען גאַנג פון די געשעהענישען און אים אויף צופּוקעניש טון עפּיס, וואס איז פּונקט דער היפּוך פון דעם, צו וואָס ער פירט. סיי ווי, מיר וועלען בלייבען ביים נאָר, אַמער גארנישט אָנהויבען אַזאַ שפּיל.

פאַרקערט, אָבער, קאָנען מיר מיטהעלפען דעם סטיכישען פּראָצעס אין דער ריכטונג, אין וועלכער ער אַנטוויקעלט זיך סיי ווי אָביעקטיוו, און קאָנען אפּראַמען פון וועג פאַרשידענע מניעות און שטרויכלונגען, פאַרצוימונגען און כל-ערליי נישט פאָראויסגעזעהענע שלעק. בעפרייען די כחות פון אַנטוויקלונג — דאָס איז דורכאויס אין אונזער מעגליכקייט און אין אונזער רשות. מיר קאָנען נישט פאַרבייטען דעם סטיכישען פּראצעס, אונטערדרוקען אונזער טעטיגקייט אָנשטאָט אים און שאַפען דאָס, וואָס ס'איז, אייגענטליך זיין עובדא. אַזאַ געדאַנק פאַרוואַרפט באָראָכאוו אַ פּריאָרי. פון אים וויל ער אפילו נישט הערען. ס'איז אוטאָפּיזם, אָדער, וואָס נאָך ערגער — אַוואַנטוריזם. דאָס קאָן זיין אַן עסק פאַר איינעם אַ פאַרשוין, צו פאַר סתם אַ חברה, וואָס ווילען זיך, צי אַנדערע אָפּנאַרען און מאַכען דעם אָנשטעל, אַז מען גייט ,כביכול, שאַפען אַ יש מאין. אַ פּאָלי-

טישע פאַרטיי דאַרף אויסמיידען אַזעלכע איינרעדענישען און מוז זיך סומך זיין אין איר גאַנצער בעוואוסטזיניגער טעטיגקייט נור און אויסשליסליך אויפן סטיכישען פראָצעס פון דער אָביעקטיווער אַנטוויקלונג. נישט אַרויסרופען אים קינסטליך און נישט סימולירען אים, נאָר רעגולירען אים דאַן, ווען ער איז שוין פאַראַן במציאות.

שטעלט זיך די פראַגע אין קאָנקרעטען פאַל ביים רעאַליזי-רען דעם טעריטאָריאַליזם: וואָס און ווי אַזוי קאָן די געזעלשאַפט-ליכע טעטיגקייט רעגולירען אין דעם דאזיגען סטיכישען פראָצעס? דערביי מוזען מיר געדענקען, אַז אין תּוך האָבען מיר צו טון מיט צוויי טעריטאריאַליסטישע בעוועגונגען: מיטן בירגערליכען ציוניזם און מיטן פראָלעטאַרישען ציוניזם. וואָס זשע איז די ראָל פון יע-דען איינעם פון זיי אין די סטיכישע פראָצעסען פון דער יודישער דינאַמיק? פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז די רעד וועגען פראָצעסען, וואָס קומען פאָר אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. וועלען מיר אונטערשידען צווייערליי מאָמענטען: שאַפענדע און בע-פרייענדע. דער אמת איז, אַז אין לעבען איז נישט אַזוי לייכט אָפּטיילען איין מאָמענט פון צווייטען, דאָך מוזען מיר עס טון, כדי צו וויסען קלאָר אויף וועלכער וועלט מיר זענען. ובכן: „אַנט-וויקלען און אָנזאַמלען די פראָדוקטיוו-כחות, שאַפען נייע קאָמבי-נאַציעס פון נייע מאַטעריעלע עלעמענטען, קאַפּיטאַליזירען די געזעלשאַפט — דאס זענען אַלץ שאַפענדע מאָמענטען פון דער היינטיגער עוואָלוציע. שאַפען פרייע בעדינגונגען פאַר דער אנטוויקלונג פון די פראָדוקטיוו-כחות, דעמאָקראַטיזירען די געזעלשאפט — דאָס ווידער, זענען די בעפרייענדע מאמענטען פון דער היינטיגער עוואָלוציע. אי די, אי יענע זענען סטיכישע. דאָך לאזען זיי זיך רעגולירען. די בורזשואַזיע רעגולירט די שאַפענדע מאָמענטען פון די סטיכישע פראָצע-סען; דער פראָלעטאַריאַט רעגולירט די בעפרייענ-דע מאָמענטען פון די סטיכישע פראָצעסען". אויף אונזער לשון: מיט דער קאַפּיטאַליזירונג פון דער געזעלשאַפט פירט אָן די בורזשואַזיע; פאַר דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער געזעלשאַפט קעמפט דער פראלעטאַריאַט.

ווי געזאָגט, איז אין לעבען שווער אָפּצוטיילען די ביידע מאמענטען איינס פון אַן אַנדער, ממילא קאָן מען נישט אָפּגרעני-צען אזוי שאַרף די טעטיגקייטס-געביטען פון דער בורזשואזיע און פון פראָלעטאַריאַט. די בורזשואַזיע, אַ שטייגער, איז אין אַ געווי-סער מאָס אויך פאַראינטערעסירט אין דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער געזעלשאַפט, זי מישט זיך אפילו אַריין אין אט דעם פראָצעס,

אָבער אין דער ספערע איז איר ראָלע אַ קנאַפּע און אַ נישטיגע. די הויפּט פידעל שפּילט דאָ דער פּראָלעטאַריאַט. דאָסנעמליכע דאַרף געזאָגט ווערן מכּח דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו-כּחות און קאַפּיטאַליזירונג פון דער געזעלשאַפט. די אָרגאַניזירענדע ראָל געהערט דאָ אינגאַנצען דער בורזשואַזיע, הגם דער פּראָלעטאַריאַט איז אין דעם פאַראינטערעסירט אַ סאַך טיפער און קאָנסעקווענטער, ווי זי. ס'איז נישט זיין אַרבייטס-פעלד, ווייל אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט ווערט אַרבייט אָרגאַניזירט דורך דער בורזשואַזיע. ערשט דאַן, ווען ס'וועט דערגרייכט ווערן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, וועט ע ר אָרגאַניזירן געזעלשאַפטליך די אַרבייט; ביז יענער צייט אָבער מישט זיך נישט אַריין דער פּראָלעטאַריאַט, ווי אַ קלאַס, אין דער ספערע פון רעגולירן שאַפנדע מאָמענטען. ס'איז, למשל, נישט די אויפגאַבע פון אַרבייטער קלאַס צו קימערן זיך וועגן גראָבן קאַנאַלען אָדער דורכפירען אייזנבאַנען און ד. גל.; דערפאַר אָבער האָט ער יאָ צו זאָרגען וועגן די בעפרייענדע מאָמענטען, אַז ביי דער אַרבייט זאָל איינגעפירט ווערן דער אַכטשעהדיגער אַרבייטס-טאָג, אָדער ס'זאָל פעסטגעשטעלט ווערן אַ ביליגער באַן-טאַריף. דעסגלייכען ווען מיר רעדען וועגן קאָלאָניזאַציע-ענינים, איז קלאָר, אַז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט האָט דער פּראָלעטאַריאַט לגמרי נישט צו טון מיטן מעטאָד פון קאָלאָניזאַציע, ווייל דאָס איז שייך צו די שאַפנדע מאָמענטען, צו דער אָרגאַניזירונג פון דער פּראָדוקציע, מיט וואָס עס פאַרוואַלטעט די בורזשואַזיע; דער פּראָלעטאַריאַט, ווידער, קאָן אַרויסשטעלען פאָדערונגען בנוגע איינאָרדענען די פאַרמעגענס און רעכטס-בעציהונגען ביי דער קאָלאָניזאַציע — דאָס איז שייך צו זיין ווירקונגס-ספערע.

איבערגייענדיג דירעקט צו דער רעאַליזירונגס-פראגע אין שייכות מיט פּאַלעסטינאַ, ווייזט באָראָכאָוו אָן, אַז דאָ זענען די ווירקונגס-ספערען פון דער בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט אין תּוך דיזעלבע, וואָס ביי יעדען אַנדערען סטיכישען פּראָצעס אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. דער פּראָצעס פון קאַפּיטאַליזירונג אָדער פון אָנזאַמלונג פון די פּראָדוקטיוו-כּחות דריקט זיך אויס אין דער פאַרמערונג פון די יודישע איינוואַנדערער און ישובים אין פּאַלעסטינאַ, אין דער ווירטשאַפטליכער אַנטוויקלונג פונם לאַנד, אין דער בעאַרבייטונג פון זיינע נאַטור-רייכטימער און אויפשטייג פון טעכניק. דאָס איז אַ פּראָצעס אַ ש אַ פ ע נ ד ע ר אין דעם זין, וואָס ער בעשאַפט דעם אינהאַלט און די מאַטעריעלע באַזע פון דער קינפטיגער אויטאָנאָמער יודישער געזעלשאַפט. די יודישע בורזשואַזיע מישט זיך אַריין אין אַט דעם סטיכישען שאַפענדען

שטראָם פון געשעהעענישען און זוכט אים צו אָרגאַניזירען אין הסכם מיט אירע צילען. אין דעם טאַקי בעשטעהט די אויפגאַבע פון בורזשואַזען ציוניזם און פון ציוניסטישען קאָנגרעס — רעגולירען די איבערוואַנדערונג פונם יודישען קאַפּיטאַל נאָך פּאַלעסטינאַ און פאַרגרינגערען זיין אַנזאַמלונג און אַנטוויקלונג אינם לאַנד. דער דאָזיגער פּראָצעס פון עקאָנאָמישער אויטאָנאָמיזירונג פון יודישען לעבען אין פּאַלעסטינאַ וועט זיך אָבער כסדר אָנשטויסען אויף דעם ווידערשטאַנד מצד די אַלטע לעבענס-פאָרמען סיי אין גלות בפרט אין פּאַלעסטינאַ. וואָס מער אָפּגעשטאַנען און רעאַקציאָנער ס'איז די פּאָליטישע סטרוקטור פון די אויסוואַנדערונגס-לענדער, וואָס מער אזיאַטיש עס זענען די לעבענס-פאָרמען אין פּאַלעסטינאַ גופא — אַלץ לענגער וועט אָפּגעהאַלטען ווערען, אַלץ קרענקליכער וועט פליסען דער פּראָצעס פון דער עקאָנאָמישער אויטאָנאָמיזירונג. וועט, בכן, כסדר וואַקסען די בעדערפעניש צו בעפרייען דעם סטיכישען פּראָצעס פון יענע בעדינגונגען, וואָס פאַרהאַלטען אים, די בעדערפעניש צו דעמאָקראַטיזירען דאס לעבען סיי דאָ, סיי אין פּאַלעסטינאַ. אַזא בעדערפעניש וועט טאַקי זיין ביי פאַרשידענע קלאַסען, אָבער אַם מערסטען אַקטיוו וועט זי זיין ביים פּראָלעטאַריאַט, ווייל ער איז מער ווי אַלע אַנדערע פייהיג אקטיוו און זעלבשטענדיג צו שמידען זיין גליק, ווייל ער נעמט אויף זיך בעוואוסטזיניג צו רעגולירען אַלע בעפרייענדע פּראָצעסען פון אונזער לעבען, ווייל ער איז אַם מערסטען פייהיג צו אָרגאַניזאַציע און דיסציפּלין און ממילא האָט ער די גרעסטע מעגליכקייט צו קעמפען פאַר דער בעפרידיגונג פון זיין דאָזיגער בעדערפעניש. דער פּראָצעס פון בעפרייאונג — וואָס אין זיין רעזולטאַט וועט זיך אויך בעקומען די פּאָליטישע טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע — ווערט רעגולירט הויפּטזעכליך דורך דער טעטיגקייט פון פּראָלעטאַריאַט און, נעמליך, דורך זיין קלאַסען-קאַמף.

באָראָכאָוו טרעט דאָ ווידער אויף געגען די ס. ס. און סיימיסטען, וועלכע בעטראַכטען דעם טעריטאָריאַליזם, ווי די בעשאַפונג פון אַ נייער יודישער געזעלשאַפט. אַזא אויפגאַבע האַלט ער פאַר אַ אונמעגליכע פאַרן פּראָלעטאַריאַט, ווייל אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז דער פּראָלעטאַריאַט נישט בכח צו שאַפען עפּיס-וואָס. בכלל איז אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט די סטיכישקייט מיט אירע ווילדע סתירות מכריע די בעוואוסטזיניגקייט, — איז בכלל אַ שטות צו שטעלען זיך אַן אויפגאַבע: שאַפען אַ נייע געזעלשאַפט, אפילו שאַפען די בע-

דינגונגען פאַר דער אַנטשטייאונג פון אַזאַ געזעלשאַפט. אין תוך איז עס דאָסזעלבע. קוים זענען פאַראַן אַלע בעדינגונגען, איז שוין דערמיט אַלץ פאַראַן.

לגבי באָראָכאָוון איז דער טעריטאָריאַליזם אַ פּאָליטישע פאָדערונג. אין פולען הסכם מיטן מאַטעריאַליסטישען בליק אויף דער געשיכטע, וועט די עקאָנאָמיש-אויטאָנאָמע יודישע געזעלשאַפט זיין דער יסוד, דער באַזיס, אויף וועלכער ס'וועט ערשט שפּעטער, צום סוף, זיך ערהויבען דער בנין פון דער פּאָליטישער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. דער טעריטאָריאַליזם אַלס עקאָנאָמישע איבערקערעניש, אַלס די בעשאַפונג פון אַ נייער געזעלשאַפט איז די אויפגאַבע פון סטיכישען פּראָצעס און אים רעגולירט טיילוויז, ס'הייסט נור די איינצעלהייטען, די בורזשואַזיע דורך דעם אַלגעמיין ציוניסטישען קאָנגרעס. די אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט איז, דער טעריטאָריאַליזם, אַלס אַ בעפרייענדער פּאָליטישער פּראָצעס, ווי אַ דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע אין יודישען לעבען, וואָס וועט פאַרווירקליכט ווערען נור דורכן קלאַסען-קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט. אָנצופירען אָט דעם קאַמף איז די אויפגאַבע פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. פּועלי-ציון.

„אַ גרויסען טעות, דערקלערט באָראָכאָוו, האָט יענער, וואָס שרייבט אונז צו דעם רוף צו עמיגרירען קיין פּאַלעסטינאַ. דאס לאָזען מיר איבער פאַר דעם סטיכישען פּראצעס: מיר רופען דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט מיטצוהעלפען דעם אַלעם, וואָס פאַרגיכערט און פאַרגרעסערט די קאָנצענטרירטע יודישע וואַנדערונג קיין פּאַלעסטינאַ — דיזען וויכטיגסטען סטיכישען פאַקטאָר ביי דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם און צו קעמפען געגען דעם אַלעם, וואָס שטערט און דריקט די דאָזיגע איינוואַנדערונג. מיר רופען אים צו זעלבסטשטענדיגקייט אין אַלע אירע געשטאַלטען, צו דער אַנטוויקלונג און פאַרטיפונג פונם קלאַסען בעוואוסטזיין, צום קלאַסען-קאַמף. דאָס איבעריגע וועט ממילא צוקומען אַ דאַנק די סטיכישע טענדענציעס פון דער יודישער דינאַמיק. אונזער רוף צום טעריטאָריאַליזם איז דער רוף צום קלאַסען-קאַמף; אונזער רוף צום סאָציאַליזם איז אויך דאָסזעלבע”.

דאָ רירט באָראָכאָוו אָן נאָך איינעם פון די ווינקעל-שטיינער פון פּועלי-ציוניזם, נעמליך, די אַלוועלטליכקייט. „הגם אַ צוזאַמענגעבונדענער מיט דער ברייטער מאַסע פון דער קליינבורזשואַזיע, וועט דאָך דער יודישער פּראָלעטאַריאַט אין זיין גאַנצער טעריטאָריאַליסטישער אַרבייט זיין פונדעסטוועגען לגמרי זעלבשטענדיג. צוזאַמען מיט דעם, ווי ס'וועט בכלל סטיכיש אַרי-

בארגעטראָגען ווערען דער שווער-פונקט פונם יודישען לעבען אין גלות קיין פּאַלעסטינאַ, וועט אַהין ביסלעכווייז זיך אַריבערטראָגען אויך די סטראַטעגישע באַזע פון דעם קעמפענדען יודישען פּראָלעטאַריאַט. דער יודישער פּראָלעטאַריאַט אָרגאַניזירט זיך סטיכיש אין דעם אַנטוויקלונג-פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט און פאַראייניגט זיך דערביי, אָפּגעטיילט פון די אַרבייטער פון אַנדערע נאַציעס, אין בעזונדערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. די סיבה פאַרוואָס דער יודישער אַרבייטער קלאַס אָרגאַניזירט זיך בעזונדער איז דאָס, וואס עקאָנאָמיש איז זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אַ בעזונדערע — אַ איזאָלירטע. היות ווי די עקאָנאָמישע איזאָלירונג פונם יודישען לעבען שטייגט — פאַרשטאַרקט זיך מחמת דעם אויך די בעדערפעניש אין א בעזונדערער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. און היות ווי די דאָזיגע איזאָלירונג פאַרשפּרייט זיך אויף דער יודישער ווירטשאַפט אין אַלע גלות לענדער, און אומעטום ווערט אַרויסגערופען די אייגנאַרטיגע אַלוועלטליכע יודען-פראַגע — דעריבער אַנטשטייט די בעדערפעניש צו פאַראייניגען די יודישע פּראָלעטאַריער פון אַלע גלות-לענדער אין איין אַלוועלטליכער אָרגאַניזאַציע".

דאָס איז נאָך ווייט נישט אַלץ. ביז אַהער איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען בלויז די ענליכקייט פון די בעדערפענישען ביי די יודישע אַרבייטער פון פאַרשידענע לענדער. דאָס איז נאָך נישט קיין יסוד פאַר אַ געמיינזאַמער אָרגאַניזאַציע. ס'מוז נאָך קומען דער געמיינזאַמער אינטערעס צו טון עפּיס בשותפות, די געמיינזאַמע פאַראייניגטע אַקציע. און באָראָכאָוו איז מוסיף: „היות ווי די סטראַטעגישע באַזע פון דעם יודישען אַרבייטער קלאַס איז אומעטום גלייך אומנאָרמאַל, אומעטום גלייך אומבעפרידיגט, פאָדערט אומעטום פון דעם יודישען אַרבייטער אַ צו גרויסע כחות-פאַרשווענדונג אינם קאַמף, און איז אומעטום גורם דערצו, אַז דער קאַמף זאָל זיין אומפּראָדוקטיוו; היות ווי די עמיגראַציאָנס פּראָצעסען אינם יודישען לעבען בערירען אַלע יודישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער און דער סטיכישער פּראָצעס פון דער קאָנצענטרירונג פון די יודישע עמיגראַנטען אין פּאַלעסטינאַ טראָגט אַהין אַריבער דעם שווער-פונקט פונם גאַנצען יודישען לעבען — אַ דאַנק דעם אַלעם וואַקסען אויס אין שייכות צו דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינאַ גלייכע טיף-סאָלידאַרע און געמיינזאַמע אויפגאַבען פון אַן אַלוועלטליכער אָרגאַניזאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט.

באָראָכאָוו האָט, ווי ווייט אונז איז בעקאַנט, דער ערשטער פאָרמולירט און בעגרינדעט דעם געדאַנק וועגען דער איינהייטליכער

אָרגאַניזאַציע פון יודישען אַרבייטער קלאַס אין גאָר דער וועלט. דער געדאַנק סתם, אין אַן אַבסטראַקטער פאָרם איז אפשר יאָ בעריַרט געוואָרען נאָך פריער דורך אַנדערע טעאָרעטיקער פון ציוניסטישען סאָציאַליזם. באָראָכאָוו איז אָבער דער ערשטער, וואָס ברענגט אַרויס זיין מאַטעריעלען יסוד און זיין פּאָליטישען פּראָלעטאַרישען אינהאַלט. „קיין שום יודיש-פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, זאָגט באָראָכאָוו, האָט זיך ביז איצט נישט געשטעלט די אַלע היס-טאָרישע אויפגאַבען, און טאַקי דעפאַר און אָט טאַקי צוליב דעם אָרגאַניזירען פועלי-ציון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט אין גלות און אין פּאַלעסטינאַ". „די אָרגאַניזאַציע פון יודישען פּראָלעטאַריאַט פאַרטיידיגט אַלע זיינע אינטערעסען — אומעטום, וואו זיי וואַק-סען אויס. דערפון טאָר מען אָבער נישט דרינגען, ווי ס'טוען די ס. ס., אַז היות ווי דער יודישער פּראָלעטאַריאַט האָט אַרויסצו-שטעלען ספּעציעלע בעזונדערע פאָדערונגען און לאָזונגען, דאַרף, בכן, אויך זיין קלאַסען-קאַמף אננעמען בעזונדערע פאָרמען. „פאָרמען פון פּאָליטישען קאַמף זענען אָפּהענגיג נישט פון די קאָנקרעטע לאָזונגען און צילען, נאָר פון די רעאַלע פאַרהעלטעניסען פון די געזעלשאַפ-טליכע כחות. ס'ווענדט זיך אָן דעם, אויף וויפיל גרינג אָדער שווער ס'איז אין בעשטימטען מאָמענט צו דערגרייכען אַ בעפרי-דיגונג און, פאָלגליך, אָן דעם, וואָס פאַר אַ כחות-אָנשטרענגונג און וואָס פאַר קאָמבינאַציעס פון זיי ס'פאָדערט זיך צוליב דעם קאַמף. די לאָזונגען, אָבער, זענען אָפּהענגיג פון די אנ-רייפענדע בעדערפעניסען ביי דעם אַרבייטער-קלאַס". הייסט עס, אַז אַריינטראָגענדיג אין אונזער פּראָגראַם נייע פונקטען, נייע און בעזונדערע פאָדערונגען, זענען מיר גאָר נישט מחויב אויסצוטראַכטען צוליב זיי וועלכע עס איז בעזונ-דערע פאָרמען פון קלאַסען-קאַמף". „מיר מאַכען פולער אונזערע לאָזונגען און אונזער פּראָגראַם, מיר טראָגען אָבער נישט אַריין קיינע שינוים אינם קלאַסען-קאַמף".

„אָן פּאָליטישע גאַראַנטיעס איז אוממעגליך אַ ברייטער שטראָם פון דער זיך קאָנצענטרירענדער איינוואַנדערונג און אַ פרייע אַנטוויקלונג פון דער יודישער ווירטשאַפט אין פּאַלעסטינאַ. פּאָ-ליטישע גאַראַנטיעס ווערען דערגרייכט דורכן פּאָליטישען קאַמף. אייניגע פון זיי ווערען דערגרייכט שוין דורכן קאַמף דאָ, אין גלות, און אייניגע וועלען דערגרייכט ווערען נור דורכן קאַמף דאָרט". נמצא, אַז דער קלאַסען-קאַמף פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט איז דאָס וויכטיגסטע אָרגאַניזירענדע געווער, וואָס העלפט בכלל דער בעוואוסטזיניגער טעריטאָריאַליסטישער טעטיגקייט זיך אַרויס-

צובצווייזן. דורכן פּאָליטישען קאַמף פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט ווערען בעשאַפען די רעכטליכע גאַראַנטיעס און פּרייהייטען, ד. ה. אומדירעקט רעגולירט זיך די יודישע איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינאַ; דער פּאָליטישער קאַמף פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט, אַלזאָ, ווערט רעגולירען די בעפרייענדע מאָמענטען פון דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם.

וואָס שייך ווידער דעם עקאָנאָמישען קאַמף, האַלט באָראָכאָוו שוין דאַן, אַז די יודישע אַרבייטער קאָנען דורך אים אין אַ געוויסער מאָס אַפילו דירעקט רעגולירען די איינוואַנדערונג פון דער יודישער אַרבייטס־קראַפט אין פּאַלעסטינאַ, אָט ווי אַזוי: „וואָס מער עס ווערט רייף ווערען די בעדערפעניש אין אַן אַל־וועלטליכער אָרגאַניזאַציע פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט, ווערט זיך אַרויסווייזען אויך די בעדערפעניש צו פאַראייניגען אַלע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פונם יודישען אַרבייטער־קלאַס אין איין אַל־וועלטליכער גאַנצקייט. עס וועלען זיך פאַראייניגען איינער מיטן צווייטען די יודישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פאַרשידענע לענדער און וועלען איינער דעם אַנדערען אונטערשטיצען מיט וואָס נאָר מעגליך, אָט דיזע פאַראייניגטע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אויסברעננגענדיג אַ טייל פון זייערע מיטלען אויף צו פאַרבעסערען די לאַגע פון זייערע מיטגלידער אויף די ערטער, וועלען דעם אַנדערען טייל פון זייערע מיטלען בענוצען אויף צו פאַרגרינגערען פאַר זייערע מיטגלידער דאָס אַריבערפאָרען קיין פּאַלעסטינאַ, ד. ה. זיי וועלען גרינדען פאָנדען פאַר די עמיגראַנטען, אינפאָרמאַציאָנס און סטאַטיסטיק־ביוראָען, קאָנטאָרען אויף אויסזוכען אַרבייט און ד. גל. מיט דער צייט וועלען זיי זיין געצוואונגען צו עפענען אַפילו זייערע אָפּטיילונגען אין פּאַלעסטינאַ, כּדי אַזוי אַרום בעסער צו ערפילען זייערע פונקציעס".

ווי מיר זעהען, צייכענט דאָ באָראָכאָוו אָן אין אַ גרויסער מאָס די אויפגאַבען פון דעם שפּעטער געשאַפענעם פּאַלעסטינאַ־אַרבייטער־פאָנד, דאָס דערווייזט נאָר, אַז באָראָכאָוו האָט אויפגעפאַסט דעם פועלי־ציוניזם, ווי אַ האַרמאָנישע, סינטעטישע גאַנצקייט און בעצייטענס בעזאָרגט די אָרגאַניזאַציע פונם יודישען אַרבייטער־קלאַס מיט אַלע נויטיגע כּלי־זיין אויף אַלע פאַרשידענע געביטען פון זיין קלאַסען־טעטיגקייט סיי אין גלות און סיי אין פּאַלעסטינאַ. דאָ, אגב, שטרייכט ער אונטער, אַז די זעלבשטענדיגע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט וועלען טיילווייז רעגולירען די שאַפענדע מאָמענטען פון דער רעאַליזירונג פונם טעריטאָריאַליזם. אָבער די הויפּט־אויפגאַבע אין דעם רעגולירען פון די דאָזיגע מאָמענטען פאַלט, ווי שוין אָנגעוויזען, אויף דער בורזשואַזיע.

באַראָכאָוו וואָרענט, מען זאָל נישט מאַכען קיין אויסנאַם פאַר קאָלאָניזאַציאָנס-פּראָצעסען, אַז פּלומרשט דאָרטען איז דער סטיכישער פּראָצעס אַ ביסעל נאָכגעבעוודיגער, און די קאָלאָניזאַציע קאָן פאַרווירקליכט ווערען נור ביים בפיוונדיגען אַריינמישען זיך פונם אָרגאַניזירטען געזעלשאַפטליכען רצון. ס'איז אַ שעדליכער טעות צו מיינען, אַז מען דאַרף איינאָרדענען נור די ערשטע טריט אינם ענין פון דער יודישער קאָלאָניזאַציע, מען דאַרף פּלאַנמעסיג און בעוואוסטזיניג דורכשלאָגען אַ וועג, און דערנאָך וועט זיך שוין ממילא אָנהויבען דער סטיכישער פּראָצעס פון קאָלאָניזאַציע אין אַ ברייטען מאַסשטאַב. די מלוכה-מאַכט שטעלט מיט זיך געוויס פאָר איינע פון די מעכטיגסטע פאָרמען פון אָרגאַניזירען דעם געזעלשאַפטליכען רצון. אָבער אין דיזער פאָרם, אַ האָר נישט ווייניגער, ווי אין יעדער אַנדערער, זעהט זיך אַרויס דער סטיכיש-אַנטאַגאָניסטישער כאַראַקטער פון די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטנישען. ערהויבענדיג זיך איבער דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער סטרוקטור, שפּיגעלט אָפּ אין זיך די מלוכה אינגאַנצען די דיסהאַרמאָניע פון דער ערשטער, און איר טעטיגקייט און גורל זענען אויך סטיכישע, פּונקט ווי איר יסוד איז סטיכיש. דעריבער טאַקי איז זי ביכולת נור צו רעגולירען די סטיכישע פּראָצעסען, אָבער נישט זיי אימפּראָוויזירען. „די קאָלאָניזאַציע איז ביז איצט תמיד געווען אָפּהענגיג, נישט פון ווילען און חשבונות פון דער רעגירונג, איר ערפאָלג, אָדער אומערפאָלג פלעגט שטענדיג בעשטימט ווערען, אומאָפּהענגיג פון דער מלוכה-ווירקונג, דורך די סאָציאַל-עקאָנאָמישע בעדינגונגען פון די איינוואַנדערונגס-לענדער און דורך דער סאָציאַל-עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער אויסוואַנדערענדער מאַסע".

---

## XXI

איצט קאָן שוין באַראָכאָוו בעשטימען זיין בעציהונג צו די בורזשואַזע ציוניסטען. „מיר וועלען קעמפען געגען אַלע טראַדיציעס פון הערצלס טשאַרטעריזם. פון דער צווייטער זייט וועלען מיר קעמפען געגען דער פּאָליטיק פון דער ציוניסטישער קאָנספּיראַציע, וועלכע האָט בדעה אונטערערדישע פאָרמען פון „פאַרכאַפּען" פּאַלעסטינאַ דורך שפּיצזיניגע פּלענער, צוגלייך אויך געגען דער קאָנספּיראַטיווער דיפּלאָמאַטיע, מיט וועלכע ס'פאַרנעמען זיך נאָך אַלץ די ציוניסטישע רעדעל-פירער, פירענדיג פאַרן נאָז די לייכטגלויביגע פאָלקס-מאַסע און אָפּנאַרענדיג זיך זעלבסט. דערפון איז אָבער נישט געדרונגען, דאָס די חובב-ציונדיגע פּאָליטיק פון

„קליינע אַרבייט” וועט אין אונז געפינען אַ פריינד — פאַרקערט, ס'איז נישטאָ נאָך אַ זאַך, וואָס זאָל אונז זיין מער פיינדליך און העסליך. האַלטענדיק, דאָס די אויפגאַבע פון די בורזשואַזע ציוניס-טען איז צו רעגולירען דעם סטיכישען פראָצעס פון דער קאַפי-טאַליזירונג פון פאַלעסטינאַ דורך דער יודישער איינוואַנדערונג, ווע-לען מיר אונטערהאַלטען דאָס אַלץ, וואָס האַרמאָנירט מיט דיזער אויפגאַבע”. באַראַכאָוו רעכענט אויס די ברייטע טעטיגקייטס-ראַמען פון ציוניסטען קאָנגרעס, ווי פאַרגרינגערען און פאַרגיכערען די איבערוואַנדערונג פון קאַפּיטאַל אין פאַלעסטינאַ, אויפשטעלען די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען אויף מאָדערנע טעכנישע יסודות און אויפן באָדען פון דער פרייער געזעלשאַפטליכער איניציאַטיוו, איינאָרדענען ערפאַרונגס-סטאַציעס און מוסטער-ווירטשאַפטען, אָרענ-דע פון ציינזען און ד. ג. „געגען דער מלוכה-אַפּוטרופּסות און פילאַנטראָפּיע, פאַר דער פרייער געזעלשאַפטליכער איניציאַטיוו — אָט איז אונזער טאַקטיק בנוגע דער רעאַלער אַרבייט פון קאָנגרעס אין פאַלעסטינאַ”. ער זוכט נישט ביים קאָנגרעס קיין נאַציאָנאַלען אידעאַליזם. ער קוקט אויף אים אַ סאַך רעאַלער. „מיר וועלען שטרעבען צו דעם, אַז די ציוניסטישע טעטיגקייט פון דער בור-זשואַזיע זאָל טראָגען אַ העל-אויסגעדריקטען, נישט-פאַרמאַסקירטען פּראַקטישען קאָמערציעלען כאַראַקטער. אויפן באָדען פון גינסטי-גען סטיכישען פראָצעס וועט דיזע טעטיגקייט אַליין שאַפען אויך די נויטיגע כחות און וועט צוציהען די קאַפּיטאַלען. און אויב איר אַלגעמיינער דירעקטיוו איז דאָס גליק פון פאָלק, דאַרף איר נאָהענסטער ציל שטענדיג זיין — ריוח”.

„אַלס פאָרשטייער פון פּראָלעטאַריאַט קאָנען מיר, נאַטירליך, נישט אָרגאַניזירען אַזעלכע מיני קאָמערציעלע אונטערנעמונגען; מיר קאָנען אויך נישט אַנטייל נעמען אין זייער אָרגאַניזירען. מיר זענען אָבער בכח זיי אונטערצוהאַלטען מאָראַליש”. באָראָכאָוו פילט, אַז די פּאָזיציע זיינע איז דאָ אַ שוואַכע, פאַררופט ער זיך תיכף אויף דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכע פאַרנעמט „אַ ענליכע פּאָזיציע בנוגע צום אָרגאַניזירען געזעלשאַפטליכע אַרבייט פאַר אַרבייטסלאָזע — זי איז נישט ביכולת צו אָרגאַניזירען די דאָזיגע אַרבייט, זי העלפט אָבער, ווי ווייט ס'איז נור מעגליך. פונקט אַזוי האַלטען אויך מיר אונטער אַלץ דאָס, וואָס עס שטעלט-צו אין פרייע קאַפּיטאַליסטישע און נישט פילאַנטראָפּישע פאָרמען, אַרבייט פאַר אונזערע אַרבייטסלאָזע עמיגראַנטען”.

די מאָראַלישע שטיצע פאַר דער טעטיגקייט פון ציוניסטי-שען קאָנגרעס אין פאַלעסטינאַ שטערט אָבער נישט באָראָכאָוון איינצוזעהן און אונטערצושטרייכען מיט דער גאַנצער קראַפט דעם

קאַמף צווישען פּראָלעטאַרישען און בורזשואַזען ציוניזם נישט נור אויפן באָדען פון בעזונדערען פאַרשטיין די רעאַלע אַרבייט פון קאָנגרעס, נאָר אויך אויפן באָדען פון יענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קאָנפליקטען, וועלכע וועלען זיך פונאַנדערשפּילען אין פּאַלעסטינא". „שוין ביים היינטיגען טאָג פאַרדונקלען מיט אַלע כחות די בורזשואַזע ציוניסטען פון איין זייט די קלאַסען־געגענזאַצען אין פּאַלעסטינאַ, ארויסרוקענדיג אויפן ערשטען פּראנט די פּיקציע פון „נאַציאָנאַלער ברודערשאַפט" און „איינהייט פון די נאַציאָנאַלע אויפגאַבען", ערקלערענדיג די קלאַסען־שנאה צווישען די יודישע איינוואוינער אין פּאַלעסטינאַ אויסשליסליך מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע אין רוסלאַנד; פון דער אַנדערער זייט האַלטען זיי אונטער מיט אַלע מעגליכקייטען די פּאַלעסטינישע בורזשואַזיע אין אירע אַרויסטרעטונגען געגען די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. בלי שום ספק וועלען די בורזשואַזע ציוניסטען זיך סטאַרען אויסצונוצען די טעטיגקייט פון קאָנגרעס, בכדי צו ווירקען אויף די בעוואוסטזיניגע אַרבייטער־איינוואַנדערער, און מיר דאַרפען אויך אַנווענדען אַלע אונזערע כחות, בכדי צו מאַכען אומשעדליך דעם קאָנגרעס פון דיזער זייט. דעם ספּעציפישען כלי זין פון דער בורזשואַזי־ציוניסטישער פּאָליטיק וועלען מיר דאַרפען סטאַרען זיך אויסצונוצען, בכדי צו פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון די געדונגענע אַרבייטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען אין פּאַלעסטינאַ. וואָס ברייטער ס'וועט זיין אַוועקגעשטעלט די אַרבייט פון קאָנגרעס אין פּאַלעסטינאַ, אַלץ גרעסערען פּאַקטישען דרוק וועט ער קענען מאַכען אויף די אָרטיגע און די אָנגעפאַרענע אַרבייטער, און אַלץ מער באָדען וועלען מיר האָבען פאַרן תשובה־דרוק אויפן קאָנגרעס — דורכן קלאַסען־קאַמף".

ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר באראכאָוון, וואָס אויך דאַן, ווען ער איז נאָך געווען דורכאויס פאַרן אנטייל נעמען אין ציוניסטישען קאנגרעס האט ער שוין געשטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע צו „פאַרטיידיגען די אינטערעסען פון די געדונגענע אַרבייטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען", הגם ער האט נישט דערוויזען, ווי אַזוי איז עס מעגליך צו ווירקען אין קאנגרעס גופא אין דער ריכטונג. דאָס האט אים טאַקי שפּעטער געבראַכט צום געדאַנק, אַז דער יודישער אַרבייטער האָט נישט וואָס צו זוכען אינם בורזשואַזען ציוניסטישען קאָנגרעס און אַז זיין „תשובה־דרוק אויפ'ן קאָנגרעס דורכן קלאַסען־קאַמף" נויטיגט זיך לגמרי נישט אין דער ספּעציפישער אַטמאָספער פון די ציוניסטישע כלל־ישאלדיגע קאָנגרעסען. דאָס דרינגט, אייגענטליך, אַרויס דירעקט פון די אויפגאַבען, וועלכע ער שטעלט פאַרן פּראָלעטאַריאַט אין דעם רעאַליזי-

רונגס־פּראָצעס. ער זעהט כסדר צוויי קלאַסען מיט בעזונדערע אינטערעסען און וועגען און ממילא אויך צוויי בעזונדערע בעוועגונגען, וואָס בענוצען זיך מיט אַנדערע מיטלען און כּלי־זיין.

בפרט האַלט ער דאָך, אַז לגבי דעם פּראָלעטאַריאַט איז דער טעריטאָריאַליזם אַ פּאָליטישע פאדערונג. נישט, ווי די ס. ס. מיינען, אַז דאָ גייט אום פאדערען א טעריטאָריע. „אַ טעריטאָריע, זאָגט באָראָכאָוו, איז אַ שטיק ערד, אָבער נישט קיין פּאָליטישע אַנשטאַלט און נישט קיין פּאַראַגראַף פון דער געזעצגעבונג — דעריבער קאן די טעריטאָריע נישט דינען אַלס פּאָליטישער לאָזונג”. נו, און בנוגע דעם פּאָליטישען קאַמף, וועלכען דער יודישער פּראָלעטאַריאַט וועט פירען אין פּאַלעסטינאַ פאַר דער טעריטאָריאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, ווערט באָראָכאָוו נישט מיד איבערצוחזרען, אַז דאָרט וועלען מיר זיך צונויפטרעפען מיט די ציוניסטען נישט ווי פריינד, נאָר בפירוש ווי שונאים. נאָך מער, הגם די בורזשואַזיע איז אין דער פּאָליטישער בעפרייאונג אויך פאַראינטערעסירט, אמת, נור ביז אַ געוויסער גראַד, און וועט אפילו לפנים־וועגען צושטיין צום קאמף, וועט זי, ווי יעדע ליבעראַלע פּאַרטיי אין אונזערע צייטען, פירען אַ צוויי־פּנים־דיגע פּאָליטיק פון פּחדנות, האַלבקייט און נישט אויסגעהאַלטענקייט און ביי דער ערשטער געלעגענהייט פאַרראַטען דעם פּראָלעטאַריאַט און אים איבערלאָזען אויפן שלאַכטפעלד, ווען איר וועט זיך אויסדוכטען, אַז זי האָט שוין בעקומען פון דער רעוואָלוציע דעם מעגליכען מאַקסימום נוצען פאַר זיך. וועט, אַלזאָ, דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט אויסקומען צו פירען דעם פּאָליטישען קאַמף אויף צוויי פראָנטען מיט אַמאָל: געגען דער פרעמדער (טערקישער) ביוראָקראַטיע און געגען דער יודישער בורזשואַזיע.

ס'איז קלאָר, אַז אין אַזאַ סיטואַציע איז שווער צו רעדען וועגען אַ בשותּפותען צוזאַמענגיין מיט דער יודישער בורזשואַזיע און דאָך איז באראָכאָוון שווער אפּצוזאָגען זיך פון ציוניסטישען קאָנגרעס. אין דער גאַנצער אַרגומענטאַציע זיינער פיגורירט דער ציוניסטישער קאָנגרעס, ווי די אַלוועלטליכע יודישע נאַציאָנאַלע אַנשטאַלט, אַ מין במקום פּאַרלאַמענט, און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ווען אפילו מיט אַ גאַנצען ביסעל בעוואָרענישען, ווערט דאָך בעטראַכט נישט, ווי אַ בעזונדערע קלאַסען־פּאַרטיי פון בירגערטום, נאָר, ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע נעמט אין זיך אַריין פאַרשידענע פּאַרטייען און יענע פירען אויף איר באָדען דעם קאמף צווישען זיך מיט גלייכע רעכט און גלייכע אויסזיכטען אויף ערפאָלג. מען טאָר נישט פאַרגעסען, אַז אַ היבשע צאָל מיטגלידער פון פּועלי־ציון זענען אָקאָרשט וואָס געקומען פון דער אַלגעמיין

ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דער אַנטייל אין ציוניסטישען קאָנגרעס איז פאַר זיי געווען נאַטירליך און זעלבסטפאַרשטענדליך. און נאָך עפּיס. אין פּאַלעסטינאַ גופא האָט זיך ערשט אָנגעהויבען פאָרמירען דער יודישער אַרבייטער; די גרויסע מערהייט יודישע אַרבייטער אין דער גאָרער וועלט זענען נאָך געווען געגנעריש געשטימט בנוגע פּאַלעסטינא. אויב אין פראָגנאָז האָט באָראָכאָוו פאָראויסגעזעהן אַ טיפערע פאַראינטערעסירונג און אַן אַקטיווע אַריינמישונג פון גאַנצען יוד. פּראָלעטאַריאַט אין דער פּאַלעסטינאַ-אַרבייט, איז אָבער דערווייל געווען אונמעגליך אָנצוצייכענען עפּיס קאָנקרעטעס און ממשותדיגעס פאַרן יוד. פּראָלעטאַריאַט, וואָס ער זאָל זעלבשטענדיג, מיט אייגענע כּחות טון אין פּאַלעסטינאַ. איז באָראָכאָוו געצוואונגען צו האַלטן דעם פּראָלעטאַריאַט אין איין אָרגאַניזאַציאָנס-מחיצה מיט דער ציונ. בורזשואַזיע און זיין פּאַלעסטינאַ-אַרבייט מאַכען אין עיקר אָפּהענגיג פון אירע פּלענער און אויפטוען. ער בעקעמפט אָבער אויפן שאַרפסטען אופן יענע, וואָס פאַרשטייפען זיך אויפן דאָזיגען צושטאַנד און מאַכען אים פאַרן אויסגאַנגס-פונקט אין אַלע זייערע אַרויסטרעטונגען געגען דעם שטאַנדפּונקט פון קלאַסען-קאַמף אַלס וועג צו דער רעאַליזירונג פון ציוניזם.

ס'זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבען געטענהט, אַז אויפן באָדען פון טעריטאָריאַליזם איז אוממעגליך אַ קאַמף צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע, באשר יעדער קאַמף צווישען קלאַסען איז אַ קאַמף פאַר מאַכט און פאַר די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, בעת אין דעם טעריטאָריאַליזם זענען פאַראינטערעסירט פאַרשידענע קלאַסען פון יודישען פאָלק. באָראָכאָוו בעטראַכט די דאָזיגע סברא ווי אַ רעוויזיאָניזם פון ערגסטען סאָרט. „ווען דאָס, זאָגט ער, וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט די עקזיסטענץ פון פּ ר אָ לעטאַרישען ציוניזם געוועזען בפירוש אַ שטות'ערייי און אין דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם וואָלט דער אַרבייטער-קלאַס אויסגעקומען, ווי אַ נאָכשלעפּעניש נאָך דער בורזשואַזיע". ער ברענגט אַ ראיה פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין וועלכער ס'זענען אויך פאַראינטערעסירט פאַרשידענע קלאַסען און די בעפרייאונגס-בעוועגונג איז, אַזוי צו זאָגען, אַ נאַציאָנאַלע. צי איז פון דעם געדרונגען, אַז די רוסישע רעוואָלוציע קומט פאָר נישט דורכן קלאַסען-קאַמף, נאָר דורך דיפּלאָמאַטיע? אוודאי קלינגען וועגען דעם אין אַלע גלעקער כּל-המינים קליינבירגערליכע אידעאָלאָגען. אָבער קיין סאָציאַל-דעמאָקראַטישער בר-דעת וועט זיך נישט שטעלען אויף אָט דעם שטאַנדפּונקט. באָראָכאָוו וואַרפט אים אָפּ אויך אין שייכות צום טעריטאָריאַליזם. ער זאָגט ווייטער: „ס'איז כּלל נישט ריכטיג, אַז כּלומרשט י ע ד ע ר קלאַסען-קאַמף איז אַ קאַמף פאַר

דער מאַכט. אין דעם רעזולטאַט פֿון די קלאַסן־אַנטאַגאָניזמען טרעפֿט אָפֿט, אַז די מאַכט גייט איבער פֿון איין קלאַס צום צווייטן; אָבער דירעקט קאָן דער קאַמף צווישן קלאַסן שטעלן פֿאַר זיך און פֿאַרווירקליכן אַנדערע צילן, אַנ׳ערך: צו פֿאַרבעסערן איינפֿאַך די לאַגע פֿון די אונטערדריקטע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט". בנוגע צום טעריטאָריאַליזם שטרייכט באָראָכאָוו אונטער, אַז דאָ קומט אין בעטראַכט דער קלאַסן־קאַמף אין אַלע זיינע פֿאָרמען פֿון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרגאַניזירונג און זעלבסטעטיגקייט פֿונם פּראָלעטאַריאַט.

די פֿאַלשע הנחה, אַז דער טעריטאָריאַליזם איז כּלומרשט אַ נאַציאָנאַלע בעוועגונג מוז פֿירן צום סיימיסטישן געדאַנק, אַ פֿאַר דער רעאַליזירונג פֿונם טעריטאָריאַליזם פֿאָדערט זיך נישט אַ פֿרייע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פֿון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַ באַזונדערע צווינגענדע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פֿון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק אין דער געשטאַלט פֿון אַ סיים. פֿון דאַנען קומט אויס ווייטער, אַז נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין גלות איז אַ מיטעל צו דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינאַ. באָראָכאָוו מיינט, אַז דער סיים וואָלט געקאָנט זיין גאַנץ נוצליך פֿאַרן רעגולירן די איינוואַנדערונג, וועלכע קאָנצענטרירט זיך סטיכיש אין פּאַלעסטינאַ, אָבער נישט מער. אויך אָן דעם סיים וועט דער סטיכישער פּראָצעס טון דאָס זייניגע. אויב אָבער ס׳זאָל נישט זיין קיין סטיכישער פּראָצעס, וועלן קיינע סיימען אים נישט באַשאַפֿן און נישט זיין בכּח פֿאַרצושטעלן אים אַלס אַזעלכן. די ביידע צילן, וועלכע זענען מאַקסימאַלע, ד. ה. די אַם מערסטען ווייטע אין נאַציאָנאַלן מינימום־פּראָגראַם — נאַצ. פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין גלות און טעריטאָריאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע אין פּאַלעסטינאַ — זענען צוויי באַזונדערע אויפֿגאַבן. בלויז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון זייער ווייטער געגענזייטיגער ווירקונג קאָנען זיי באַטראַכט ווערן, ווי מיטלען איינס צוליבן אַנדערן. אין אונזער פּראָגנאָז איז עס אַ צוזאַמענהאַנג נישט פֿון מיטעל און צוועק, נאָר פֿון געגענווירקונג, נישט קיין פּראָגראַם־צוזאַמענהאַנג, נאָר אַ ריין־סטיכישער.

ביי די סיימיסטען קומט אויס, אַז צוערשט מוזן אָנגעזאַמעלט ווערן די כּחות דאָ און דערנאָך וועלן זיי פֿאַרווענדעט ווערן דאָרט. אַזאַ השערה איז אין תּוך פֿאַלש. אין געזעלשאַפֿטליכן לעבן איז פֿאַראַן אַ גרויסער פּאַראַלעליזם אין דעם אָנזאַמלען און פֿאַרווענדן כּחות. ביידע פּראָצעסן קומען פֿאָר גלייכצייטיג. מ׳קאָן אויך נישט זאָגן, אַז דאָ קומט פֿאָר נאָר די אָנזאַמלונג און דאָרט נאָר די פֿאַרווענדונג. אויך דאָ ווערן כּחות

פאַרוועגדעט; אויך דאָרט ווערען כחות געזאַמעלט. אונזער אַר־בייט אי דאָ, אי דאָרט איז נישט קיין דואַליזם, ווי ס׳ווילען האָבען די געגנער. אַז אַ מענש פאַרמאָגט למשל צוויי הענד, איז עס כלל נישט קיין דואַליזם און מ׳קאָן אים דאָס בשום אופן נישט נעמען פאַר אומגוט. דואַליזם, וועלכען עס איז נישט סובל דער וויסענשאַפטליכער געדאַנק, איז נאָר דאָרט, וואו צוויי זאַכען זע־נען פונאַנדערגעטיילט מיט אַ תהום נישט צום איבערגיין און ס׳איז זיי אוממעגליך דורך אַ העכערען סינטעז צוצופירען צו איין פינטעל. „דאָ” און „דאָרט” איז ביי אונז נישט קיין געגענזאַצען, נאָר צוויי זייטען פון איין און דעמ־זעלבען פראָצעס. זוכען מיר טאַקי נישט קיין קינסטליכע פאַרבינדונג צווישען געגענוואַרט און צוקונפט. ס׳איז איין דורכ־אויסיגער סטיכישער פּראָצעס, און די פאַרבינדונג איז נישט קיין צוגעטראַכטע, נאָר אַ סטיכישע. מיר קעמפען דאָ פאַרן לעבענס־אויפשטייג, ווייל מיר לעבען דאָ און ווייל דאָס פאַרלייכטערט אונז דעם קאַמף פאַר רעכט דאָרט, וואוהין עס מראָגט זיך אַריבער סטיכיש דער שווער־פונקט פון אונזער לעבען. מיר זענען פאַראינטערעסירט אינם לעבענס־אויפשטייג דאָרט, ווייל אַהין טראָגט זיך אַריבער סטיכיש דער שווער־פונקט פון אונזער לעבען און ווייל די פאַרפעסטיגונג פון אונזערע פּאָזיציעס דאָרט גאַראַנ־טירט אונזערע רעכט דאָ. וואָס בעסער דאָ, — אַלץ בעסער דאָרט און, פאַרקערט.

צום סוף שטעלט זיך באָראָכאָוו אָפּ נאָך אויף איין טענה: ווי אַזוי קאָן דער קלאַסען־קאַמף פון יודישען פּראָלעטאַריאַט, וועל־כער ווערט געפירט אויף אַ העכסט אומנאָרמאַלער סטראַטעגישער באַזע, ברענגען צו אַזאַ גראַנדיעזען רעזולטאַט, ווי אַ טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע פאַרן יודישען פאָלק. באָראָכאָוו טרייסטעט זיך אָפּ פון דער ס. ס.־שער תורה, אַז דער קליין פּראָדוקציאָנס־פּראָלע־טאַריאַט קאָן כלומרשט נישט זיין, ווי זיי דריקען זיך אויס, „דער טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג”. ער האַלט, אַז דער יודישער פּראָלעטאַריאַט איז אויך אַ מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט אין דעם זין, וואָס ער פירט אַ מאָדערנעם קלאַסען־קאַמף אין אַלע זיינע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָרמען. ער פירט אים נישט בכדי צו גיין צום סאָציאַליזם, נאָר מחמת דעם, וואָס די אַנט־וויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם פאַרשאַרפט די געגענזאַצען צווישען די אַרבייטער און באַלעבאַטים. און דערפאַר, ווייל דער יודישער אַרבייטער פירט אַ קלאַסען־קאַמף, דערפאַר גייט ער צום סאָ־ציאַליזם. דורך זיין קלאַסען־קאַמף העלפט ער מיט צו קאָנצענטרי־רען דעם קאַפּיטאַל און צו פאַרשאַרפען די סאָציאַלע קלאַסען־אַנ־

טאַגאָניזמען. ס'איז אמת, אַז דורך דעם גראָבט אונטער דער יודישער אַרבייטער זיין אייגענע עקזיסטענץ, אי די עקזיסטענץ פונם יודישען קאַפּיטאַל. מיינט עס נאָר, אַז זיין לאַגע אין גלות איז טיף טראַגיש און פול מיט סתירות. ס'איז נישט קיין אויסנאַם. דאָס, וואָס ביי די יודען איז אַ כ ר אָ נ י ש ע קרענק, בעגעגענען מיר אָפט אין אַ שאַרפער פאָרם אויך ביי אַנדערע פעלקער. די סטראַטעגישע באַזע פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט איז אומפּראָדוקטיוו און אומנאָרמאַל נ י ש ט אַ ב ס אָ ל ו ט, נ אָ ר פ אַ ר ה ע ל ט נ י ש מ ע ס י ג. געוויס פאַרבעסערט ער זיין לאַגע דורך דעם קאַמף; די פאַרבעסערונג איז אָבער אַ אומזיכערע און טראָגט אַ מער צייטווייליגען כאַראַקטער, איידער ביי זיינע נישט-יודישע חברים. און חוץ דעם פאָדערט די אומבעדייטענדסטע פאַרבעסערונג פון אים אַזאַ אומגעהויערע אָנשטרענגונג און פאַרשווענדונג פון כחות, וועלכע ווערט קוים בעלוינט דורך די רעזולטאַטען.

דאָ, אין גלות קאָן דער יודישער אַרבייטער דורך זיין קלאַסען-קאַמף נור מיטהעלפען דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַנדערע נאַציעס; בעת אָבער אים קומט אויס צו פאַרטיידיגען וועלכע ס'איז זיינע אייגענע בעזונדערע אינטערעסען, אַפילו די העכסט נויטיגע און גערעכטע, איז ער נישט בכח לחלוטין צו גאָרנישט זיך דערשלאָגען, אויב ער שטיצט זיך נישט דערביי אויף דער פאַראינטערעסירטקייט פון אַנדערע נישט-יודישע גרופּען אין דיזעלבע פאָדערונגען. אָבער די דאָזיגע אָפּהענגיגקייט פון אַרומיגע פעלקער איז אויך נישט קיין אויסנאַם-צופאַל. מיר טרעפען עס אין אַ גרויסער מאָס אויך ביי אַנדערע נאַציעס. ס'איז אַ אונטערשיד נישט אין מ ה ו ת, נאָר אין מ ד ר ג ה. אויך אַנדערע פעלקער זענען טיילוויז עקסטעריטאָריאַל אין דעם זין, וואָס כמעט ביי אַלע פעלקער זענען פאַראַן טיילען, וועלכע זענען צוזייט איבער פרעמדע טעריטאָריעס און וואוינען דאָרט, ווי אַ מיעוט; די יודען זענען אָבער מער, ווי אַלע אַנדערע עקסטעריטאָריאַל. אויך ביי אַנדערע פעלקער טרעפט אַמאָל, אַז די קלאַסען-סטרוקטור איז אומנאָרמאַל, אָבער ביי יודען איז זי אַם מערסטען אומנאָרמאַל און א. וו.

די דאָזיגע אומגעהויער כמותדיגע אָפּגעשטאַנענקייט פונם יודישען פאָלק וועט פאַרשווינדען ביסלעכווייז, וואָס מער עס וועט וואַקסען די סטיכישע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינאַ. דאָרט וועלען די יודען אַריינדרינגען אויך אין די ערשטע שטאַפּלען פון דעם ווירטשאַפטליכען פּראָצעס. אויך די אָפּהענגיגקייט וועט אויפהערען, ממילא וועט אויך די סטראַטעגישע באַזע פונם יודישען פּראָלעטאַריאַט פאַרלירען אירע ספּעציפישע אַנאָמאַליעס און דער קלאַסען-קאַמף פון די יודישע אַרבייטער וועט ענדליך ווערען גענוג פּראָדוקטיוו.

„דער נאָרמאַלער יודישער פּראָלעטאַריאַט אין אַ נאָרמאַלער, נישט פאַרקירצטער און נישט אָפּגעשטאַנענער נאַציאָנאַלער ווירט-שאַפט וועט דורך זיין קלאַסען-קאַמף קאָנען זיך דערשלאָגען צו דעם דאָזיגען גראַנדיעזען רעזולטאַט – צו דער טעריטאָריאַל פּאָליטישער אויטאָנאָמיע פאַרן יודישען פאָלק אין פּאַלעסטינאַ".

„אין אָט דער אַרבייט זיינער וועט זיך דער יודישער פּראָ-לעטאַריאַט שטיצען נישט אויף פּראָיעקטען און נישט אויף פּלענער און נישט אויף דיפּלאָמאַטיע, נאָר בלויז אויף זיין קאַמף און אויף די סטיכישע פּראָצעסען פון דער קאָנצענטרירטער איינוואַנדערונג. די ראַדיקאַלע מהפּכה אינם יודישען לעבען וועט פאָרקומען נישט דורך דעם בעוואוסטזיין און אַגיטאַציע פון פּאַרטייען, נישט דורך סיימען און נישט דורך קאָנגרעסען, נור דורכן סטיכישען פּראָצעס. סיימען, ווידער, צוזאַמענפאָרען און פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס קאָנען נור העלפען דעם סטיכישען פּראָצעס, אָבער נישט פאַרבייטען אים. רעגולירען די סטיכישע פּראָצעסען קאָן און דאַרף דער בעוואוסט-זיניגער אָרגאַניזירטער מענשליכער רצון. דאָס איז אַ סאָציאַלער כח. אין איין שורה מיט די סטיכישע סאָציאַלע טענדענצען מוזען מיר אַריינפירען אין פּראָצעס אויך אַ בעוואוסטזיניגע טענ-דענץ. רעגולירען די סטיכישע פּראָצעסען הייסט: פאַרגרינגערען און פאַרגיכערען זייער גאַנג, פאַרהיטען די געזעלשאַפטליכע ענערגיע פון צופיל און אומנויטיגער פאַרווענדונג, מאַכען די רעזולטאַטען פון די אָנשטרענגונגען ווי ווייט מעגליך פרוכטבאַרער און צוועק-מעסיגער. דאָס הייסט עקאָנאָמיזירען און ראַציאָנאַליזירען די סטי-כישע פּראָצעסען.

---

## XXII

מיר האָבען זיך אַזוי אויספירליך אָפּגעשטעלט אויף „אונזער פּלאַטפאָרם" און נישט געקאַרגט קיין ציטאַטען פון איר, ווייל דורכן דאָזיגען ווערק איז באָראָכאָוו נתגלה געוואָרען אין דער פּועלי-ציוניסטישער וועלט און ווייל די גרונט-אידעען, בפרט דער פאָר-שונגס-מעטאָד, וועלכע באראכאוו האט דארט אזוי גאוניש אַרויס-געבראַכט און אנגעווענדעט, זענען געווארען די הויפּט-זיילען און דער חוט השדרה פון דעם מאַרקסיסטישען פּועלי-ציוניזם, ווי ער האט זיך אויפגעהיט ביז אויף היינטיגען טאג. אַ סאַך פון באָראָ-כאָווס געדאַנקען, ווי די דעפיניציע פון דער נאַציאנאַלער פראַגע, דער אַנאַליז פון דעם יודישען ווירטשאַפטליכען לעבען, די בעצי-הונג פון פאַרשידענע קלאַסען אין יודישען פאלק צום נאַציאנאַלען פּראבלעם און טעריטאריאַליזם, די וועגען וואס פירען סטיכיש

און אָביעקטיוו צו דער איבעראַנדערשונג פון דער יודישער עקאָנאָמישער סטרוקטור און צום פּאַלעסטיניזם, די ראָל פון דער בעוואוסטזיניגער פּראָלעטאַרישער טעטיגקייט דערביי, די פּאָליטישע לאָזונגען פון יודישען פּראָלעטאַריאַט סיי אין די לענדער פון יודישען מאַסען-ישוב און סיי אין פּאַלעסטינאַ — אַ סאַך פון אָט די געדאַנקען זענען איצט געוואָרען דער קנין פון דער ווייט גרעסטער מערהייט פון יודישען אַרבייטער-קלאַס. אויב אַפילו נישט אַלע, וואָס האַלטען זיך ביי די דאָזיגע אמת׳ען, ווייסען גאָר, ווער עס האָט דער ערשטער מיט אַזוי פיל איבערצייגונג און פּאָליטישען טעמפּעראַמענט זיי אַרויסגעזאגט און געקעמפט פאַר זייער איינבירגערונג אין טעאָריע און פּראַקטיק פון יודישען פּראָלעטאַריאַט. היינט צו טאָג וואָלגערען זיך שטיקער „באָראָכאָוויזם” אויף אַלע גאַסען און ראָגען פון יודישען לעבען, און ווער ס׳האָט נאָר אָפענע אויגען, בעמערקט זיי, און ווער ס׳איז נאָר נישט פאַרטעמפּט און פארעקשענט, קאָן זיי זאַמלען גאַנצע הויפענס אָן איבעריגער טירחה און ספּעציעלער אָנשטרענגונג. אָבער מיט צוויי צענדליג יאָר צוריק איז נאָך באָראָכאָוון אויסגעקומען צו שפּאַנען איבער אַ פאַרוואַקסענעם, אומדורכגענגליכען, פאַרלאָזענעם פעלד, פול דערנער און קשאַקעס פון פאַרלעגענע טראַדיציעס און פאַרדאַרטע דאָגמעס, אַליין מיט אייגענע הענד רייסען דאָס ווילדע גראָז פון אָרגאַנישער עם-הארצות און בעזווילליגער פוילקייט פון געדאַנק, ממש מיט די נעגעל אָראָפּגראַבלען דאָס מיסט און שמוץ און ברוד, וואָס האָבען זיך אין משך פון יאָרען אָנגעקליבען אויף דער יודען-פראַגע; און נאָר אַ דאַנק זיין גרעניצלאָזער מסירת נפש איז באָראָכאָוון פאָרט געלונגען אַרויסצוציהען פון דער טיף, פון אונטערן דיקען שיכט אָפּגעלאָזענקייט און צוקראָכענקייט יענע פּערלען און דימענטען פון יודיש-פּראָלעטאַרישער דערקענטעניש, וועלכע האָבען אַזוי העל בעלויכטען די פינסטערסטע ווינקעלעך פון אונזער לעבען און אַנטפּלעקט פאַר אַלעמען, פאַר אייגענע און פרעמדע, יענעם זעלטענעם אוצר פון שאַפונגס כחות, וואָס איז געווען פאַרבאָרגען אין די פאַלדען פון דער צופייניגטער און געבענשטער יודישער פּראָלעטאַרישער ווירקליכקייט.

אין אַ סאַך פּרטים, וועלכע באָראָכאָוו האָט געבראַכט אין „אונזער פּלאַטפאָרם”, האָט ער זיך טועה געווען און אים אַליין איז שפּעטער אויסגעקומען אָפּצוזאָגען זיך פון זיי. באָראָכאָוו האָט עס שטענדיג געטון אויפריכטיג און ערליך, אָבער אין די הויפּטליניעס איז זיין פּראָגנאָז כסדר בעשטעטיגט און בעקרעפטיגט געוואָרען דורך אונטערגעקומענע פּאַסירונגען אין יודישען לעבען,

האָט ער טאַקי. מהאי טעמא, נאָך לייכטער געקאָנט מוותר זיין אויף דעם אָדער יענעם פּרט.

אַזוי האָט ער זיך אַליין בּעצויגען צו זיינע בּעהויפּטונגען. און נישט דוקא אין די טעאָרעטישע מאמרים, אויך אין די פּאָליטישע אַרטיקלען בּעמיט זיך בּאָראָכאָוו תּמיד אָנצוצייכענען הויפּט־כּללים און ערשט מיט זייער הילף פּרובּירט ער אויסצואַרבּייטען אַ שטעלונג צו געוויסע קאָנקרעטע דעטאַלען — אַלע איינצעלהייטען קאָן מען נישט פאָראויסזעהן, האָט ער לגמרי נישט בּדעה צו פאַרענטפערען אַלע מעגליכע קשיות און שאלות אין דער טעאָריע, ווי אין דער פּאָליטיק. אָנשטאָט דעם לייגט ער די גאַנצע געוויכט אויף אויסאַרבּייטען אַ מעטאָד און פאָרמולירען די אַלגעמיינע בּעציהונג — דאַן איז שוין פאַראַן די זיכערקייט, אַז מ'וועט זיך נישט לאָזען בּעהערשען פון פּרט, פון מאָמענט און דורך דעם פאַרלירען די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, נאָר פּונקט דער היפּוך — פאַרמאָגענדיג אַ בּרייטע, ווייטע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו וועט מען קאָנען, ווי געהעריג תּופס זיין און פאַרענטפערען אויך די פראַגען פון טאָג, פון מאָמענט.

די פּאַרטיי־זשורנאַלען, וואָס זענען צו יענער צייט ערשינען אין ווילנע, „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק“ און „פּאָרווערטס“ זענען שוין לגמרי נישט ענליך צו דער פּאָלטאַווער „כראָניקאַ“. זיי האָבּען טאַקי אַ פּנים פון זשורנאַלען מיט פאַרשידענע אָפּטיילונגען, אַפילו מיט אַ ליטעראַרישען אָפּטיילונג, וואו עס דרוקט זיך פּרק הירשבּיינס „דעמערונג“. ספּעציעל צוגעשיקטע לידער פון חבר דיכטער ה. ראָזענבּלאַט (אַמעריקאַ), טאַלאַנטפולע פּעליעטאָנען פון אַ. וואָלינער (לאָז געגנוסען פון אַמעריקאַ), ערציילונגען און קריטישע אַרטיקלען פון אַ. לייזעראָוויטש, אַ. גאָלדשמידט, בּיבּליאָגראַפישע נאָטיצען פון בּערשאַדסקי (געחתמעט י. דאָמאַש, פון זיין פאמיליען־נאָמען דאָמאַשעוויצקי). אָבּער דאָס וויכטיגסטע, אין די זשורנאַלען בּעטייליגען זיך שוין גאַנץ אַקטיוו אויך אַנדערע חברים, ווי אַבנר, חאשין, זאַר, ר. גאָלדין, זרבּבל. און דאָך שטייט בּאָראָכאָוו נישט אָפּ אויך איצט. פון דער ווייטען איז ער איינער פון די נאָענסטע און פּרוכטבּאַרסטע מיטאַרבּייטער. און די 6 נומערן פון די צוויי זשורנאַלען, פון סוף יאַנואַר בּיז אָנהויבּ יולי 1907, דרוקט ער חוץ דעם דערמאָנטען סוף פון „פּלאַטפאָרם“ פיר גרויסע פּאָליטישע מאמרים געחתמעט בּר־דרומא, אַן ארטיקעל „די אויסגעקעמפטע דומע“ געחתמעט Z אַן אַרטיקעל איבּער „טעאָדאָר הערצעל“ און „געדאַנקען וועגען דער רעפּעטיציע פון די „עכט־רוסישע“ צו זייער בּענעפיס“ געחתמעט גערשענזאָן, אַן אַרטיקעל „אַ נייע

פשרות פּראָגראַם" (אַ קריטישע אַרבייט איבער די סיימיסטען און זייער נייעם זאַמעלבוך „סערפּ" געחתמעט ד אָ נ י ן, אַן איבערזיכט פון דער סאָציאַליסטישער וועלט — מ — וויטש (לויטן פּאָטערס נאָמען מאיסעיעוויטש). אַ אָנהויב פון אַ גרויסער אַרבייט „די יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע", געחתמעט פ אָ ס ט אָ - י אַ נ נ י און ענדליך, דאָס וויכטיגסטע, צום פּראָיעקט-פּראָגראַם פון צ. ק. פון י. ס. ד. א. פּ. פּועלי-ציון, וואָס האָט געדאַרפט פאַר-געלעגט ווערען צום ערשטען אָרדענטליכען פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. דערמיט איז נאָך ווייט נישט אויסגעשעפּט זיין מיטאַרבייט. אין דיזעלבע זשורנאַלען איז פאַרעפענטליכט אַלס פּראָיעקט צום פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר דער אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ נ ס - ס ט אַ ט ו ט פון דער פּאַרטיי און אויך אין זיין אויסאַרבייטונג האָט באָראָכאָוו גענומען אַ גאָר נאָהענטען אַקטיווען אָנטייל. די צירקולאַרען פון דעם צ. ק. ווערען אויסגעאַרבייט ביי זיין מיטהילף און לעצטער רעדאַקציע. אגב, ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אין צירקולאַר נומ. 9, וואו עס רעדט זיך וועגען 8-טען ציוניסטישען קאָנגרעס און די נויטיגע הכנות צו אים, ווי פאַרקויפען שקלים און צוגלייכען, ווערען אַריינ-געפירט דורך באָראָכאָוו אַזעלכע שטעלען.

„דעם שקל-אינסטיטוט האַלטען מיר פאַר אַנטידעמאָקראַטיש, ווייל אין אים איז דאָס וואַל רעכט פאַרבונדען מיט א בּיודזשעט-פאָרם, ווייל אַ שקל בעדייט אַ וואַל-צענז." „ווייטער איז דער שקל אַנטידעמאָקראַטיש נאָך אין דער הינזיכט, וואָס דער שקל שטעלט אַ פינאַנציעלען קריטעריום פון דער אָנגעהעריגקייט צו דער אָר-גאַניזאַציע". „איז ביז דער קאָנגרעס וועט נישט אומבייטען זיינע ביודזשעט און וואַל-פאָרמען, מוזען מיר נעמען שקלים, אויב מיר ווילען אין קאָנגרעס אָנטייל נעמען". גלייך דערויף קומט אָבער די אויפקלערונג, אַז אונטערוואַרפען זיך די בעשלוסען פון קאָנ-גרעס דאַרפען מיר „נאָר אויף וויפיל זיי רירען נישט אָן אונזער קלאַסען טאַקטיק". און נאָך קלאָרער: „לויט אונזער מיינונג געפינט זיך דער קלאַסען-קאַמף אין פּאַלעסטינאַ און אין די גלות-לענדער אויסער דער קאָמפּעטענץ פון קאָנגרעס". אויב אויפן טאָג-אָרדנונג פון קאָנגרעס וועט געשטעלט ווערען אַזאַ פאָרשלאַג, וועלכער בע-רירט אונזער קלאַסען-טאַקטיק, מוזען מיר לכתחילה פּראָטעסטירען נעגען דעם, דאָס אַזאַ פאָרשלאַג זאָל פיגורירען אויף דער טאַגעס אָרדנונג און מיר טאָרען נישט נעמען קיין אַנטייל נישט אין דער בעהאַנדלונג און נישט אין דער אָפּשטימונג פון אַזאַ פאָרשלאַג.

ווי זשע פאַרט עס זיך מיטן אנטייל אין קאָנגרעס? דערויף ענטפערט דער צירקולאַר: „מיר שאַפען נישט קיין פעדעראַציע פון דעם אַלוועלטליכען ציוניזם; מיר בלייבען אַ בעזונדערע אָר-

גאַניזאַציע, וועלכע האָט צו טון נאָר מיטן קאָנגרעס. די דירעק־טיוועס פון די אַקציאָנס־קאָמיטעטן, פון די לאַנדעס־קאָמיטעטן א. ז. וו. גייען אונז לחלוטין נישט אָן. דער קאָנגרעס וועט בע־שטימען, וועלען מיר צאָלען דיזע אינסטיטוציע. אויף וויפיל די טעטיגקייט פון די אַלגעמיינע ציוניסטען וועט שטימען מיט אונזערע צוועקען, וועלען מיר זיי אפילו אונטערשטיצען, נאָר דאָך אַלס בעזונדערע אָרגאַניזאַציע".

דאָ זעהען מיר, ווי באָראָכאָוו בענוגענט זיך נישט מיט יע־נער אַלגעמיינער אפשאַצונג פון ציוניסטישען קאָנגרעס, וועלכע ער האָט געגעבען אין דער „פּלאַטפאָרם" און זוכט דורך צירקולאַרען און ביי טאַקטיק־פראַגען אויפקלערען פאַר די חברים און אויפהי־טען די זעלבשטענדיגקייט פון דער פּאַרטיי און איר אויסגעשפּרא־כענעם קלאַסען־כאַראַקטער.

ס'איז אויך כדאי צו ברענגען איין שטעל אין פּראָיעקט־פּראָגראַם, וואו ס'ווערט אַרויסגעזאָגט דער געדאַנק, אַז די נאַציאָ־נאַלע גלייכבערעכטיגונג און נאַציאָנאַל־פּאָליטישע אויטאָנאָמיע פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען פירט צו אַסימילאַציע. אין דעם פּרט זענען די חברים פון צ. ק. געווען צווישען זיך מחולק. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז דער ח' ניסן (לוריע) פון קיעוו געווען געגען אַזא פראָגנאָז און אין דעם פּרט איז ער געשטאַנען נאָהענ־טער צו די סיימיסטען, וועלכע האָבען אין דער נאַצ. פּאָליטישער אויטאָנאָמיע געזעהן אַ מעכטיגען פאַקטאָר פאַרן אויפשטייג פון נאַציאָנאַלען לעבען אפילו פון די מיעוטים. באָראָכאָוו, ווידער איז נוטה געווען צו דער השערה, אַז אין דער צוקונפט וועט אויפן יסוד פון איינאַרטיגע פראָדוקציאָנס בעדינגונגען, ווען ס'וועט נישט זיין קיין דרוק פון אַ הערשענדער מערהייט, קומען דערצו, אַז די מינדערהייטען זאָלען זיך פריי און אומגעצוואונגען צונויפגיסען און אַסימילירען מיט דער מערהייט. דערויף האט ער זיך דאָך גע־שטיצט, בעשטייענדיג אויף דער אַסימילאַציע פון די פּאַלעסטינער פעלאַכען מיט דער יודישער טעריטאָריאַלער מערהייט. אָן ספק האבען דאָ געווירקט רעשטלעך פון דער ערשט־אָפּגעוואָרפענער ציוניסטישער בעציהונג צום גלות און אַ געוויסער מין פּאַלעס־טינאָ־צענטריזם. דאָס איז אָבער אגב אורחא. דער וויכטיגסטער מאָמענט איז דאָ געווען דער, וואָס האָט בעשטימט באָראָכאָווס בליק אויף דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון עקסטעריטאָריאַלע נאַצ. מיעוטים בכלל. האָט ער נישט מורא געהאט צו רעדען וועגען דער מעגליכער אַסימילאַציע פון יודישען מיעוט אין דער ווייטער היס־טאָרישער פּערספּעקטיוו, בפרט, אַז דאס האָט אים נישט דיקטירט אין געגעבענעם מאמענט קיין אַנדערע, נעגאַטיווע שטעלונג צו די

בעדערפעענישען און נויטען פון יודישען פראָלעטאַריאַט.

מיטן מינסקער פעריאָד איז אויך פאַרבונדען נאָך אַ וויכטיגע ערשיינונג, וואָס האט געהאַט אַן ענטשיידענדיגען איינפלוס אויף באָראָכאָווס גאַנצען לעבען און אַ דאַנק וואָס ער איז, ווען אפילו אַ סאַך שפּעטער, ברייט מפורסם געוואָרען נישט נאָר צווישען די קרייזען פון זיינע פּאַרטיי-חברים און בכלל יודישער אַרבייטערשאַפט, נאָר אויפגענומען מיט ברייט-געעפענטע אָרעמס אפילו פון זיינע פאַרביסענסטע געגנער און שונאים. אין משך פון זיין גאַנצער קינדהייט און יוגענט איז באָראָכאָוו ווייט געוועזען פון יודיש. אין דער היים, אין שול און אין גימנאַזיע האָט ער קיין יודיש נישט געהערט און נישט בענוצט. און אויך שפּעטער, ווען ער איז אַריין אין לעבען אַלס דענקער און טוער, האָט ער כסדר געהאַט צו טון מיט יענער יודישער אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען ראשה ורובה פאַרטון אין רוסישער קולטור, אידעאָלאָגיש און פּסיכאָלאָגיש. אויך וויפיל ס'איז נאָך אין באָראָכאָווס היים געווען אַ רעד וועגען נאַציאָנאַלער קולטור — האָט מען דערמיט געמיינט העברעאיש, די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יודישען פאָלק פון פאַר טויזענטער יאָרען. אויף זיינע אומצאָליגע נסיעות האָט זיך באָראָכאָוו אָנגעטראָפען מיט יודיש בלויז אין די יודישע ישובים פון פוילען, ליטע און אַ ביסעל וואָלין. ער אַליין האָט רעפערירט אין רוסיש, זיינע אָפּאָנענטען דעסגלייכען. גאַנץ זעלטען האָט פּאַסירט, אַז א רעפערענט צי אַ אָפּאָנענט אין די פּאָליטישע אינערליכע קאָנספּיראַטיווע דיסקוסיעס זאָל אַרויסטרעטען אין יודיש. זיין טעטיגקייט אין פּאָלטאַווע און אין קרים און דערנאָך אין טורמע זענען נישט מסוגל געווען צו ענדערען מיט וואָס דעם דאָזיגען מצב. ערשט די חברים, וואָס פלעגען קומען פון פוילען און ליטע האָבען מיט זיך מיטגעבראכט עפּיס אַ הויך, אַן אָטעם פון אַן אַנדער אַטמאָספער, וועלכע איז אָנגעזאַפּט מיט יודיש. אויב אין דרום-רוסלאַנד האט זיך דער אַרבייטער בעמיט צו רעדען דוקא רוסיש, איז שוין אין ליטע און פוילען געווען צו בעגעגענען אינטעליגענטען, וועלכע האָבען, פאַרקערט, בעמיהט זיך צו רעדען פּראָסט יודיש. מ'קאָן נישט זאָגען, אַז דער יודיש פון די אינטעליגענטען איז געווען אַזוי קערענדיג, זאַפטיג און פאַרביג. אָבער אין דעם בעמיען זיך גופא האָט מען געקאָנט דערשפּירען די ווירקונג פון אַ כח אַ סטיכישען, עלעמנטאַרען.

אויפן גרינדונגס-צוזאַמענפאר אין פּאלטאַווע האָבען שוין אַ סאַך דעלעגאַטען גערעדט יודיש. באָראָכאָוו האָט זיך געמוזט צוהערען צו זייערע רעד, בעמיען זיך פאַרשטיין און געבאַשט ווערטלעך. ער איז אַליין געווען אַ גרויסער ליבהאבער פון מעשהלעך,

וויצען, אַנעקדאָטן און לידער — ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען און אַריינלאָזען זיך אין שיחות חולין. דאָ איז געווען די געלעגענהייט אָנצוהערען זיך יודיש — מויל און אויערען אָנצושטעלען. און באָראָכאָוו האט עס אַלץ אין זיך איינגעזאַפּט. ער פלעגט אויפכאַפּען יעדעס ווערטעל, אָנקוועלען פון יעדען איינפאַל און דערנאָך אַליין דאס איבערחזרען מיט אַ בעזונדער הנאה. אויפן צוזאַמענפאר איז באָראכאָוון קלאָר, אַז דער צענטראַלער פאַרטייאָרגאַן מוז ערשיינען אין י ו ד י ש. אין רוסיש אויך. אבער קודם כל, די בכורה קומט דעם י ו ד י ש ע ן אָרגאַן.

אודאי האָט אויך איצט באָראָכאָוו אַלע זיינע אַרטיקלען געשריבען אין רוסיש און אין רעדאַקציע האָט מען געהאַט צו זינגען און צו זאָגען אַרום זייער איבערזעצונג. מען האָט נישט געוואָלט פוגם זיין דעם געדאַנק, אויפהיטען דעם אייגענאַרטיגען סטיל, די בילדליכע פאָרם, די קלאָרע דעפיניציע; אין דערזעלבער צייט זענען אין רעדאַקציע אין ווילנע געזעסען מענשען, וואס האָבען אָרגאַניש ליב געהאָט יודיש, וואָס פלעגען זיך איבערנעמען און צאַצקען מיט יעדען געלונגענעם אויסדרוק און טרעפליכען וואָרט אין יודיש. פלעגט מען שלייפען און פיילען מיט געדולד און עקשנות. די דאָזיגע איבערזעצטע אַרטיקלען זיינע האָבען ביי באָראָכאָוון געגאָלטן, ווי אויסגעצייכענטע שטאָף פאַר לערנען זיך יודיש. ער האָט מיט חתמדה שטודירט די שפּראַך, דעם סטיל, די בויגונגען און ווענדונגען. און ס'האָט שוין נישט זעלטען געטראָפען, ער זאָל אַליין פון דער זייט אויפצייכענען אויפן רוסישען מאַנוסקריפּט אַ הערה, אַז דעם דאָזיגען וואָרט אָדער זאַץ וואָלט מען געקאָנט אין י ו ד י ש זאָגען אַזוי און אַזוי. און ווירקליך, אָט האָט דער איבערזעצער איבערזעצט דעם אַרטיקעל לויט אייגענעם איינזעהן. די רעדאַקציע (ס'רוב איז זי בעשטאַנען פון מחבר פון די שורות, זלמן רובאַשאָוו און מנחם-מנדל הורוויץ, וואָס האָט געאַרבייט אַלס קאָרעקטאָר) איבער דער שפּראַך, קוקט דורך די איבערזעצונג, קומט צו צו אַ געוויסען אויסדרוק און בלייבט שטיין. עפּיס איז דאָ נישט גלאַט. ס'האָט נישט קיין טעם, הן לאָגיש, הן שפּראַכליך. מען אַמפּערט זיך אַ ווײַלע. פּרובירט מען אַריינקוקען אין אָריגינאַל. ערשט ביי באָראָכאָוון איז אָנגעצייכענט דוקא אין י ו ד י ש אַ וואָרט, וואָס איז לויט אַלעמענס מיינונג מער פּאַסיג און גיט איבער גענוי דעם זין פון רוסישען בעגריף. אַזעלכע יודישע הערות זענען אַלץ אָפטער געוואָרען. אין מינסק האָט באָראָכאָוו אויך געמוזט שטודירען די ליטעראַטור פון די געגנער, וועלכע איז צו יענע צייט ערשינען הויפּטזעכליך אין יודיש. ועל כולם — אין מינסק איז די גאַס, די שטוב, אַלץ פול מיט יודיש. באָראָכאָוו הערט כסדר די קלאַנגען,

פֿילט אַלץ מער דעם ריטם פֿון דער יודישער שפּראַך. ס'דויערט נישט לאַנג און אין רעדאַקציע בעקומט זיך באָראָכאָווס כּ ת ב - י ד אי ן י ו ד י ש. דער ערשטער יודישער מאַנוסקריפּט פֿון 27 יאָריגען באָראָכאָוון: „אַ נ יי ע פּ ש ר ו ת - פּ ר אָ ג ר אַ ם“, אַ פּאָלעמיק געגען די סיימיסטען, געדרוקט אין „פֿאָרווערטס“ (נומערן 2 און 3 אין יולי 1907) און אונטערגעשריבען ד אָ נ י ן. דאָ איז, פֿאַרקערט, אָנגעגעבען גאַנצע זאַצען און פּסוקים אין ר ו ס י ש, ווייל ער האָט זיי בשום אופֿן נישט בעוויזען אַליין קלאָר אַרויסצובריינגען אין יודיש. דער יודיש אַ טרוקענער, אַ האַרטער, אָן אינערליכער פֿייכטקייט און בויגעוודיגקייט איז אָבער אַ קלאָרער, איינפֿאַכער און לייכטער. די רעדאַקציע האָט עס איבער אים נישט קיין סאַך און מען גיט דעם מחבר אונטער חשק ווייטער פֿאָרטצוזעצען דעם געלונגענעם אָנהויב. אַזוי גיך גייט עס פֿונדעסטוועגען נישט. די אַנדערע אַרטיקלען צו דערזעלבער צייט שרייבט נאָך באָראָכאָוו אין רוסיש, זיינע שמועסען מיט די חברים בפּרט זיינע אַרויסטרעטונגען אויף די זיצונגען ווערען אָבער אַלץ אָפֿטער געפֿירט אין יודיש. אודאי האָט דאַמאָלסט קיינעם, אַ פּשוט זיינע נאָהענסטע חברים, נישט געקאָנט איינפֿאַלען דער געדאַנק, אַז באָראָכאָוו, וואָס מאַטערט זיך איצט אויף אַ יודישען פּסוק זאָל מיט אַ פּאָר קנאַפּע יאָר שפּעטער ווערען דער אָנגעזעהענסטער פֿאָרשער פֿון דער יודישער שפּראַך, דער פֿרוכטבאַרסטער אנערקענטער טוער אויפֿן געביט פֿון יודישער פֿילאָלאָגיע. אויך באָראָכאָוו אַליין האָט דאַן וועגען דעם נישט געחלומט. צו דער יודישער שפּראַך איז ער געקומען צוליבען יודישען פּראָלעטאַריאַט, פּונקט ווי די יודישער קולטור בכלל האָט אים געבראַכט דער יודישער אַרבייטער און זיין קאַמף.

---

## XXIII

דער צ. ק. האָט בעשלאָסען צונויפֿרופֿען דעם ערשטען אָרדענטליכען פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר. דאָס מאָל האָט מען שוין נישט געטאָרט איינשטעלען און ריזיקירען מיט אַ צוזאַמענפֿאָר אין רוסלאַנד. ס'האָבען געדאַרפֿט זיין אַ סאַך מער דעלעגאַטען און דער עיקר — מען האָט געמוזט האָבען אַ פֿרייען קאָפּ און רוהיגע נערווען און גענוג צייט צו בעטראַכטען אַלע פּונקטען פֿון דער רייכער טאָג-אָרדנונג. איז געבליבען, אַז דער צוזאַמענפֿאר זאָל פֿאָרקומען אין קראָקע. ס'איז אי נישט ווייט, אי לייכט צו „שוואַרצען“ די גרעניץ, און דאָס וויכטיגסטע: די עסטרייכישע פּאַרטיי, ספּעציעל די חברים אין קראָקע האָבען איבערגענומען אויף זיך די

גאַנצע טעכנישע איינאָרדענונג פון צוזאַמענפאָר.

גלייך נאָכן צוזאַמענפאָר דאַרף פאַרקומען די אַלוועלטליכע קאָנפערענץ פון פועלי-ציון. דיזעלבע פראַגע, וועלכע באַראָכאָוו האָט ערשט נישט לאַנג צוריק בערירט אין „אונזער פלאַטפאָרם" וועגען אַן אַלוועלטליכער אָרגאַניזאַציע פון יודישען פראָלעטאַריאַט, איז אויפגעשוואומען ביי די פועלי-ציון אויך אין אַנדערע לענדער. די פועלי-ציון אין עסטרייך האָבען אין „יודישען אַרבייטער" אָנגעהויבען שרייבען וועגען אַן אַלוועלטליכען צוזאַמענפאָר. די פועלי-ציון פון פאַלעסטינאַ האָבען זיך וועגען דעם געווענדעט אפילו מיט אַ בריף צו אַנדערע לאַנד-אָרגאַניזאַציעס און אַט האָט אויך די אַמע-ריקאַנער פועלי-ציון פאַרטיי אָנגענומען אַ בעשלוס אויף אירען אַ צוזאַמענפאָר וועגען דעמזעלבען ענין.

ס'איז נאָך נישט קלאָר געווען, וואָס וועט זיך אויספיקען פון דעם פאָרשלאַג. ס'איז אָבער לכל הדעות רייף געווען די בע-דערפעניש זיך צונויפטרעפען, צונויפרעדען. קודם כל טאַקי וועגען אַ געמיינזאַמער טאַקטיק אויפן ציוניסטישען קאָנגרעס, אין וועלכען אַלע פועלי-ציון אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך בעטייליגט. מ'דאַרף שאַ-פען אַ איינהייטליכע פראַקציע, וועט איר ווירקונג זיין גרעסער. נאָך מער איז צייטיג געווען די פראַגע וועגען אַ געמיינזאַמער רעאַלער פאַלעסטינאַ-אַרבייט. אפילו די הייסעסטע חסידים פונם אנטייל אין ציוניסטישען קאנגרעס האָבען געהאַלטען, אַז מ'דאַרף נאָך עפּיס טון אויסערן קאנגרעס, כדי דורך דעם צו פאַרשטאַר-קען די פּאָזיציעס אויפן קאָנגרעס. האָבען זיי זיך אַלע אינסטינ-קטיוו געצויגען און געריסען צו זעלבשטענדיגער אייגענער פאַ-לעסטינאַ-טעטיגקייט, וועלכע זאָל נישט זיין אָפּהענגיג פון קאָנגרעס. האָט אַזאַ געמיינזאַמער צוזאַמענפאָר געזאָלט זיך צונויפרעדען וועגען דער דאָזיגער אַרבייט און טאַקי אויסקלייבען אַ ביוראָ אויף אנצופירען מיט איר.

און נאָך איין פונקט איז צו דער צייט געוואָרען אַקטועל אין די פועלי-ציון רייען פון פאַרשידענע לענדער — די בעציהונג צום סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל. אין מערץ 1907 האָבען די צענטראַל-קאָמיטעטען פון די פועלי-ציון פאַרטייען אין רוסלאַנד, עסטרייך און אמעריקאַ זיך געווענדעט מיט אַ מעמאָראַנדום צום אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען ביוראָ וועגען זייער צוטריט צו אים, וועגען דער נויטיגקייט פון אַ יודישער סעקציע און וועגען זייערער אַ פאַרטרעטונג אינם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָ-נאַל. באַראָכאָוו האָט זיך אַקטיוו בעטייליגט אין אויסאַרבייטען דעם מעמאָראַנדום און געחתמעט אים אין נאָמען פון דער פאַרטיי ד. ש. (דער שטענדיגער). מיט אַ מעמאָראַנדום האָבען זיך אויך גע-

ווענדעט די ס. ס. וועגען אויפנעמען זיי אין סאצ. אינטערנאציאָנאַל. דאס ביוראָ האט ביידע מעמאָראַנדומס איבערגעשיקט צו דער רוסישער סעקציע, ווי אַן אָנגעלעגענהייט פון פּאַרטייען אין רוסלאַנד. נאַטירליך האָבן זיך די פּועלי־ציון נישט געקאָגט צופרידענשטעלן מיט אַזאַ בעשלוס, ווייל זיי איז דאָך געגאַנגען גראָד אין דעם, אַז די יודען־פראַגע זאָל אויפהערען צו זיין אַ ענין פון איין לאַנד, אַ שטייגער רוסלאַנד, נאָר זאל אויפגעפאַסט ווערען ווי אַ פראַגע פון אַ בעזונדער פּראָלעטאַריאַט פון אַ בעזונדערער נ אַ צ י ע, ווי אַ פראַגע פון אַלוועלטליכען יודישען פּראָלעטאַריאַט. דער געפּלאַנטער אַלוועלטליכער צוזאַמענפאָר האט, בכן, געהאַט צו בעטראַכטען אויך אט די פראַגע און אנצייכענען קאנקרעטע שריט אין דער ריכטונג צו געווינען די סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלע וועלט פאַר דער נייער אויפפאַסונג פונם יודישען נאַציאָנאַלען פּראָבלעם און פון די אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרמען פון יודישען אַרבייטער־קלאַס.

דער רוסישער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט געדאַרפט בעצייטענס אויסאַרבייטען דירעקטיוועז פאַר זיינע פּאַרטרעטער סיי אויף דעם אַלוועלטליכען צוזאַמענפאָר און סיי אויפן קאָנגרעס, שוין אפגערעדט וועגען גאַנצען שלל פּאליטישע און ארגאַניזאטארישע פראַגען, וואס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו רוסלאַנד גופא.

באָראָכאָוו פאָרט אַריבער קיין קראָקע בעצייטענס, כדי צו מאכען אויפן אָרט אַלע נויטיגע הכנות. אויפן וועג אַהין פאַרברענגט ער אַ גאַנץ קורצע צייט אין ווילנע, שפּעטער אין וואַרשע און אין לאָדזש, וואו ער טרעט אַרויס אויף אינערליכע פּאַרטרויליכע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, און אין יולי שוואַרצט ער די גרעניץ ביי בענדין. אין קראָקע הויבט זיך אָן אַ פיבערדיגע פּאַרטיי־אַרבייט. ער פירט א ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט רוסלאַנד און אויסלאַנד, רעאַגירט אויף די וויכטיגסטע טאָג־פראַגען און אינטערעסירט זיך מיט אַלע טעכנישע קלייניגקייטען ביים צוגרייטען דעם צוזאַמענפאָר און דעם אָנקום פון די דעלעגאַטען. אין דערזעלבער צייט בעטייליגט ער זיך אויך אין דער פּאַרטיי־אַרבייט פון די אָרטיגע עסטרייכישע חברים, האַלט רעפעראַטען און ד. ג.

אנהויב אויגוסט 1907 קומט פאָר דער 4־ער אָרדענטליכער צוזאַמענפאָר פון דער י. ס. ד. א. פּ. פּועלי־ציון אין רוסלאַנד. דעם צוזאַמענפאָר עפענט באָראָכאָוו און ער גיט דעם טאָן אויף זיין גאַנצער אַרבייט. די פּאַרטיי האָט געוואָקסען. אויפן צוזאַמענפאָר האָבן פאַרטראָטען דעלעגאַטען פון די ראַיאָנען: קרימער, קיעווער, פּאָלטאַווער, צענטראַל־רוסישער, דרום־מערב'דיגער, ווילנאָ־פּינסקער, לאָדזער, ביאַליסטאָקער, פון וואַרשע, וולאָצלאַוועק, פּלאָצק, בענדין, טשענסטאָכאָוו און אַ סאַך אַנדערע. ס'זענען געקומען דורכאויס דע־

לעגאַטען פון די ערשטע, חברים אַרבייטער און אינטעליגענטען, וואָס זענען אויסגעקאָכט אין דער טאָג-טעגליכער פּאַרטיי-אַרבייט און איצט נעמען שוין אַלע דעלעגאַטען אַן אַקטיווען אָנטייל אין צוזאַמענפאָר. פאראַן אַפּאָר פראַגען, וועלכע רופען אַרויס בעזונדערע הייסע חלוקי דעות. קדם כל די פראַגע וועגען דער בעגרינדונג פונם פּאַלעסטיניזם, וואו די מערהייט דעלעגאַטען פון פוילען פירען אַריין פּרינציפּיעלע אידעאָלאָגישע מאָטיוען. ס׳גייט, בכן, אַ קאַמף צווישען פּרינציפּיעלען און פּראָגנאָסטישען פּאַלעסטיניזם. נישט ווינציגער ליידענשאַפטליך איז דער קאַמף אַרום דער פראַגע וועגען דער בעציהונג צו דער רוסישער דומע. דאָס נעמליכע ווערט שאַרף דעבאַטירט די פראַגע וועגען פּאַרטייאישע אָדער אומפּאַרטייאישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

באָראָכאָוו איז שוין אַ „צד", ער האָט שוין אין אַ סאַך פראַגען אָפּאָנענטען און געגנער. אָבער אויך איצט רופט ער אַרויס צו זיך די גרעסטע אַכטונג און טיפסטען דרך ארץ צוליב זיין גרינטליכקייט און ערליכקייט אין די דיסקוסיעס און צוליב דעם ווייל כסדר און ביי אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען קומט בולט אַרויס דער טיפער אָרגאַנישער פּאַרטיי-אינטערעס און די זאָרג פאַר דער בעוועגונג. אזוי, למשל, האָבען אייניגע דעלעגאַטען אריינגעטראָגען דעם פאָרשלאַג, מען זאָל אַראָפּנעמען די ווערטער „פועלי-ציון פון פּאַרטיי-נאָמען. זיי האָבען אָנגעוויזען, אַז די דערמאָנטע ווערטער זענען אַן אַנאַכראָניזם, אַן איבערלעבעניש פון אַלטע צייטען און אַנשפּרעכען לגמרי נישט דעם איצטיגען פּאָליטישען מהות און כאַראַקטער פון פּאַרטיי. מיר זענען נישט קיין „אַרבייטער פון ציון", האָבען זיי געטענה׳ט, נאָר די יידישע סאָצ. דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. דער נאָמען גיט נאָר שטאָף די געגנער, כדי פאַרצושטעלען די בעוועגונג אין פאַלשער ליכט פאַר יענע, וואָס קענען אונז נישט.

באָראכאָוו איז שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען דעם פאָרשלאַג. מען קען אונז שוין אויף דער יודישער אַרבייטער גאַס, האָט ער געהאַלטען דוקא אונטער ד ע ם נאָמען. קיינער זעצט נישט איבער די העברעישע ווערטער און טייטשט זיי נישט. ס׳איז אַ נאָמען, וועלכען מען נעמט-אויף אַזוי ווי ער איז. פּירושים צו אים קאָן און וועט געבען, נאָר אונזער לעבעדיקע טעטיגקייט. מיר האָבען די העברעישע ווערטער אָנגעפילט מיט אַ נייעם קאָנקרעטען, רעוואָלוציאָנערען אינהאַלט. גרייליך פאַרקערט, אויב מיר זאָלען איצט בייטען דעם נאָמען, וואָלט מען עס אויסגעטייטשט. ווי אַן אָפּזאָג פון יענע עקרים אויף וואָס פועלי-ציון אַלס פּאַרטיי האָבען זיך געשטיצט און אָנגעשפּאַרט.

און באָראכאָוו האָט מנצח געוועזן.

דער צוזאַמענפאָר האָט געהאַט אויך אַ שווערען פּיינליכען מאָמענט, ווען מ'האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז אַ סאַך פון די אָנפיי־רענדע חברים וועלען זיך איצט נישט קאָרען אומקערען קיין רוס־לאַנד און די בעוועגונג וועט זיי נישט האָבען ביי דער טאָג־טעג־ליכער לויפענדער אַרבייט. עובדיה איז געקומען צום צוזאַמענפאָר שוין ווי אַ דעלעגאַט פון דער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינאַ, כּתריאל (ל. כאַזאַנאָוויטש), וועלכער האָט זייער אַקטיוו געאַרבייט אין ליטע און אין פּוילען, האָט געמוזט בלייבען אין עסטרייך, אַלס רעדאַק־טאָר פון „יודישען אַרבייטער". זאַר (זעליג ראַבינאָוויטש פון מינסק) אַ ערשט אויפגעקומענע ערנסטע טעאָרעטישע קראַפט איז איינגעלאַדען געוואָרען קיין אַמעריקאַ צו רעדאַגירען דעם „יוד קעמפּפער". רחל גאלדין האט זיך אויך געקליבען קיין פּאַלעס־טינאַ. ועל כולם — באראכאוו האט זיך נישט געטאָרט אומקע־רען צוריק. אין רוסלאַנד, גופא איז דער אפּגאַנג פון דער רעוואָ־לוציאָנערער שטימונג געווען אין פּולען פאַרנעם, די אַפּאַטיע האט זיך אַריינגעריסען אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דער אַרבייטער־שאַפט און אנגעמאַכט דאָרטען חורבן און פאַרוויסטונג.

אַנדערע פּאַרטייען האָבען שוין געהאַט לאַנג־יאָריגע ער פאַרונג, גוט־איינגעפונדעוועטע אַפּאַראַטען, און זיי האָבען זיך דעריבער געקאָנט, ווי נישט איז, אַן עצה געבען און איבערקומען די שווערע צייט. די פּועלי־ציון פּאַרטיי איז געווען די יונגסטע און זי האָט נאָך נישט בעוויזען צוזוגרייטען פאַר זיך די נויטיגע הינטער־פּאָזיציעס, וואו זי זאל קאָנען אָפּטרעטען און איבערוואַר־טען. איז די שטימונג געווען אַ שווערע, אַ דריקענדע. אָבער באָ־ראָכאָוו איז געווען איינער פון די, וואָס האָבען געוועקט מוט און גלויבען ביי אַלע; מען איז געווען זיכער, אַז ער וועט אויך פון וייטען ערפילען זיין פליכט ערליך און טריי און וועט טון אַלץ, וואָס איז מעגליך, כדי די בעוועגונג זאל נישט פילען זיין אָבוועזענהייט. האט ער געדינט ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע יונ־געדע חברים, וועלכע האבען אויף זיך איבערגענומען די אחריות פאַר דער פּאַרטיי־אַרבייט אין די נייע בעדינגונגען פון רעאַקצי־אָנערען רוסלאַנד און אַפּאַטישער, דערשלאָגענער יודישער אַרבייטערשאַפט.

פון קראָקע פארט באָראָכאָוו אין דער דעלעגאַציע צום 8־טען ציוניסטישען קאָנגרעס און צום אַלוועלטליכען פּועלי־ציון צוזאַ־מענפאָר. אויפן קאָנגרעס האָט זיך באָראָכאָוו געפילט זייער שלעכט. אויפן קראָקעווער צוזאַמענפאָר זענען שוין געווען אַ סאַך דעלעגאַטען געגען אנטייל נעמען אין ציוניסטישען קאָנגרעס. דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען אַ בעשלוס נור וועגען אנטייל אין 8־טען קאָנגרעס

און די פּרינציפּיעלע פראַגע פּאַקטיש געלאָזען אָפען. מען האָט נישט געוואָלט אַליין בעשליסען איבער איר, בעת מען איז געשטאַנען ערב דעם אַלוועלטליכען צוזאַמענפאָר. באָראָכאָוון איז דערווידער געווען די חברותא מיט די בירגערליכע ציוניסטען און ער האָט זיך אפט געפילט שאָקירט און געטראָפען פון דעם, ווי דער קאנגרעס האָט זיך אויפגעפירט און געהאַנדעלט. די איבעריגע דעלעגאַטען פּועלי-ציון פון עסטרייך און אַמעריקא האָבען זיך געפילט גאַנץ בעקוועם און זענען אפילו געווען שטאַרק אונצופרידען מיטן „טאָן” פון די רוסישע חברים. דאָ האָט געווירקט אין אַ גרויסער מאָס דער פאַקט, וואָס די עסטרייכישע און צוזאַמען מיט זיי די אַמעריקאַנער פּועלי-ציון האָבען געהאַלטען אַן עולם ומלואה פון דער זידלונגס-געגנאָסענשאַפט און זענען, מהאי טעמא, געווען אויפן זיבעטען הימעל צוליב דער רעזאָלוציע פון קאָנגרעס אַז דער פּאַלעסטינאַ-אַמט זאל שטודירען ספּעציעל די פראַגע וועגען זידלונגס-געגנאָסענשאַפט אין פּאַלעסטינאַ. באָראָכאָוו, ווידער, ווי אַלע רוסישע חברים, איז געווען אַ אויסגעשפּראָכענער געגנער פון דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניזאַציע, בפרט, ווען ביי אירע פּועלי-ציוניסטישע חסידים האָט זי געגאָלטען, ווי דער איינציגער וועג צום סאָציאַליזם אין פּאַלעסטינאַ. באָראָכאָוו האט כל ימיו בעקעמפט אַ ז א וועג צום סאָציאַליזם, אין בעסטען פאַל האָט ער געקאָנט אפּשאַצען דעם ווערט פון אַזאַ קאָלאָניזאַציאָנס-עקספּערימענט, אָבער בפירוש געוואָרענט, אַז דאָס איז נישט און טאָר נישט זיין קיין קלאַסען-אויפגאַבע פון פּראָלעטאַריאַט. שוין אויפן 8-טען ציוניסטישען קאָנגרעס האָט זיך ביי באָראָכאָוון דערוועקט דער ספק אין דער צוועקמעסיגקייט און פּרוכטבאַרקייט פון אנטייל אין ציוניסטישען קאָנגרעס און פון דאַן אָן האָט ער אָנגעהויבען צו פירען אַ שטאַרקע אַגיטאַציע פאַר איבעררייסען אַלע אָרגאַניזאַציאָנס-בעציהונגען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

בשעת דעם קאָנגרעס, פון 14-טען ביזן 20-טען אויגוסט, איז אין האַג פאָרגעקומען אויך די ערשטע וועלט-קאָנפערענץ פון די „יודישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטייען פּועלי-ציון”, ביי דעם אנטייל פון 21 דעלעגאַטען פון רוסלאַנד, עסטרייך, אַמעריקאַ, פּאַלעסטינאַ, און מיט בעראַטונגס-רעכט פאַרטרעטער פון פראַנקרייך, רומעניען, שווייץ, ענגלאַנד און בעלגיען. מ'האָט נישט בעוויזען קיין סאַך אויפצוטאָן, ווייל די זיצונגען זענען פאָרגעקומען בלויז בעת די הפסקות אין די קאָנגרעס-פאַרהאַנדלונגען. אָבער ס'איז געלעגט געוואָרען דער יסוד פאַר אַ נייער אָרגאַניזאַציע, ס'איז געבילדעט געוואָרען דער אַלוועלטליכער „י ו ד י ש ע ר  ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר  אַ ר ב י י ט ע ר  פ אַ ר ב אַ נ ד  פּ ו ע ל י-צ י ו ן”, וואָס האָט

אין די שפּעטערע יאָרען, בפרט אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה און נאָך איר, געשפּילט אַזאַ אנגעזעהענע ראָל אין דעם קאַמף פאַר די רעכט פון יודישען פּראָלעטאַריאַט און פאַר זיינע לאָזונגען סיי אין דער יודישער סביבה און סיי אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער משפחה. דאָרט איז אָנגעמערקט געוואָרען דער וועג פאַר פּראָלעטאַרישער אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ און ס'איז שוין געוואָרפען געוואָרען דער לאָזונג וועגען אַן אייגענעם פינאַנץ-אינסטיטוט — דעם פּאַלעסטינאַ אַרבייטער פאָנד. מ'האָט זיך נישט געקאָנט אייניגען אויף אַן איינהייטליכער פּלאַטפאָרם און טאַקטיק פאַר די פּאַרטייען פון די פאַרשידענע לענדער. מ'איז אָבער געקומען צו דער נויטיגקייט פון איין ליניע און פּרינציפּ פאַר דער געמיינזאַמער אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ. ס'איז ענדליך אויך אויסגעוויילט געוואָרען אַ פאַרבאַנדס-ביוראָ צו אָנפירען מיט אַ געמיינזאַמער אַרבייט סיי בנוגע פּאַלעסטינאַ און סיי בנוגע דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל. באָראָכאָוו האָט גענומען אַ טיכטיגען אנטייל אין דער אַרבייט פון דער וועלט-קאָנפערענץ און אין דער אויסאַרבייטונג פון אירע בעשלוסען, בפרט, אַז אין די הויפּט-פראַגען איז ער זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט דער ווייט-גרעסטער מערהייט דעלעגאַטען, וועלכע זענען נאָך געווען אַ היבש ביסעל אנגעלאָדען מיט בירגערליך-ציוניסטישע געדאַנקען און פּלענער מען האָט זיך אָבער געמוזט רעכענען מיט זיינע מיינונגען אויך דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרטראָטען די רוסישע פּאַרטיי, די פּאַרטיי אין לאַנד פון בלוטיגען צאַריזם און רעוואָלוציאָנערען קאַמף. אין פאַרבאַנדס-ביוראָ האָט די קאָנפערענץ געוויילט בלויז צוויי חברים, וועלכע האָבען געדאַרפט שפּעטער צו זיך צוקאָאָפּטירען נאָך מיטגלידער. די צוויי געוויילטע זענען געווען באָראָכאָוו און קאַפּלאַנסקי.

נאָך האַג פאָרט באָראָכאָוו קיין בעלגיען און קיין דייטשלאַנד. אין בערלין פאַרבלייבט ער אַ פּאָר וואָכען, און קערט זיך אום צוריק קיין קראָקע, כדי זיין נעהענטער צו דער פּאַרטיי-אָנפירונג אין רוסלאַנד. ער לעבט דאָ אין שרעקליכער מאַטעריעלער דחקות. גאַנץ אָפט הונגערט ער אונטער. אין דערזעלבער צייט אַרבייט ער אינטענסיוו און נישט אַלע אַפילו פון די נאָהענסטע חברים ווייסען, אין וואָס פאַר אַ פינאַנציעלער לאַגע ער געפינט זיך. באָראָכאָוו ווערט גיך אויסגעבונדען מיט די קראָקאָווער חברים. ער איז צו אַלעמען צוגעלאָזען, ווייזט אַרויס אַ בעזונדער אינטערעס צו דער יוגענד-אָרגאַניזאַציע, וואָס בליט אין גאַנץ עסטרייך, בפרט אין קראָקע. ער פאַרברענגט גאַנצע אָוונדען מיט די יוגענדליכע אין קלוב און אין קאַפע-הויז און

חברה רינגעלט אים אַרום מיט אמת'ער ליבע און פאַרהערליכונג ווי זעלטען אַן אַנדערען חבר. אין עסטרייך האָבען נאָך די פאַרטיי-אינטעליגענטען געהאַלטען די פשוטע חברים, א פשיטא יוגענדליכע אויף אַ ווייטער דיסטאַנץ און אודאי איז קיינעם פון זיי נישט איינגעפאַלען צו פאַרברענגען מיט אַזעלכע חברים נישט אין די שעהן פון פאַרטיי-אַרבייט. אין דער דאָזיגער אָנגעצויגענער אַטמאָספערע פון אויסערליכער העפליכקייט און אינערליכער קאַלטקייט האָט באָראָכאָוו ממש בעצויבערט און אפגעפרישט מיט זיין אויפריכטיגער איינפאַכקייט און חברישער וואַרעמקייט.

זיין אַרבייט ווערט כסדר פאַרשידענאַרטיגער און פאַרביגער. פרץ בעזוכט קראָקע און בשעת דעם קבלת פנים האַלט באראָכאָוו אַ גייסטרייכע רעדע וועגען דער שייכות פונם דיכטערישען שאַפען און פאָליטישען קאַמף. ער רעפערירט וועגען דער וועלט-קאָנפערענץ און טרעט אויף אין דער דיסקוסיע, וועלכע האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער פראַגע וועגען אָנטייל אין קאָנגרעס און אין ציוניסטישער אַרבייט. ער לייענט אַ סאַך; ער שלינגט ממש ביכער. ער האָט נאָך אויפגעהיט דעם פלאַמיגען חשק צו פאַרשידענע געביטען פון דער וויסענשאַפט און אומעטום פילט ער זיך, ווי אַן אייגענער.

גראָד אין דער צייט פאַלט צו אים אַריין דאָס נייע בוך פון אַ לונאַטשאַרסקי „רעליגיע און סאָציאַליזם". באָראָכאָוון אינטערעסירען נאָך פון די יוגענד-יאָרען די פראַגען, וואָס ווערען בעריירט אינם בוך. לונאַטשאַרסקיס ווערק רעגט אים אויף און וועקט אין אים דעם אינטערעס קלאָר צו מאַכען זיין אייגענע שטעלונג צו די זעלבע פראָבלעמען. ער האָט נישט קיין געלט צו פאַרשאַפען זיך דאָס בוך און ער איז געצוואונגען אַליין כמעט דעם גאַנצען ספר איבערצושרייבען, כדי צו קאָנען זיך מיט אים בענוצען פאַר דער געפלאַנטער אייגענער גרעסערער אַרבייט איבער דער בעציהונג פון מאַרקסיזם צום רעליגיעז-עטישען פראָבלעם. דאָס איז נישט געווען דער איינציגער פאַל; גאַנץ אָפט איז באָרכאָוון אויסגעקומען אַליין איבערצושרייבען פאַר זיך אין די ביבליאָטעקען דיקע ספרים, וועלכע ער האָט געברויכט צו דער אַרבייט און וועלכע ער איז נישט געווען ביכולת צו קויפען פאַר געלט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעצייכענט מיט קיין צו גוטער ראיה, און אַזא ספּעציעלע אָנשטרענגונג האָט געווירקט שעדליך ביז גאָר אויף זיינע אויגען. ס'פלעגט נישט זעלטען פּאַסירען, אַז ער האָט געמוזט אויף אַ געוויסע צייט אויפהערען אַליין צו לייענען און צו שרייבען, כדי געבען עפּיס אַן אָפּרוּ די אויגען. כאַראַקטעריסטיש, אַז צוליב אָט דער נויטיגקייט איבער-

שרייבען גאַנצע ספרים, ווי אויך צוליב זיין טיפען אינטערעס תּמיד צו פאַרשרייבען ווי ווייט מעגליך אויספירליכער רעפעראַטען, דעבאַטען און טענות פון די געגנער, האָט באָראָכאָוו אויסגעטראַכט אַ אייגענעם שיפער, אַ מין סטענאָגראַפיע. דערמיט האָט ער דערגרייכט אַ בעדייטענדע עקאָנאָמיע פון צייט און ענערגיע. שפּעטער האָט ער אויך זיינע אייגענע ווערק אין רוסיש געשריבען מיטן זעלבען נוסח, האָט אויף אַזאַ אופן די פעדער געקאָנט כאָטש אין אַ געוויסער מאָס נאָכיאָגען דעם איילענדיגען געדאַנק און אַרויפּפּאַקען אים אויפן פּאַפּיר.

אָנהויב 1908 ערשיינט אין ווילנע אַ זאַמעלבוך „די יוגענדשטימע" אָנשטאָט די פאַרמאַכטע פּעריאָדישע זשורנאַלען. באָראָכאָוו בעזאָרגט פון דער ווייטען אייניגע אַרטיקלען פון אַנדערע מחברים און שיקט צו אויך זיינעם אַ אייגענעם גרעסערען אַרטיקעל „צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין בעלגיען" ביז איצט האָט ער געהאַט צו טון מיטן נאַציאָנאַליטעטען-פראָבלעם אין רוסלאַנד, טערקיי און עסטרייך, וועלכע פאַרמאָגען אין דעם פּרט געוויסע ענליכע שטריכען. איצט ווענדעט באָראָכאָוו זיך צו בעלגיען, וואו די נאַציאָנאַלע פראַגע איז שוין געלעזט, און וועלכע קאָן, בכן, גילטען, ווי אַ צוקונפט-בילד פאַר לענדער, וועלכע זוכען ערשט אַ תּשובה אויף דער זעלבער פראַגע.

נאָך אַ אויספירליכען אַנאַליז פון די דאָרטיגע פאַרהעלטנישען און אַ שפע ציפערען און פאַרגלייכונגען קומט באָראָכאָוו צום פאָלגענדען אויספיר:

1) די נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג האָט נישט נור נישט פאַרפעסטיגט די שוואַכערע נאַציע אין איר אָפּגעזונדערקייט, נאָר פאַרקערט, זי האָט געבראַכט צום פאַרשווינדען פון דער נאַציע, צו דעם, זי זאָל זיך אַסימילירען מיט דעם שטאַרקערען פאָלק.

2) די פאַרמישונג פון די נאַציעס האָט געפירט מיטן גאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג נישט צו נאַציאָנאַלער בעזונדערהייט און אויטאָנאָמיע, נאָר דורך גלייכבערעכטיגונג צו דער אַסימילאַציע.

3) דאָס איז מעגליך נאָר דערפאַר, ווייל צווישען ביידע פעלקער איז נישטאָ קיין שטאַרקער עקאָנאָמישער אונטערשיד, ווייל ביידע פעלקער האָבען זיך עקאָנאָמיש נאָרמאַל ענטוויקלט; ביי אַן אונגאָרמאַלער נאַציע וואָלט אַזאַ אַסימילאַציע געווען אונמעגליך

4) ווען אין איין לאַנד טרעפען זיך אָן אָפּגעשטאַנענערע, מער לאַנדווירטשאַפטליכע נאַציע מיט אַ מער פאָרטגעשריטענער, מער אינדוסטריאַליזירטער, הויבט זיך אָן אַ קאַמף, וועלכער ברענגט דערנאָך צו גלייכבערעכטיגונג און דורך דעם צו נאַצ. אַסימילאַציע.

דאָס זעלבע קאָנען מיר אויך האָפען וועט פאָרקומען מיט

דער צייט אויך אין עסטרייך, אין רוסלאַנד, אין טערקיי בכלל און פּאַלעסטינאַ בפרט, וואָס אָנבעלאַנגט אונזער פּראָגראַם, ערקלערט באָראָכאָוו, ווערט אונז קלאָר, דאָס נישט אַלע מאָל איז נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע דער עיקר. דאָס ברייטע אָרטיגע זעלבסטפאַרוואַלטונג צוזאַמען מיט נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג זענען גענוג צו בעפרידיגען די נאַציאָנאַלע בעשטרעבונגען פון אַ אונטערדריקטען פאָלק, אויב דער דאָזיגער פאָלק איז נאָר אָפּגעשטאַנען אין זיין עקאָנאָמישער סטרוקטור, אָבער ער ליידט נישט קיינע ספּעציפישע אַנאָמאַליעס אין דער הינזיכט.

אַלזא, „אויב איבעראַל וועלען זיך אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע פאַרהעלטנישען אַזוי ווי אין בעלגיע, מוז דאָס זעלבע אויך פאָרקומען אין פּאַלעסטינאַ ד. ה. דאָרט וועט זיך אויך אַ מער אָפּגעשטאַנענע, מער לאַנדווירטשאַפטליכע נאַציאָנאַלע מערהייט אַסימילירען מיט אַ מער אַנטוויקעלטער, מער אינדוסטריאַליזירטער נאַציאָנאַלער מינדערהייט: די אַראַבער וועלען זיך אַסימילירען מיט די יודען. דערפון איז אַלזאָ קלאָר, דאָס אויב אומעטום הערשען די זעלביגע אַנטוויקלונגס געזעצען, ווי אין בעלגיען, איז פאַר אונז, טעריטאָריאַליסטען, גאָר נישט נויטיג, יודען זאָלען אין פּאַלעסטינאַ באַלד פון אָנפאַנג שאַפען אַ מערהייט! זיי דארפען דאָרט פאַרנעמען די וויכטיגסטע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און אויב די יודען וועלען אפילו נישט זיין קיין מערהייט אין פּאַלעסטינאַ, אויב זיי וועלען אפילו נישט איבערגיין גלייך און איינפאַך צו דער לאַנדווירשאַפט, בעדייט דאָס דאך נישט קיין סכנה פאַר דער יודישער בעפעלקערונג אין פּאַלעסטינאַ, ביי איין בעדינגונג: יוד. זאָלען ניט פאַרבלייבען אויך אין פּאַלעסט. ביי זייער געוויינליכ. לופט-ווירטשאַפט.

באָראָכאָוו קאָן זיך נישט איינאָרדענען אין קראָקע און נאָך לאַנגע מאַטערנישען פאָרט ער ענדליך אַריבער קיין ווין, וואו ער בעזעצט זיך אויף אַ לענגערער צייט. ער הויבט אָן ארבייטען אין אוניווערסיטעט אויף עטליכע פאַקולטעטען גלייכצייטיג. ער ווערט אַ פלייסיגער בעזוכער פון דער גרויסער ווינער ביבליאָטעק, ער קניפט אָן בעציהונגען מיט צייטונגען און ווערט אַ קארעספּאָנדענט. ער שרייבט אַ גרעסערע אַרבייט אַלס תשובה אויף לונאטשאַרסקיס בוך. ער הויבט אָן שטודירען די געשיכטע פון דער יוד. אַרבייט. בעוועגונג; ער דערווייטערט זיך אַביסעל פון דער ענגערער אומלעגאַלער טעכנישער פּאַרטיי-טעטיגקייט אין רוסלאַנד, ציט זיך אַריין אין פּאָליטישע ארבייט פון גרעסערען פאַרנעם ביים פאַרבאַנדס-ביוראָ און גיט זיך אָפּ אַלץ מער זיין איינגעבוירענעם בערוף — דער ברייט-פאַרטראַכטער וויסענשאַפטליכער פאָרשונגס-אַרבייט.

ס'הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין באָראָכאָווס לעבען און שאַפען.

## נאָטיצען צו אַ ביבליאָגראַפיע.

באָראָכאָוו האָט אָנגעהויבען שרייבען זייער פרי און ער האָט געשריבען אַסאַך. אייניגע ערנסטע גרעסערע ווערק זיינע איבער די פּראָבלעמען פון עטיק, דערקענטניש טעאָריע, ניטשעס פילאָזאָפיע און ד. גל. זענען פאַרלוירען געגאַנגען אין כּתבֿ־יד ביי באָראָכאָווס יוגענט־תּלמידים און פריינט. אַ שלל אַרטיקלען איבער די פאַרשידענסטע וויסענשאַפטליכע און אַקטועלע פראַגען זענען צושפּרייט אין צענדליגער זשורנאַלען און צייטונגען אין איירָאָפּאַ און אַמעריקאַ. ליידער איז נאָך ביז היינט גאָרנישט געטון געוואָרען, כּדי צונויפצוזאַמלען דעם דאָזיגען רייכען פאַרשידענאַרטיגען מאַטעריאַל און ס'איז לגמרי אוממעגליך צו געבען אַ וויפיל ס'איז אויסשעפענדע פולע ביבליאָגראַפיע פון באָראָכאָווס ווערק. דאָ ווילען מיר פאַרצייכענען בלויז אַ טייל פון זיי, ווי ווייט דאָס האָט זיך אונז איינגעגעבען צו בעקומען און נאָכקאָנטראָלירען.

**וועגען כאַראַקטער פון יודישען שכל** (רוסיש) אַן אַרטיקעל אין זאַמלונג „ציוניסטישער אַלמאַנאַך“, אונטער דער רעדאַקציע פון אַ פריידענבערג, קרעמענצוג 1902־3 יאָר.

**צו די פראַגען פון דער ציוניסטישער טעאָריע** (רוסיש) אין דעם זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן“, פעטערבורג פעברואַר 1905.

**וועגען ציון און אַ טעריטאָריע** (רוסיש) אַרטיקלען אין „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן“ פאַר יוני־אָקטאָבער 1905, פעטערבורג

**די קלאַסען־מאָמענטען פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע** (רוסיש) דעצעמבער 1905, „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן“, פעטערבורג. דערנאָך איז עס דערשינען אין אַ בעזונדער בראָשור אין פאַרלאַג „קאַדימאַ“, אָדעס. אין **יודיש** דערשינען צום ערשטען מאָל אין פאַרלאַג „דער האַמער“, ווילנע, 1907 אונטערן נאָמען „די קלאַסען אינטערעסען און די נאַציאָנאַלע פראַגע“, אין איבערזעצונג פון ה. מיימון. אין **פוילישׁ** דערשינען אין דריי אויפלאַגעס אין וואַרשע, אין פאַרלאַג „מלאָט“, אין 1918.

פּאָסטאָיאַנני: **אונזער פּלאַטפאָרם** (רוסיש), געדרוקט אין די 3 נומערן „יעווריעיסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ כראָניקאַ“, פּאָלטאַווע 1906, אין נומ. 2 „מאָלאָט“, סימפעראָפּאָל 1906, און דער סוף אונטערן קעפּעל „**די ראָל פון יודישען פּראָלעטאַריאַט אין דער רעאַליזירונג פון טעריטאָריאַליזם**“. אין דער יודישער איבערזעצונג אין 3־טען נומ. „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק“ און אין 1־טען נומ. „פאָרווערטס“, ווילנע, 1907 יאָר

דערשינען אין אַ בוך פאָרם אין יודישער איבערזעצונג פון ש. פּאַ-לאַטניק, אָדעס, פאַרלאַג „דאָס נייע לעבען" 1919. אַריין אין ערשטען באַנד פון באָראָכאָווס שריפטען אין פועלי-ציון פאַרלאַג ניו-יאָרק 1920 אין איבערזעצונג פון א. וואָהלינער.

דאָנין: וואָס ווילען די פועלי-ציון? געשריבען אין רוסיש, אַלס לייט-אַרטיקעל פאַרן זשורנאַל „דער פּראָלעטאַרישער געדאַנק" און דערשינען אין יודיש ווי אַ בעזונדער בראָשור אין פאַרלאַג „דער האַמער", ווילנע 1907, שפּעטער ערשט אין רוסיש אין פאַרלאַג „פערעוואַל" מאָסקווא.

בר-דרומא: „אין דעם איבערגאַנגס מאָמענט" „פּראָלעטאַרישער געדאַנק" נומ. 1 1907, ווילנע.

בר-דרומא: „פאַר דער דומע" פּראָלעטאַרישער געדאַנק" נומ. 2 1907 ווילנע.

גערשענזאָן: „געדאַנקען איבער דער רעפּעטיציע פון די „עכט-רוסישע" צו זייער בענעפיס" „פּראָלעט. געדאַנק" נומ. 3 1907 ווילנע.

„די אויסגעקעמפטע דומע", „פּראָלעט. געדאַנק" נ. 3

בר-דרומא: „צייט-פראַגען", „פאָרוועַרטס" נומ. 1, 2, מאי און יולי 1907, ווילנע.

„פּראָיעקט פּראָגראַם פון צ. ק. פון י. ס. ד. א. פּ. פועלי-ציון", פאָרווערטס נומ. 2, 1907, ווילנע.

דאָנין: „אַ נייע פּשרות-פּראָגראַם", „פאָרווערטס" נומ. 2, 3, יולי 1907.

פּאָסטאָיאַנני: אָנהויב פון אַ גרעסערער אַרבייט, „די טעאָרעטישע יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע" „פאָרווערטס" נומ. 3, יולי 1907.

ב. באָראָכאָוו: צו דער נאַציאָנאַלער פּראַגע אין בעלגיע (יודיש) אין זאַמלבוך „יוגענדשטימע" 1908, ווילנע.

ב. באָראָכאָוו: ווירטואַליזם, און דאָס רעליגיעז-עטישע פּראָבלעם אינם מאַרקסיזם, (רוסיש) געשריבען אין יאָרען 1907 — 1908, דערשינען ערשט נאָכן טויט פון מחבר אין פאַרלאַג „מאָלאָט" מאָסקווע. 1920.

ב. באָראָכאָוו: „די יודישע אַרבייטער-בעוועגונג אין ציפערען" (רוסיש), געשריבען אין די יאָרען 1909, 1910, דערשינען ערשט נאָכן טויט אין מינסק, אין יודישער איבערזע-צונג אין יאָר 1924 אין פאַרלאַג פערדינאַנד אָסטערטאַג, בערלין, אַרויסגעגעבען דורכן פאַראייניגטען באָראָכאָוו-קאָמיטעט קאַפּיטלעכ-ווייז, געדרוקט אין דייטשען חדש זשורנאַל פון פּוע"צ. „דער יו-דישער אַרבייטער", ווין 1922 און אין חדש-זשורנאַל „דער נייער וועג" בערלין 1924,

ב. שטענדיגער: „ד י פ אָ ל י ט י ש ע ס י ט ו אַ צ י ע א י ן ר ו ס ל אַ נ ד“, אַ גרעסערער אַרטיקעל אין „דאָס פרייע וואָרט“ נום. 1, 2 1910, אָרגאַן פון צ. ק., י. ס. ד. אַ. פ. פועלי-ציון אין רוסלאַנד, רעדאַגירט אין ווין, געדרוקט אין לעמבערג.

דאָנין: „א י ן אַ מ ז ל ד י ג ע ר ש ע ה“, „דאָס פרייע וואָרט“ נום. 1, 1910.

שטענדיגער: „ו י אַ ז ו י ה אָ ט ז י ך ג ע ש פ אָ ל ט ע ן ד י י ו ד י ש ע אַ ר ב ײ ט ע ר - ב ע ו ו ע ג ו נ ג“, „דאָס פרייע וואָרט“ נ. 2, 1910

דאָנין: „וועגען בייזער קריטיק און יוריסטישער אַרגומענטאַציע“. באָראָכאָווס ערשטער אַרויסטריט אין שריפט געגען אָנטייל אין ציוניסטישען קאָנגרעס. אַ ענטפער בן-צבי און ש. קאַפּלאַנסקין. „דער יודישער אַרבייטער“ דעצעמבער 1909, לעמבערג.

ב. באָראָכאָוו: „א י ן ק אַ מ ף פ אַ ר ר ע כ ט“ (רוסיש), וואָכענשריפט „ראַזסוועט“, פעטערבורג 1911 נום. 2.

פּאָסטאָיאַנני: „ב ר י ף פ ו ן ע ס ט ר ײ ך“, ראַזסוועט 1911, נ. 2.
„ „די ג אַ ל י צ. אַ נ ק ע ט ע“, „ נ. 4.
„ „די פאָלקס ציילונג אין עסטרייך, „ „ נ. 5.
פ. (?) „די גאַליצישע שענקער אין ווין
און בודאַפעשט“, „ „ נ. 8.
פּאָסטאָיאַנני: „עקאָנאָמישער אנטיסעמיטיזם“, „ „ נ. 11/2.
באָראָכאָוו: „דער פאָליט. מאָמענט אין עסטרייך “ „ נ. 18.
„ „ד י י ו ד י ש ע פ אַ ר ט ײ ע ן א י ן ר ײ כ ס ר אַ ט“
1) אַסימילאַטאָרען-דייטשען, 2) פוילישע אַסימיל. ראַזסוועט 1911 נ. 20.
3) די רעפּרעזענטאַנץ פון די קראָקאָווער יודען,
4) פוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטען. „ „ נ. 21.
באָראָכאָוו: „דער וואַנדערענדער ישראל“
(וועגען פּאַסמאַניקס בוך) „ „ נ. 22.
פּאָסטאָיאַנני: די פּאָרוואַל-קאַמף. אין עסטרייך „ „ נ. 23.
„ „די בלוטיגע וואַלען אין דראָהאָביטש“ „ „ נ. 25.
„ „די גאַליצישע וואַלען“, „ „ נ. 26.
באָראָכאָוו: „סך-הכלען פון די עסטרייכישע וואַלען“, „ „ נ. 28.
פּאָסטאָיאַנני: „די דריטע וועלט-קאָנפערענץ פון פועלי-ציון„ „ „ נ. 35.
„ „בריף פון עסטרייך (דערגאַנצונגס-וואַלען. אַנטיציונ. קאָנצענטראַציע) “ „ נ. 36.
„ „די גסיסה פון אַ האַנדעלס-צווייג“ „ „ נ. 43.
„ „די וואַל-רעפאָרם אין גאַליציע“, „ „ נ. 42.

פּאָסטאָיאַנ. „בריף פון עסטרייך", „ראַזסוועט" „ נ. 2-51.
באָראָכאָוו: „די יודישע עמיגראציאָנס-פּאָליטיק", פאַרלאַג „ביל-
דונג", סטאַניסלוי, 1911.
בּאראכאוו: „אין גאַליצישען כאַאָס", „ראַזסוועט" 1912 נ. 5, 6.
פּאָסטאָיאַנני: בריף פון ווין (וועגען
זאמבאַרטס רעפער. מכּח יוד. און קאַפּיטאַליזם) „ „ נ. 7, 10.
באראכאָוו: „די געשיכטע פון דער שוואַרצ-
מאה'דיקער דעמאקר. אין עסטרייך " „ נג. 18-21.
פּאסטאיאַנני: „בריף פון לעמבערג", „ „ נ. 12, 13.
„ „די ווייִדענגאַפּער רעזאלוציע
און די יוד. סטודענטענשאַפט", „ „ נ. 20, 19
„ „אַ שטורעם אין אַ גלאז וואַסער" "
„ וועגען צוזאַמענפּאַר פון די טעריטאר.) „ „ נ. 26.
„ „דאס פּוילנע און געזונטע אין דעם
גאַליצישען יודענטום", „ „ נ. 2-31, 34
באראכאוו: „אַ פּאר ווערטער וועגען פּעולה
פון וויסען" 28.8 „ „ נ. 35.
(ווי ווייט אונז איז בעקאַנט, איז עס באראכאָווס ערשטער אַרויסטריט וועגען דער וויכטיגקייט פון יודישער פילאלאגיע און וועגען די אויפגאַבען פון די יוד. פילאלאגען אויסצופּארשען די יוד. שפּראַך)
פּאסטאיאנני: „דער עווכאַריסטישער קאנ-
גרעס און די יודען", „ „ נ. 6-37.
„די ווילנער קהילה און די וואַ-
לען צו דער פּאַרוואַלטונג", „ „ נ. 9-48,
באראכאוו: „דער יובל יאר פון דער יודישער אַרבייטער-בעווע-
גונג", „דער יודישער אַרבייטער", לעמבערג, 1912, איבערגעדרוקט אין ווינער „אונזער וואָרט" און בערלינער „אונזער בעוועגונג".
„ „צו דער געשיכטע פון דער פּועלי-ציון בעוועגונג (רו-
סיש) געדרוקט אין „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאפּעדיאַ"" פּעטערבורג. אין יודישער איבערזעצונג דער-
שינען דער פולער טעקסט נאכן טויט פון מחבר אין זשורנאַל „דער קאַמף", בערלין 1923. אַרטיקלען צו דער געשיכטע פון דער בעוועגונג פּאַרעפענ-
טליכט אויך אין „דער יודישער קעמפער", און אין „די וואַרהייט", ניו-יארק.
ב. ב. ווין. (די שטאט, איר געשיכטע, בעפעלקערונג און מערקווירדיגקייטען) (רוסיש) אין יעוור. ענציק-

לאפעדיאָ", פעטערבורג

באָראָכאָוו: "דער פּראָלעטאַרישער מה נשתנה". אַ וויסנשאַפט־ליכע היסטאָרישע אויספאָרשונג וועגען דער אַנט־שטייאונג פון פסח ביי יודען און ענליכע פריילינגס־יום טובים ביי אַנדערע פעלקער און דעם פּראָלעטאַ־רישען ערשטען מאי־יום־טוב. "דער יודישער אַרבייטער", לעמבערג 1912, "פאָלקסצייטונג" מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. אין העברעישער איבערזעצונג אין "האחדות", ירושלם.

ב. באָראָכאָוו: פסח־געדאַנקען פון אַן אַפּיקורס "דער יודיש. אַרבייטער", לעמבערג 1913.

" "די שוועריגקייטען פון פּועלי־ציוניזם", צוויי אַרטיקלען אין "דאָס וואָרט", פּעטערבורג; געדרוקט אויך אין יובל. נומער פון "דער יודישער אַרבייטער", לעמבערג 1913.

ב. באָראָכאָוו: "די אויפגאַבען פון יידישען פילאָלאָג", ערשטער טייל "דער פנקס" ווילנע 1913, אַרויסגעגעבען אַלס בעזונדער בראָשיור אין אָדעס 1919.

ב. באָראָכאָוו: "וועגן דער אָרטאָגראַפיע פון פאָריגן אַרטיקל" אַנטהאַלט די וויכטיגסטע יסודות פון דער היינטיגער אָרטאָגראַפיע, געדרוקט אין זעלבען "פנקס".

ב. באָראָכאָוו: "די ביבליאָטייק פון יידישען פילאָלאָג" ערשטער טייל "דער פנקס" 1913. דער צווייטער טייל אין אַ כמעט פאַר־ענדיגטער פאָרם געבליבען אין זיינע נאָך נישט געדרוקטע כתבים.

ב. דאָנין: "הינטער די קוליסען פון'ם ביילים פּראָצעס" דער־שינען אין בראָשיור־פאָרם, לעמבערג 1913.

ב. באָראָכאָוו: "צור יודישען אַרבייטער בעוועגונג" (דייטש) אין מ. קויפמאַנס "פּריישטאַט"

" "אַלל־יודישע פּראָבלעמע און דער סאָציאַליזמוס" (דייטש) אין מ. קויפמאַנס "פּריישטאַט".

" "העברעאיזמוס מיליטאַנס" "די יודישע וועלט" ווילנע, 1913 נ. 9.

" "אַווגוסט בעבעל" יוד. וועלט " נ. 8

" "גראַמאַטישע פרומקייט (אַ פּאָלעמיק מיט בעל־מחשבות) די יודישע וועלט נ. 12 1913.

" "אַ פּסיכיאַטאָרישע עקספּערטיזע (וועגען ש. גאָרעליקן) "די יודישע וועלט" נ. 12 1913.

פאָסטאָיאַנני: "אַ בריף פון לעמבערג "ראַזסוועט" נ. 2 "

באָראָכאָוו: "פּאַרוועלקטע אידעאָלאָגיע" " נ. 4—5 "

" "צום סינטעז פון נאַצ. ווערטן" " נ. 9 "

באָראָכאָוו: „שטערען אָדער בויען" „ראַזסוועט" נ. 9 1913.
פּאָסטאָיאַנני: „אַ בריף פון עסטרייך" „ נ. 5 „
„ „ווידער אַמאָל די ווײדענ-
האַפער רעזאָלוציע", „ נ. 21 „
„ „עסטרייך-יוד. יאָרצייטען „ נ. 23 „
פּאָסטאָיאַנני: „דער גאַליציאַנער סיים
און די יודען". „ נ. 29, 30 „
„ „דער קלאָגעדיגער סוף פון
אַ גרויסער זאַך", „ נ. 32. „
„ „די ווינער פּרעסע וועגען
קאָנגרעס", „ נ. 37, „
„ „די קאָנפערענץ פון פּועלי-ציון „ נ. 39 „
„ „אויסלענדישע אָפּקלאַנגען פון
וועלט-פּראָצעס (וועגען ביי-
ליס פּראָצעס)", „ נ.נ. 43—45 „
„ „אָנמעכטיגע ארויסדרייעכצען
(געגען סעמקאָווסקיס אָנפאַלען
אין פּעטערבורגער „צייט",
אויף באָראָכאָוון פאַר די ידיעות
אין זיינע קאָרעספּאָנדענציעס
וועגען דער בעציהונג פון אינ-
טערנאַצ. סאָצ. ביוראָ און פון
וויקט. אַדלער צום פּראָצעס", „ נ. 47 „
„ „פּראָפּעסיעס" (וועגען פּראָפּע-
סיאָנעלען צוזאַמענשטעל און
בילדונג פון דער יודישער בע-
פעלקערונג), „יעוור. ענציקלאָפּעדיאַ", „
„ „יודיש" (וועגען דער גערעדטער יוד.
שפּראַך), „יעוור. ענציקלאָפּעדיאַ" פּעטערבורג, „
„ „וואָס גיט דער קאָנגרעס דעם ציוניזם?" (געשריבען
פאַר דער מלחמה, נישט פאַרענדיגט), געדרוקט נאכן
טויט פון מחבר אין „אונזער בעוועגונג" נ.נ. 10-11,
בערלין, 1921.
„ „אַנטי-ציוניסטישע קאָנצענטראַציע„. מיט אַ הקדמה
פון אי. טש. (אַ. טשעריקאָווער) געשריבען פאַרן אויס-
ברוך פון דער וועלט-מלחמה, געדרוקט אין בראָשור-
פאָרם אין פאַרלאַג „וואָסטאָק", פּעטערסבורג 1918.
„די יודען-פראַגע אין רומעניע", „ראַזסוועט",
פּעטערבורג, 1914, נום. 3, 5.
„ „די עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פונם יודישען פאָלק",
אין „דער יודישער קעמפער" 1916, דערשינען
אין בראָשור-פאָרם, פאַרלאַג „ארבייטער היים"

ווארשע 1918 אין דייטש. פאַרל. פועלי־ציון, בערלין.

בן משה: „ביים ווינגעלע פון יודישען סאָציאַליזם״, (וועגען אהרן ליבערמאַן). „צוקונפט״, ניו־יאָרק 1916.

באָראָכאָוו: „כראָנאָלאָגיע פון דער יודישער קאָנגרעס בעוועגונג״, „דער יוד. קעמפער״ ניו־יאָרק, דערשינען אין אַ בראָשורע אין פארלאַג „אַרב. היים״ וואַרשע, 1918.

״ „מיטן פנים צו דער ווירקליכקייט״, „דער יודישער קעמפער״, ניו־יאָרק 1917, דערשינען אין בראָשור־פאָרם אין אָ ד ע ס און אין מ י נ ס ק 1918.

״ „רעכט און קאַמף פאַר רעכט״, און נאָך אַנדערע אַרטיקלען, געדרוקט אין אַ זאַמעל־בוך אונטער זיין רעדאַקציע „אין קאַמף פאַר רעכט״, ניו־יאָרק. 1917.

„פרץ־ביבליאָגראַפיע אין אַ ספּעציעלען פרץ־זאַמעלהעפט, ניו־יאָרק, 1917.

״ „שלום־עליכם־ביבליאגראַפיע״. אין די העפטען „ליטעראַטור״, ניו־יארק, 1917.

״ פאָרוואָרט. לינגוויסטישע און ביבליאָגרפישע בעמערקונגען. ווערטער־בוך. (אין מ. באַסינס אַנטאָלאָגיע „פינף הונערט יאָר יודישע פּאָעזיע״) פאַרלאַג „דאָס בוך״ ניו־יאָרק 1917.

״ ו ע ג ע ן ד י אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר פ ו ע ל י ־ צ י ו ן (פּאָלעמישע אַרטיקלען געגען זייער פּראָגראַם און טאַקטיק) געדרוקט אין די „פרייע אַרבייטער שטימע״, ניו־יאָרק, 1915.


---

באָראָכאָווס אַרטיקלען, נאָטיצען, רעצענזיעס און ד. ג. זענען געווען געדרוקט אונטער פאַרשידענע שוין אין דער איצטיגער רשימה געבראַכטע פסעוודאָנימען און גאָר אָן אונטערשריפטען אין פיל צייטשריפטען, זשורנאַלען, זאַמעלביכער פון גאָר דער וועלט.

גאַנצע פעק כתבים, נישט פאַרענדיגטע מאַנוסקריפטען, ספּעציעל אויפן געביט פון יודיש־פאָרשונג, אַ שלל פאַטאגראַפישע אויפנאַמען פון אַלטע זעלטענע ספרים אין די בערימטעסטע וועלט־ביבליאטעקען פון פּאַדואַ, רוים, לאנדאן, ניו־יארק און אַנד. זענען איבערגעבליבען נאָך באָראכאוון. אין זיינע בריף צו פריינט, בפרט צו ש. נ י ג ע ר ן זענען פאַראַן גאַנצע אוצרות, וויסענשאַפטליכע ידיעות און אָריגינעלע געדאַנקען און מיינונגען איבער די פאַרשידענסטע דערשיינונגען און פראַגען אין כל ערליי געביטען. פון פילאזאפיע, סאציאלאגיע, קולטור און פּאָליטיק. דאס אַלץ וואַרט דאָך אויף דער טרייער האַנט, וואס וועט עס צונויפזאַמלען פון ארבע פינות עולם, סאָרטירען, רעדאַגירען און אַרויסגעבען. ביז וואס וועט וואלט אבער נויטיג געווען לפחות צונויפצושטעלען אַן אויספירליכע ביאגראַפיע פון דעם אַלעם. אונזער רשימה איז אַ שוואכע התחלה דערפון. אדרבא, זאלען קומען אַנדערע, זי אויסבעסערן, פאַרריכטען און דער עיקר — דערגאַנצען.

דער לעזער ווערט געבעטן צו אויסבעסערן די בע־מערקטע וויכטיגערע פּע־דריסליבע גרייזן:

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| זייט | 3 | שורה | 2 | פון | אויבען | דאַרף זיין | 1917 | אָנשטאָט | 1918 |
| „ | 93 | „ | 10 | „ | „ | „ | זי | „ | זיך |
| „ | 96 | „ | 3 | „ | אונטען | „ | נאַציאָנאַלע | „ | נאַציאָנאַלע |
| „ | 106 | „ | 3 | „ | „ | „ | פּאַר | „ | פּאַל |
| „ | 128 | „ | 6 | „ | „ | „ | חברים נאָך די ווערט „פלעגן קומען" | | |
| „ | 135 | „ | 5 | „ | אויבען | „ | ראַבינאָוויטש | אָנשטאָט | האַלפּערין |
| „ | 155 | „ | 15 | „ | אונטען | „ | גערוסען | „ | גענוסען |
| „ | 160 | „ | 17 | „ | אויבען | „ | אַ פּשיטא | „ | אַ פּשוט |
| „ | 160 | „ | 24 | „ | „ | „ | דו | „ | די |
| „ | 162 | „ | 8 | „ | אונטען | „ | 1-טער | „ | 4-טער |
| „ | „ | „ | 6 | „ | „ | „ | אויך | „ | אויף |
| „ | „ | „ | 5 | „ | „ | „ | איז | „ | האָט |
| „ | „ | „ | 4 | „ | „ | „ | זענען געווען | „ | האָבען |
| „ | „ | „ | 3 | „ | „ | „ | מינסקער | „ | פּינסקער |
| „ | 163 | „ | 1 | „ | אויבען | „ | ערמער | „ | ערשטע |
| „ | „ | „ | 22 | „ | „ | „ | איבערבלייבעניש | „ | איבערלעבעניש |
| „ | 171 | „ | 6 | פון אונטען דאַרפען די ווערטער אין מינסק אַרויספאַלען. | | | | | |
| „ | 174 | „ | 15-16 | פון אויבען דאַרפען די ווערטער ערשטער טייל אַרויספאַלען | | | | | |
| „ | 176 | „ | 3 | פון אונטען דאַרף זיין ביבליאָגראַפיע אָנשטאָט ביאָגראַפיע. | | | | | |
| „ | „ | „ | 6 | „ | „ | „ | נאָך | „ | דאָך |
| „ | 107 | „ | 8 | „ | אויבען | „ | פּוילישע | „ | פּאָליטישע |
| „ | „ | „ | 17 | „ | „ | „ | פּוילישע | „ | פּאָליטישע |
| „ | „ | „ | 14 | „ | אונטען | „ | אדרבא | „ | אַרבייט |
| „ | 142 | „ | 15 | „ | אויבען | „ | איינצאַרטיגע | „ | אייגנאַרטיגע |
| „ | 148 | „ | 7 | „ | אונטען | „ | בינטעל | „ | ביסעל |
| „ | 156 | „ | 6 | „ | אויבען | „ | דעם | „ | צום |
| „ | „ | „ | 17 | „ | „ | „ | דעסגלייכען | „ | צוגלייכען |